ל. לאסאווין

# א נאכט
# אויפֿן ים כנרת

דערציילונגען

ISBN:0-657-12009-X

ל. לאסאווין

# א נאכט אויפן ים כנרת

## דערציילונגען

פאַרלאַג „ניי-לעבן"

תל־אביב, תש"ם — 1980



ל. לאסאווין — געצייכנט פון שלמה וויטקעוויץ

פונעם זעלביקן מחבר:

„צו דער זון"
„אַ חתונה אויפן באַרג לבנון"
„אויסגעוואָרצלטע מענטשן"
„אין שטענדיקן געראַנגל"

# אַ נאַכט אויפֿן ים כּנרת

דער אויטאָבוס האָט גענידערט צום ים כנרת. ס׳רוב טוריסטן, מידע פון אַ טאָג אַרומפאָרן און פון די איינדרוקן, וואָס די זיך בייטנדיקע לאַנדשאַפט רופט אַרויס, האָבן געהאַלטן פאַרוואָרפן די קעפּ אויף דֵי שטול־אָנלייגן און גענדרעמלט. דעם שאָפערס רייד וועגן דעם געשיכטלעכן הינטערגרונט פונעם געגנט זענען אַצינד קוים דערגאַנגען צו זיי...

ביי ראַשעל פעלדער האָבן זיך אין פאַרנעפּלטן מוח געוועקט שטיקלעך זכרונות פונעם נישט ווייטן עבר. זי צוריקגעפירט, ווי אַלע מאָל, ווען זי איז געבליבן אַליין, צום מקור פון אירע ליידן און מאַטערנישן. ס׳איז שווער געווען צו גלייבן, אַז די יונגע פרוי מיטן לענגלעך־איידל געזיכט און אויגן — שוואַרצע, טיפע, ווי אָפּגרונטן מיט אָנגעקליבענע אַנגסטן און שרעקן, זאָל האָבן פאַרמאָגט אַזוי פיל כוח און אויסדויער. אירע הענט מיט די דינע, שיין־פאָרמירטע פינגער, ווי אויסגעשניצט פאַר דער הנאה פון אייגענע און פריינד, האָבן אין די יאָרן פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גערייניקט דילן, געגראָבן גריבער, געזעגט ביימער און געאַרבעט ביי נאָך ענלעכע טוונגען. אַפילו דער אויסגעברענטער נומער אויפן האַנטגעלענק האָט נישט געמינערט זייער חן...

די בלאָק־עלצטע, הענריעטאַ שולץ, האָט בשעתו אויסגעפונען, אַז דאָס פופצן־יאָריק מיידל טויג זיך אויס צום נייען, האָט זי זי אַרויסגענומען, איין טאָג, פון דער פאַרטיע פרויען, וועלכע איז גע־גאַנגען יעדן קאַיאָר אויף שוואַרצאַרבעט, און זי געלאָזן ביי זיך. ראַשעל האָט געמיינט, אַז דער בייט וועט פאַרגרינגערן איר לעבן. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַנדערש. נישט נאָר האָט זי געדאַרפט באַ־דינען איר שוועמ־וואָגיקע האַרינטע, נאָר אויך זיצן לאַנגע שעהען ביי דער מאַשין, נייען און איבערנייען פאַר איר פאַרשידענע שמאָכ־טעס, און הונגערן פונקט אַזוי ווי פריִער...

הענריעטאַ האָט געהאַט אַ נאָיענדיקן פאַרדראָס, וואָס די פאַר־

דאַמטע יודין איז געווען, לויט די אָנגענומענע באַגריפן, מער ענלעך אויף אַן אַריערין ווי זי. ס'איז געווען אַ שפּיצל פונם טייוול אַליין, וואָס גראָד זי, אַ דייטשקע, זאָל פאַרמאָגן אַ קרומלעכע נאָז און דיקלעכע ליפּן. נישט איין מאָל האָט די בלאָק־עלצטע געוואָלט צוריקשיקן ראַשעלן צו דער פריִערדיקער עבודת־פּרך, ווו זי וואָלט, ווי אַ סך אַנדערע, לאַנג נישט געצויגן. נאָר עפּעס אַ משונהדיקער מאַזאָכיזם האָט עס נישט דערלאָזן. הענריעטאַ האָט געקוקט אויפן מיידל גלייך זי וואָלט שולדיק געווען אין אַלץ, וואָס די נאַציס שרייבן צו די יידן, נאָך מער! ווי זי וואָלט באַגאַנגען, שוין מיט איר אויסזען אַליין, אַ פאַרברעכן קעגן איר פּערזענלעך. זי פלעגט פלוצעם אָפּ־רייסן ראַשעלן פון דער מאַשין און פרעגן מיט אַ גיפטיק שמייכעלע:

— ווו האָסטו, יודין־הור, געקראָגן די בלאָנדע האָרע? — און פּויקן מיט אַ פינגער איבערן מיידלס נידעריק־געשאָרענעם קאָפּ. אָדער אַריינכאַפּן איר נעזל צווישן צוויי פינגער, ווי אַ שער, און דריקן אַזוי לאַנג ביז יענע איז גרין און בלוי געוואָרן, און די אַפּלען האָבן איר געענומען אַרויסשפּאַרן. הענריעטאַ איז דעמאָלט געווען אין אַ פוריע, און איר קליין, אומבאַמערקט וואָרצעלע אויף דער לינקער באַק האָט זיך צעפלאַמט, ווי אַ ווייַנפּערל...

די יונגע פרוי האָט געעפנט די אויגן. דער שאָפער האָט ווידער געהאַט עפּעס צו דערקלערן. ער האָט עס געטאָן אויף ענגליש און פראַנצויזיש. ס'רוב פּאַסאַזשירן זענען געקומען פון לענדער, ווו מ'רעדט אָט די שפּראַכן. ראַשעלס שכנה האָט זיך צוגעבויגן צו איר פונעם הינטערשטן זיץ און זיך נאָכגעפרעגט ביי איר, וואָס אַזוינס דער שאָפער טיילט מיט, ווייל זי און איר שוועסטער רעדן בלויז „יודיש". יענע האָט זיך נישט אומקוקנדיק, איר איבערגעגעבן אין קורצן דעם אינהאַלט, און זיך פאַרלאָרן אויף ס'ניי אינעם איבער־געריסענעם שטראָם פון זכרונות.

ס'איז געווען אויף מאָרגן, נאָך אַ נאַכט פון אַ ווילדער אָרגיע. ראַשעל האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן ראַמען דאָס הויז, איז פלוצעם אונטערגעקומען די בלאָק־עלצטע, האָט אַוועקגענומען ביי איר די וואַש־און־וויש מכשירים, און איר אַריינגעשטופּט אַ צאָן־בערשטעלע, זי זאָל דערמיט ריין מאַכן דעם בית־הכיסא. ס'איז געווען אַזוי פיל אומגלייבלעכע רשעות אין איר באַפעל, אַז דאָס מיידל האָט אויף דער רגע נישט באַנומען איר פאַרלאַנג. זי האָט באַטראַכט איר האַרינטע מיט נאַיִוון חידוש און געמיינט, אַז זי שפּאַסט.

— זאָפאָרט! — האָט יענע אַ דונער געטאָן אויף איר און זיך צוגעזעצט פון דער ווייטן צו אָבסערווירן מיט אַן אויפרעגנדיקן תענוג, ווי ראַשעל באַגיסט זיך מיט שוויס, בייגנדיק זיך אין דרייען אויפן ברודיקן דיל...

פון אַלע פיינען און דערנידערונגען איז ביי ראַשעלן געבליבן איינגעקריצט אָט די געשעעניש. און זי האָט עס נישט געקענט מוחל־זיין. זי האָט זיך אַרומגעטראָגן אַלע יאָרן מיט אַן אומבאַהאָל־פענעם נקמה־געפיל, וואָס וויל זיך נישט שטילן. עס רופט נאָך היינט אַרויס ביי איר אַן איבלקייט ווען זי בערשטלט אירע ציין...

דער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס׳איז שוין געווען בין־השמשות. אויף די שפּיצן פון קעגנאיבערדיקע בערג איז געפאַלן דער אָפּגלאַנץ פון דער פאַרגייענדיקער זון. אויף די וואַסערן פון כנרת האָבן זיך געשפּרייט לאַנגע, געדיכטע שאָטנס. די טוריסטן זענען אויסגעשטיגן אויף אַן אָפענער ווערענדע פון אַ ניי־געבויטן פאַווילִיאָן. זיי האָבן זיך רעגיסטרירט און געקראָגן די שליסלען פון זייערע צימערן אין מאָטעל, וועלכער האָט זיך געפונען ביים סאַמע ברעג פון דער היסטאָרישער אָזערע.

באַלד האָט דער גלאָק גערופן די געסט צום אָוונט־מאָלצייט. דאָס רחבותדיקע עסצימער איז שנעל פול געוואָרן. מען איז געזעסן צו פיר און צו פינף ביי אַ טישל. צו דער גברת פעלדערס חידוש זענען צווישן אירע מיטעסערס אויך געווען די צוויי שוועסטער. אַצינד האָט זי זיך באַקאַנט מיט זיי. זיי זענען געווען עלטערע פרויען, דיקלעכע, נעט געקליידט און קאַרג אויפן וואָרט. זיי האָבן זיך געפילט אַ ביסל פאַרלאָרן אין דעם גרויסן זאַל, ווו מ׳האָט גערעדט אַ געמיש פון שפּראַכן, און קיין איינע פון זיי האָבן זיי נישט רעכט פאַרשטאַנען. זיי האָבן אויפגעלויכטן, ווען די סאַרווערין, נאָך גאָר אַ יונג מיידל, האָט זיך געווענדט צו זיי אויף יידיש:

— אָ, זי שפּרעכן יודיש! — האָט איינע דייטשמעריש אויס־גערופן. און פון די רייד ביים טיש האָט מען זיך צו ביסלעך דער־וווּסט, אַז די שוועסטער, סאַראַ און רעבעקאַ קון, שטאַמען פון אַ שטעטל אין ביימען, טשעכאָסלאָוואַקיי, און זיי לעבן שוין אַ פּאָר יאָר אין דער אַלטשטאָט, יפו. און אַז די יונגע סאַרווערין, דינה, איז פון ווילנע אַנטלאָפן, בעת דער היטלער־מגפה, קיין טיף רוסלאַנד, דאָרטן פאַרלאָרן דעם פאָטער. און די מוטער האָט מיט איר, דעמאָלט נאָך אַ פּיצל קינד, געוואַנדערט איבער סיביר קיין כאַרבין, און פון

דאָרטן, דורך פאַרשידענע גלגולים זיך דערשלאָגן קיין פּאַלעסטינע, ווי ס׳לאַנד האָט בשעתו געהייסן.

בעת דינה האָט, צווישן איין געריכט און דעם אַנדערן, אומ־וויליק געגעבן די „טיי־לעפעלעך" אינפאָרמאַציע וועגן זיך, האָבן ביידע שוועסטער אומעטיק געשוויגן, גלייך די געשעעניש מיט יענער וואָלטן דערמאָנט אין זייער אייגענעם ביטערן גורל. ראַשעל האָט נישט גע־קענט אָפּרייסן אירע בליקן פונעם יונג־צעבליטן מיידל. אַזוי, האָט זיך איר געדאַכט, האָט זי געדאַרפט אויסזען אין יענע גרויליק־אימהדיקע טעג, און די פּריִערדיקע שווערקייט איז איר ווידער באַפאַלן...

נאָכן מאָלצייט האָבן זיך די געסט צעשאָטן איבער דער לאָנקע, פאַרן פּאַוויליאָן. מען האָט זיך צוזעצט אין די אויפפלייג־שטולן. מ׳האָט שפּאַצירט פאַזע דעם ברעג. דער תמוז־אָוונט איז געווען אַן אָנגענעם קילער, אַ קלאָר־לויטערער. פון די ווייטע הויכן האָט אַראָפּגעלויכטן אַ פולע לבנה, געזילבערט די שטילע וואַסערן, באַרויִקט דאָס געמיט. ס׳האָט זיך שווער געגלייבט, אַז אויף יענער זייט לויערט אַ שונא, אַז מ׳קאָן צו יעדער צייט אָנהייבן שיסן...

ראַשעל פעלדער איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטע. זי האָט זיך איצט געפילט אין דער בחינה פון אַ מענטשן, וואָס האָט ענדלעך דערגרייכט, נאָך אַ סכנותדיקער ים־נסיעה, אַ זיכערן באָדן. דאָס שטיקל צייט אין נייעם לאַנד האָט, אמת, נאָך נישט פאַרהיילט די וווּנדן, אָבער ס׳האָט געוואַרעמט דער געדאַנק, אַז מען לעבט צווישן יידן, אויף אייגענער ערד, אונטער אַן אייגענעם הימל. זי איז געווען דאַנקפול אירע קרובים, וועלכע האָבן זי און איר מאַן, זלמן, אַריבערגעבראַכט פון די דייטשע לאַגערן און זיי געהאָלפן זיך איינאָרדענען. ס׳האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זלמן האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון קראָם און פאָרן מיט איר אָנצוקוקן דאָס לאַנד.

פּלוצעם איז אויסגעוואַקסן ביי איר זייט סאַראַ קון. איר שוועסטער איז מיד פון אַרומפאָרן דעם גאַנצן טאָג אַוועק שלאָפן. און איר איז אַ שאָד זיך צוריקצוציִען אין צימער אין אַזאַ שיינער „מאָנד"־נאַכט:

— אויב די גנעדיקע פראַו האָט נישט קעגן, וועט זי מיט איר שפּאַצירן און אַ ביסל פּלוידערן. ראַשעל איז דווקא יאָ געווען קעגן, נישט נאָר דערפאַר, ווייל איר האָט זיך אַצינד געוואָלט זיין אַליין, נאָר מחמת די רייד מיט דער פרעמדער וועלן זי אויף ס׳ניי צערודערן. נאָר געענטפערט האָט זי, צוליב אַן אומקלאָרע, פאַר איר סיבה: — ביטע שיין, ס׳וועט מיר זיין זייער אָנגענעם !...

די באַגלייטערין איז געווען, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, איצט גאַנץ באַרעדעוודיק. און ראַשעל האָט זיך געדולדיק צוגעהערט. און וואָס לענגער יענע האָט גערעדט, אַלץ אָנגעשפּיצטער איז זי געוואָרן, מער פונעם אופן, מאַניער און טאָן, ווי פונעם תוכן, ווייל דערציילט האָט די פרוי גאַנץ געוויינטלעכע זאַכן, אַ שטייגער וועגן איר אָרעמער וווינונג אין דער „אָריענטאַלישער געמיינדע", וועגן אומצוכט ביי די שכנים, און אויך וועגן דער שפּראַך־מחיצה, וואָס איז פאַראַן צווישן איר און די דאָרטיקע לייט.

— צו וואָנען אין טעל־אַוויוו, — האָט זי זיך דייטשמעריש פאַר־ענטפערט. — בראַוכט מען אַ רייכן טאַש, נישט וואַר? — און מיט אַמאָל האָט זי אַ פרעג געגעבן: — זאָגן זי מיר, ביטע, ווו האַבן זי ענגליש געלערנט? — און אירע שמאָלע אייגעלעך זענען געוואָרן פאַרדעכטיק נייגעריק.

ראַשעל איז געווען דענערווירט פון דער, אין פלוג איינפאַכער פראַגע, ווייל ס'האָט זי ווידער דערמאָנט אין „יענער" צייט. דאָס מאָל, ווען די אַמעריקאַנער האָבן געפונען דאָס ביסל אויסגעמוטשעטע יידן אין לאַגער. ווי מ'האָט זיך עס דעמאָלט געפלייסט צו לערנען ענגליש. טאָמער וועט דער גורל פאַרוואַרפן די שארית־הפליטה אין דער „גאָלדענער" מדינה. זי האָט געענטפערט צערייצט:

— פון די פייגעלעך! פון די פייגעלעך האָבן מיר געלערנט, פראַו קון! — האָט זי מאָדנע אינטאָנירט איר נאָמען. — און אייער שטימע, ווייסט איר, קומט מיר פאָר זייער באַקאַנט?

די פרעמדע האָט זיך צעלאַכט מיט אַ געקינצלט געלעכטערל:

— נו, געוויס! — זי האָרכן דאָך מיר די גאַנצע צייט פון דער רייזע...

ביי ראַשעלן האָבן זיך צעשפּילט דעמאָנישע פייערלעך. זי האָט באַמערקט ביים ברעג אַ שיפל, איז זי אַריין און האָט פאַרגעלייגט איר באַגלייטערין:

— קומט מיט! וועלן מיר זיך דורכפאָרן.

די פרוי קון האָט זיך מיט אומצוטרוי אַרומגעקוקט:

— אָ, ניין! איך קען דאָך צומאָל נישט שווימען.

— דאָס וואַסער, ווי איר זעט, איז זייער שטיל. — האָט ראַשעל גערעדט געלאַסן. — ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו שרעקן.

יענע איז נאָך אַלץ געווען אין צווייפל, נאָר דער חשק זיך צו שיפלען אין אַזאַ „וואונדערבאַרער מאָנד־נאַכט", האָט אַריבערגעוויגן.

זי האָט אויפגעהויבן אַן אַלטן רעטונגס־גאַרטל, וואָס האָט זיך גע־וואַלגערט דערביי, און האָט זיך פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזן לעבן ראַשעלן.

גברת פעלדער האָט פּאַמעלעך געוודערט, און ווען זי האָט זיך דערוויטערט פון ברעג, איז איר שכנה געוואָרן נערוועז.

— איך קען דאָך צומאָל נישט שווימען! — האָט זי ווידער דערמאָנט.

— מיר האָבן מיט זיך דעם רעטונגס־גאַרטל! — האָט ראַשעל געזאָגט אין אַ טאָן, אַז ס׳איז שווער געווען צו וויסן, צי מיינט זי איר צו באַרויִקן, צי זי איראָניזירט עס אַזוי איבער איר שרעקעוו־דיקייט.

ס׳האָט זיך דעמאָלט נישט געזען קיין שום געפאַר. דאָס שיפל האָט זיך געמיטלעך געגליטשט איבער דער ליכטיק־בלענדנדיקער לבנה־סטעזשקע. אָבער די פרעמדע האָט זיך נישט געקענט איינ־נעמען:

— זי זינד צו ווייט אַוועק פון ברעג, פראַו פעלדער! — איז זי געווען אויסער זיך — האָבן זי ניכט קיין פורכט? קאָנען זי שווימען? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— אויסגעצייכנט! — האָט ראַשעל אויסגערופן. זי איז געווען באַרוישט און טראַציק. זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַזוינס זאָל טאַקע פּאַרקומען אין אמתן לעבן. דער גורל האָט זי צונויפגעפירט, אויף אַ מערקווירדיקן אופן, מיט איר אַמאָליקער פייניקערין, וועלכע באַהאַלט זיך אויס, אונטער אַ פרעמדן נאָמען, אין יידישן לאַנד. אַלץ איז געשען, ווי ס׳ווערט באַשריבן אין די ביכלעך. דעם פאַרברעכער ציט נישט נאָר, כידוע, צום אָרט פון פאַרברעכן, נאָר אויך צו זיין קרבן. און אויב זי האָט פריִער געספקט, צי איז יענע טאַקע די געזוכטע סוביעקטין, האָט זיך איר חשד באַ־רעכטיקט, ווען די פרעמדע האָט, אַן אויפגעברויזטע, זיך צעשריִען:

— קערן זי זיך אום זאָפאָרט צום ברעג! — און אויף איר באַק האָט זיך אַ צינד געטאָן דאָס באַקאַנטע וואָרצעלע.

אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך דערשפּירט אַן איבערבייט אין דער לופט. עס זענען מיט אַמאָל אָנגעלאָפן וואָלקנס און פאַרשלונגען, אויף אַ צייט, די לבנה. דאָס וואַסער האָט זיך גענומען קנייטשן, כוואַליען. און וואָס שטאַרקער דאָס שיפל האָט זיך געוויגט, אַלץ עקזאַלטירטער איז ראַשעל געוואָרן. זי האָט זיך אַזש צעזונגען.

— זי זינד פאַררירקט? — איז איר שכנה אַרויס פון די כלים.

— צום טייוול, דאָנער־וועטער נאָך איין מאָל! — האָט זי שוין אַצינד געדעדט „ריינעם" דייטש. זי האָט געפּרוווט גרייכן דעם רע־טונגס־גאַרטל, און נישט געקענט.

— הענריעטאַ שולץ! — האָט זיך ראַשעל אויפגעכאַפּט פון אָרט מיט צעפלאַקערטע אויגן. דאָס שיפל האָט פאַרלאָרן די גלייכוואָג און זיך געבויגן אָט אויף איין זייט, אָט אויף דער אַנדערער...

— כ'בין ניכט הענריעטאַ שולץ! — איז יענע געוואָרן היס־טעריש. — כ'בין סאַראַ קון, אַ יודין! אַ יודין! — האָט זי איבער־געחזרט. זי האָט זיך פאַמעלעך גערוקט צום צווייטן ברעג, כדי אָנצוהאַלטן דעם באַלאַנס, און איז געבליבן האַלב ליגן, אַן אויס־געשעפּטע אויפן ראַנד...

— הענריעטאַ שולץ! — האָט די יונגע פרוי טריומפירט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מער ווי איר נאָמען איז זי איצט נישט מסוגל אַרויסצוברענגען. זי האָט געציטערט פון אויפרעגונג, און האָט וואָר־נענדיק אַ טראָט געטאָן צו איר. דאָס שיפל האָט זיך ראַפּטעם איבער־געקערט, אוןביידע פרויען זענען אַריינגעפאַלן אין וואַסער.

— ביטע, — האָבן זי מיטלייד! לאָסן זי מיך ניכט אַליין! — האָט זיך די דייטשקע געבעטן. זי האָט זיך אָנגעטשעפּעט אין דעם איבערגעקערטן שיפל און מיט וואַנזיניקע בליקן אַרומגעזוכט דעם רעטונגס־גאַרטל.

ראַשעל האָט שנעל גלייכגעשטעלט דאָס שיפל, און זיך באַלד געפונען צוריק ביים רודער. זי האָט נישט געשפּירט די נעץ, די קעלט, אָדער שרעק. זי איז געווען איבערגעוועלטיקט פון אַן אומגע־צוימטער פרייד, וואָס איר איז געלונגען אַריינצוקריגן די אכזרטע אויף אַזאַ קונציקן אופן. פון אונטער די וואָלקנס האָט זיך אויף ס'ביי באַוויזן די לבנה, אַנטפּלעקט אַ גרויען קאָפּ ביים זייט פון שיפל, וואָס האָט נישט אויפגעהערט פאַרצווייפלט צו בעטן הילף, צו דראָען, צו שעלטן, און ווידער צו בעטן...

די יונגע פרוי האָט מיט אַ מאָל פאַרלוירן איר גאַנצע האָפער־דיקייט, און עפּעס אַ טיפער טרויער, געמישט מיט אַן אומפאַר־שטענדלעכן כעס אויף זיך אַליין, האָט זי באַהערשט. זי האָט אַ וואָרף געטאָן צו דער דייטשקע דעם רעטונגס־גאַרטל, ווי מען וואַרפט צו אַ בילנדיקן הונט — אַ ביין, און גענומען האַסטיק רודערן צום ברעג...

# דער שרייבער און זיין ווערק

הגם עלטערן ווייזן אַרויס, בדרך־כּלל, אַ גלייכע באַציִונג צו אַלע קינדער, ווייסן זיי אָבער ביי זיך זייער וואויל דעם ווערט פון יעדן קינד באַזונדער.

אַזוי אויך שרייבער בנוגע זייערע ווערק. לוי שטערנבערג האָט יאָרן־לאַנג געחלומט אַרויסצוגעבן זיין נאָוועלע און ער האָט עס אַלץ אָפּגעלייגט. אויפן שרייבטיש ביי אים האָבן זיך געפונען פון פריִער־דערשינענע ביכער פון אַן אַנדער זשאַנער. אָבער ער האָט געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז ערשט אין אָט דער אַרבעט האָט זיך אים איינ־געגעבן בעסער צו געשטאַלטיקן די מענטשן און געשעענישן, פּינקט־לעכער אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען און תשוקות. דער תוכן פון בוך האָט געטראָגן אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער, במילא איז אים געווען נאָענט און ליב יעדער פּרט, באַזונדערס די קאַפּיטלען, וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיט זיין יינגערן שול־חבר, שמוליקל און מיט זיין שוועסטערל, צילה...

צילה — אַ דין, שמאָל־אַקסלדיק מיידל מיט ברוינע האָר און ברוינע, אַ ביסל צעשראָקענע אויגן, ווי ביי אַ יונגער הירשין, האָט אָפט דערמאָנט, ווי איר נאָמען האָט סוגערירט, אין אַ שאָטן. זי האָט, ס׳רוב, ביי אַ שמועס געשוויגן, גאָרנישט לויטן כּלל פון איר מין. נאָר איר שווייגן איז נישט געווען קיין צייכן פון הסכּמה, נאָר גיכער אַן אויסדרוק פון געדולד, אָדער אפשר אַ נייגעריקייט: „צו וואָס אַ שטייגער וועט זיך דער בעל־דבר דעררעדן". אָבער אַז זי האָט דערשפּירט אין יענעמס רייד אַ הוילקייט, אַ ליידיקייט, האָבן אירע אויגן פאַרלאָרן זייער שרעק, און זיי האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ מאָדנעם צאָרן, גלייך מ׳וואָלט זי אָפּגענאַרט. אין אַזוינע מינוטן איז איר געווען שווער צו דערקענען...

ביי אַזעלכע, צי ביי ענלעכע אומשטענדן, האָט מען דערציילט, איז אַ פּנים פאָרגעקומען צילהס ערשטע באַגעגעניש מיט די נאַצישע מחבלים. מ׳האָט זי, ווי הונדערטער אַנדערע יידן רעגיסטרירט אין

דער וואַרשעווער געטאָ אויף אַרבעט. און ווען ביי איר האָט זיך, נאָך דעם קאַפּאָס דרשה, אָפּגעשטעלט אַ צווייפל אין די אַרויסגעזאָגטע ווערטער, האָט זי, צו אַלעמענס חידוש און פאַרצווייפלונג, גענומען עפּעס אָפּענטפערן מיט אַ העכערער שטימע, און איר גורל איז געווען פאַרחתמעט...

זיין שול־חבר, שמוליקל, איז אים געווען מער ווי אַ חבר און שפּעטער אַפילו מער ווי אַ ברודער. הגם ער האָט געהאַט אַ סך בשותפותדיקס מיט זיין שוועסטערל, האָט ער זיך אין איין פּרט שטאַרק אונטערשיידט פון איר, דהיינו — ער האָט געהאַט צוטרוי און גלויבן אין מענטשן, באַזונדערס טאַקע צו אים, צו שטערנבערגן. ער האָט אַרויפגעקוקט צו אים ווי צו אַ מדריך, ווי צו אַ העכערן בר־נש. אויך שמוליקל האָט פאַרלאָרן זיין יונג לעבן אין יענער מהומהדיקער צייט, אָבער ביי גאָר אַנדערע אומשטענדן...

לוי שטערנבערג האָט געוואָלט שטעלן אַן „אָנדענק־מצבה" זיין יונגן חבר און זיין שוועסטערל, און ער האָט גענומען שרייבן די דערמאָנטע נאָוועלע. ער האָט געשריבן און איבערגעשריבן. מקפּיד געווען אויף יעדער שורה, אויף יעדן אויסדרוק. ס'איז ביי אים רעכט געווען אַראָפּצוגיין ביינאַכט פון געלעגער, ווען ס'איז אים איינגעפאַלן אַ מער פּאַסיק וואָרט. און ווען זיין אַרבעט האָט דערגרייכט, לפי זיין דעה, אַ שלמות, האָט ער גענומען זוכן אַ פאַרלאַג. פּאַקטיש האָט ער געהאַט אַזוי צו טאָן מיט יעדן אָנגעשריבענעם בוך. מיט דער צייט איז דער ענין געוואָרן, צוליב באַקאַנטע סיבות, אַלץ שווערער. אַמאָל האָט יידישלאַנד געהאַט איר פאַרלאַג־צענטער אין דער ווייטער אַרגענטינע. היות אָבער ווי ס'יידיש לעבן דאָרטן איז, אין לעצטן יאָרצענדליק, נישט געווען סטאַביל, האָט די העגעמאָניע איבערגענומען מדינת ישראל. האָט לוי שטערנבערג געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרויסגעבער פון דער מדינה. אַוודאי זענען דאָרטן פאַראַן אחריותפולע פירמעס. אָבער ס'איז שוין אַ כלל־עולם, ווען מען וויל זיך שטאַרקן, באַוואָרענען, פאַלט מען ס'רוב אַריין. און כך־הווה...

איינמאָל באַזוכנדיק זיין משפחה אין ישראל, האָט שטערנבערג זיך צופעליק געטראָפן מיט איינעם אַ ניימאַן, אַ פאַרשוין אַ ביסל העכער פון מיטעלן וווקס, מיט גרויע, תמימותדיקע און ווייכע אויגן, וועלכע האָבן געקאָנט פּלוצעם ווערן פאַרדעכטיק־האַרב און שלויאיק־ציניש, מיט גרוי־ווערנדיקע שלייפן און ברעמען. היות ווי ער האָט דעמאָלט געטראָגן אַ גרויען אָנצוג, האָט זיך עפּעס אַלץ געטראַכט

וועגן אים אין טערמינען פון גרויקייט. ס׳איז אפשר געווען אַן עוולה אים אַזוי אָפּצושאַצן. נאָר אַזוי איז שוין דער מענטש. ער שאַפּט זיך זיינע איינדרוקן פון קליינע דרויסנדיקע שפּליטערס, און זיי נאַרן אים זעלטן אָפּ.

יענע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין דער היים פון אַ באַקאַנטן שריפטשטעלער. דער שמועס האָט זיך געדרייט, ווי געוויינטלעך, אַרום ליטעראַטור, די נייעסטע ביכער, דעם פאַרלאַג־וועזן. ס׳האָט זיך גיך אַרויסגעשטעלט, אַז ניימאַן איז דער אַרויסגעבער פון אַ קאָנקורענץ־שריפט. אַמאָל איז ער געווען אַ שותף אין אַ געוויסן פאַרלאַג, אָבער צוליב עפּעס אַ סיבה, וואָס איז שווער געווען צו דערגיין, האָט ער אים געמוזט פאַרלאָזן. ער האָט זיך געשילדערט ווי אַ געקריוודעטן, אַ געררודפטן, וועלכן מ׳האָט שטאַרק באַעוולט. ער האָט פאַרזייט צו זיין געוועזענעם שותף אַן אומצוטרוי, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט שנאה, און צו זיך ממילא מיטלייד, שיעור נישט רחמנות...

מען קען נישט זאָגן, אַז דער פאַרלעגער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערער חכמה, אָבער זי האָט אים געקלעקט פאַר זיינע טונקעלע מעשים. ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט אַריינצוואַרפן אַ וואָרט און וואַרטן אויפן עפעקט. אויב דער אָפּקלאַנג איז געווען אַ גינסטיקער — האָט ער צוגעלייגט פרישן ברען־מאַטעריאַל, אין פאַרקערטן פאַל — האָט ער זיך שטיל און עניוותדיק צוריקגעצויגן...

לוי שטערנבערג פלעגט אים אויסהערן מיט גרויס אינטערעס, ווי למשל אַ דאָקטאָר אַ פּאַציענט, וואָס הגם ער באַקלאָגט זיך אויף אויסגעטראַכטע חולאתן, האָט ער מיט אים איינזעעניש און אפילו סימפּאַטיע. ווען יענער ווערט אָבער אַן אָפּטער באַזוכער אין זיין קאַבינעט — נעמט שוין אויך דער דאָקטאָר צווייפלען, צי זיין ערשטער דיאַגנאָז איז געווען אַ ריכטיקער. בקיצור, שטערנבערג, איז מיטן נייעס פאַרלעגער מושווה געוואָרן מיטן פרייז און האָט מיט אים געשריבן אַ קאָנטראַקט. און ביידע האָבן אים, פאַרשטייט זיך, געחתמעט. ניימאַן האָט זיך פאַרפליכטעט פאַרטיק צו מאַכן זיין נאָוועלע אין משך פון אַ דריי־פיר חדשים. דאָס בוך זאָל פאַרנעמען אַן ערך 365 זייטן, איינגעטיילט אין קאַפּיטלען מיט סוב־טיטלען, און דריי הונדערט קאָפּיעס זאָלן צוגעשטעלט ווערן צום מחבר אין דער באַשטימטער צייט.

שטערנבערג האָט פון זיין זייט צוגעזאָגט אויסצוצאָלן די באַ־טרעפנדיקע סומע אין דריי ראַטעס: איינע, גלייך — „האַנט־געלט״,

די צווייטע — ביים באַקומען די קאָרעקטורן, און די לעצטע — ווען דער אַרויסגעבער וועט אים צושיקן אַ פּאַרטיק־געבונדענעם עקזעמפּלאַר פון זיין בוך.

אין משך פון דער צייט האָט שטערנבערג געהאַט אַ סך אומרויִקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט. צילה, שמוליקס שוועסטערל, וואָס איז פאַרפייניקט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין אוישוויץ, האָט אויף איר שווייגנדיקן אופן געמאָנט ביי אים דעם צוגעזאָגטן תיקון. נישט אַזוי פאַר זיך ווי פאַר איר ברודער. זי האָט אים דערמאָנט אין ווייט־פאַרגאַנגענע געשעענישן. ווי למשל — ווען די שקאָצימלעך אין די פוילישע רעגירונגס־שולן האָבן געחוזקט פון זיין יידישן אַקצענט, און נאָכגעמאַכט זיינע „יידישע" העוויות. ווי זי האָט זיך עס איינגעשטעלט פאַר אים! ווו האָט זי גענומען אַזוי פיל מוט, אָט דאָס שוואַך יידיש מיידל מיטן באָמבלדיקן צעפּל אויפן רוקן? ווי די אויגן אירע, באַפרייטע פון אַנגסטן, האָבן זיך עס געצונדן קעגן זיינע אָנגרייפער! האָט שטערנבערג אַצינד איבערגעלעבט יענע מינוטן.

אמת, לוי שטערנבערג האָט אַלצאיינס אַריינגעכאַפּט, חוץ די חוזק־עפּיטעטן, אויך קלעפּ. אויף דעם האָבן עדות געזאָגט די רויטע און בלויע פּלעקן אויפן פּנים. אָט די אָפּטע „אָפּרעכענונגען" האָבן געהאַט טיפערע סיבות ווי זיינע „יידישע חסרונות". דאָס בחורל איז געווען, נישט לויט די צייכנס ביים לערער אין שול־טעקע, נאָר לויט זיין קענטעניש און פעיִקייט, דער בעסטער שילער אין קלאַס, און דאָס האָט גורם־געווען קנאה ביים קליינעם עולם. שטערנבערג האָט אויפגענומען די כמעט טעגלעכע מאַטערנישן סטאָיש, ווי ס'וואָלט געווען אַ טייל פונעם יידנס גורל. און ביים טרעפן זיך מיט אייגענע, מיט חברים, זיך נישט געקלאָגט, נישט דערמאָנט. זיין האַלטונג האָט אים געהייבן אין זייערע אויגן, אַרויסגערופן אַפילו באַוווּנדערונג און שטאָלץ, באַזונדערס טאַקע ביים סענסיטיוון שמוליקל, וואָס איז גרייט געווען זיך מפקיר־צו־זיין פאַר זיין עלטערן חבר...

איינמאָל אין אַ נאַכט האָט זיך שטערנבערג אויפגעכאַפּט אַ באַגאָסענער פון אַ קאַלטן שוויס. שמוליקל און צילה האָבן זיך אים געוויזן מיט אַמפּוטירטע הענט און פיס. — „דו זעסט כאָטש, וואָס ער האָט געטאָן צו אונדז?" האָט דאָס מאָל שמוליקל געהאַט טענות צו אים. הגם אויפגעטרייסלט און טיף צערודערט, האָט זיך שטערנבערג געקווענלט די רעשט פון דער נאַכט איבער שמוליקס ווערבישע באַציי־

כענונג „ער״, נישט אַנדערש ווי מער ווי איינער פון די רוצחים האָבן געמאָרדעוועט זיי...

ערשט שפּעטער אין טאָג איז אים קלאָר געוואָרן די רעטעניש. דער פּאָסט־טרעגער האָט אים געבראַכט אַ פּעקל מיט אַ בריוו פון זיין פאַרלעגער. ניימאַן האָט אים געשריבן, אַז ער האָט שוין אויסגעפּאַרטיק די 365 זייטן און עס זענען אים אויסן געבליבן עלף דערציילונגען, וועלכע דער מחבר וועט קאָנען פאַרנוצן אין אַן אַנדער אויסגאַבע.

שטערנבערג האָט איבערקוקנדיק די קאָרעקטורן גלייך באַמערקט דעם טאָפּעלן שווינדל. ראשית האָט ניימאַן געזעצט די קאַפּיטלען אַזוי, אַז ווען איינער האָט זיך פאַרענדיקט אַפילו מיט אַ צוויי־דריי שורות, האָט ער דאָס זייטל מער נישט גענוצט. האָט זיך ביי אים אָנגעקליבן, פאַרשטייט זיך, גענוג זייטלעך. והשנית, האָט ער מיט אַ כיוון אָנגערופן די קאַפּיטלען „דערציילונגען״, בכדי עס זאָל נישט הייסן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנצער זאַך, ממילא איז ער נישט מחויב אָפּצוטאָן די אַרבעט אויף איין מאָל...

דער מחבר איז געווען אויסער זיך. דער קאָנטראַקט האָט ביי יענעם, הייסט־עס, קיין שום ווערט נישט. דער תירוץ, אַז ער האָט נישט געקענט וויסן פון פאָרויס וויפל זייטן די נאָוועלע וועט פאַרנעמען, קען דאָ נישט גילטן, מחמת ער האָט דאָך געהאַט פאַר זיך דעם מאַנוסקריפּט, און ווי אַ פאַכמאַן געוווּסט, צי געדאַרפט וויסן, וויפל דרוק־פּאַפּיר ס׳איז נייטיק אויף אויסצופירן די באַשטעלונג. ער האָט זיך אָנגעגורט מיט געדולד און יענעם אָנגעשריבן אַ פּרטימדיקן ענטפער און אים דערמאָנט אויף ס׳ניי אַלע תנאים פונעם אָפּמאַך און פאַרענדיקט האָט ער: „איר מוזט דאָך פאַרשטיין, אדון ניימאַן, אַז מען קען נישט אַרויסלאָזן דאָס בוך אָן די עלף קאַפּיטלען. מען וועט דאָך לאַכן פון אונדז ביידן. — האָט ער זיך אויך אַריינגענומען אין קאָן. דאָס וועט דאָך זיין נישט־פאַרענדיקטע אַרבעט, נאָך ערגער! אַ לעבעדיקער ווען, ביי וועמען מ׳האָט מיט גוואַלד אַמפּוטירט די וויכטיקסטע אברים... ביי די ווערטער איז שטערנבערג געבליבן זיצן אַ בלייכער אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים...

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומהיימלעכע און אומענדלעכע קאָרעספּאָנדענץ צווישן דעם מחבר און זיין פאַרלעגער. בעת דער ערשטער האָט געפאָדערט די דערפילונג פון קאָנטראַקט, האָט דער צווייטער געהאַלטן, אַז דער ענין איז שוין דערליידיקט. אָבער צווישן

יענעמס שורות האָט זיך פון דעסט וועגן געשפּירט, אַז מיט אַ צוגאָב פון אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, וועט ניימאַן בייטן זיין דעה. נאָר שטערנבערג איז שוין דעמאָלט געווען פאַרשולדיקט ווייט אַריבער זיינע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן. דערצו האָט אים געמאַטערט ס׳געפיל, אַז נישט געקוקט אויף אַלע באַוואָרענישן, איז ער פאָרט אַריינגעפאַלן. און ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי אים, ער זאָל זיך אָפּשאָקלען פונעם גאַנצן עסק...

אָט אין יענער שווערער צייט האָט מיטן מחבר געטראָפן אַן אומגעוויינטלעכער טראַף. ער איז געזעסן אין אַ בין־השמשות אויפן באַלקאָן און צוגעקוקט ווי די זון זינקט אויף יענער זייט ים־איינגוס, באַרירט מיט לאַנגע, אויסגעצויגענע פינגער אַן איינציק וואָלקן־אינדזעלע אויפן קלאָרן הימל, די ציטערדיקע פאַלמע־ביימער. די לופט איז פול געווען מיט מידן פייגל־גערויש פון ערב נאַכטלעגער. שטערנבערג איז געווען אַליין. די בני־בית האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אומגעקערט פון זייערע טעגלעכע טוונגען. דער אָנקומענדיקער אָוונט האָט זיך געלייגט שווער אויף אים, אים געדריקט מיט אַ נאָגנדיקן אומעט, מיט אַ טיפן עלנט. ער האָט דורכגעשפּאַנט ביז אויסגעשעפּט־קייט די חדרים און איז ווידער אַרויס אויפן גאַניק.

אין די ווייטע הויכן האָבן זיך גענומען ווייזן שטערן. פונעם נאָך־נישט איינגעשטילטן פליגל־געפלאַטער האָט זיך פלוצעם דורכ־געריסן אַ דין־שפּיציק און עקשנותדיק יינגליש געוויין, וואָס האָט נישט געוואָלט אויפהערן. ס׳איז פאָרגעקומען אַזוי קלאָר, אַזוי רעאַל, אַז ער האָט זיך געמוזט פיל מאָל אַרומקוקן. אויפן קעגנאיבערדיקן עק פון באַלקאָן האָט זיך אַרומגעטראָגן שמוליקל. אָט האָבן אים די אָוונט־שאָטנס פאַרוועבט און פון אים איז נישט געבליבן קיין זכר, און אָט האָבן זיי אים אַנטפּלעקט אויף אַ סאַמע סכנותדיקן געביט. אַצינד האָט ער זיך געפונען אויפן שמאָלן פאַרענטש און אונטן האָט געלויערט אויף אים אַ זעקס־שטאָקיקער תהום. שטערנבערג האָט געמוזט האַנד־לען שנעל, כדי צו פאַרמיידן אַ צווייטע קאַטאַסטראָפע. ער האָט אין דער מחשבה מסכים געווען אויפן פאַרלעגערס חוספה, און די דערדריקנדיקע זעונג איז תיכף פאַרשווונדן.

נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָט דער מחבר אָנגעשריבן צו זיין פאַרלעגער אַ בריוו בזה־הלשון:

„אדון ניימאַן! הגם איך בין טיף איבערצייגט, אַז איר זייט באַגאַנגען קעגן מיר אַ שווינדל, און אייער כוונה איז אויסצופּרעסן פון מיר מער געלט. גיי איך איין, צו מיין אייגענעם חידוש, אויף אייער

פאָדערונג. איך שיק אייך ביינאַנד מיט די קאָרעקטורן דעם געפאָדערטן צוגאָב. געדענקט אָבער, אַז איר דאַרפט מיר צושטעלן, לויט דעם אָפּמאַך, דריי הונדערט קאָפּיעס נישט שפּעטער ווי סוף נאָוועמבער, מחמת דעמאָלט הייבט זיך אָן ביי אונדז דער טוריסטן־סעזאָן, און איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט צו פאַרשפּרייטן מיין בוך"...

עס זענען אַוועק די דערמאָנטע חדשים, ווי דער גאַנצער ווינטער, דאָס הייסט, די צייט, ווען פון אַלע ווינקלען פון לאַנד קומען אָן יידן־טוריסטן צו זוכן זון, רו און פאַרוויילונג אין דער באַרימטער רעזאָרט־שטאָט און פון ניימאַנען — אין קול ואין עונה... ערשט אין יולי האָט ער מזכה־געווען דעם מחבר מיט דער בשורה־טובה, אַז זיין ווערק איז פאַרטיק, און ער וועט אים אַרויסשיקן בקרוב אַן עקזעמפּלאַר מיט דער לופטפּאָסט.

שטערנבערג, ווייל באַקאַנט מיט יענעמס „פּינקטלעכקייט" האָט זיך משער־געווען, אַז מער ווי אַ וואָך דאַרף נישט דויערן דאָס אָנקומען פון בוך און האָט זיך דאַך צוגעגרייט צו וואַרטן אַ פולן מאָנאַט. צוריק־געשמועסט, וואָס איז שוין אַצינד געווען די איילעניש? זיין פאַרדאַכט האָט זיך באַרעכטיקט. אין אַ פיר־פינף וואָכן אַרום האָט ער ענדלעך דערהאַלטן אַ געבונדענע קאָפּיע. אָבער אָנשטאָט צו פילן יענע „ערשטע ציטערדיקע פרייד", וואָס איז באַשערט אַ מחבר ביים קריגן זיינס אַ ניי ווערק, איז ער געווען אין דער בהינה פון אַ הונגעריקן, וועמעס האַרץ איז שוין איבערגעקלעמט, וואַרטנדיק אויפן מאָלצייט... ער האָט גלייך אַוועקגעשיקט אַ באַנקנאָט אויף דער סומע פון דער לעצטער ראַטע מיטן פאַרלאַנגטן צוגאָב און געפאָדערט, דער פאַר־לעגער זאָל אים תיכף־ומיד עקספּעדירן די באַשטימטע פּעקלעך ביכער, האָפנדיק, אַז זיי וועלן אים דערגרייכן צום אָנהייב פונעם נייעם ווינטער־סעזאָן. צו זיין גרויסער איבעראַשונג זענען זיי אָנגעקומען אין סעפּטעמבער, דאָס הייסט, מיט אַ פּאָר חדשים פריִער ווי גערעכנט. נאָר זיין שמחה איז געווען פריצייטיק, אין די פּעקלעך האָט זיך געפונען נישט מער ווי אַ דריטל פון דער באַשטעלונג. צוערשט האָט שטערנבערג געמיינט, אַז די איבעריקע האָבן זיך פאַרהאַלטן צוליב פּאָסט־סיבות. אָבער ווען ס'איז אַריבער אַ האַלב יאָר און זיי האָבן זיך נישט געוויזן, האָט דער מחבר אויפגעהויבן אַ טרעוואָגע, פאַרוואָרפן ניימאַנען מיט בריוו, מאָנענדיק ביי אים דין־וחשבון. און ווען יענער האָט נישט געענטפערט, צי אָנגעגעבן פוילע תירוצים, איז אויך שטערנבערג ענדלעך אַנטשוויגן געוואָרן...

אָבער שמוליקל האָט נישט געשוויגן. ער איז געווען פול מיט יאוש, מיט פאַרצווייפלונג, נאָר ס׳רוב שטאַרק פאַרווונדערט, ווי ס׳וואָלט אים שווער געווען צו באַנעמען, אַז דער מענטש פאַר וועמען ער האָט מפקיר געווען זיין יונג לעבן, זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר אַזאַ סבלן, פאַר אַזאַ נכנע, פאַר...

שטערנבערג וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם כמורנעם האַרבסט־טאָג, ווען מען האָט אין גרויסן הויף צונויפגעטריבן מחנות אויסגעמוטשעטע לאַגערניקעס צו וואַרטן שעהען־לאַנג אויף זייער גזר־דין. אויף אַן אימפּראָוויזירטער פּלאַטפאָרמע איז ברייטלעך געזעסן אַן עס־עס־אָפיצער מיט אַ מאַנאָקל אויף אַן אויג, און רויִק, אַפילו געמיטלעך, קאָמאַנדירט מיט זיין שפּיצרוט די „סעלעקציע״: — אויף רעכטס האָט געמיינט אַרבעט, אויף לינקס...

ס׳איז צוגעגאַנגען מיט אַזאַ רוטינער איינטאָניקייט, גלייך אַזוי וואָלט זיך געפירט דער סדר־העולם פון קדמונים... ס׳איז אַפילו געווען אַ ספק, צי דער האַר אויבנאָן זעט זיינע קרבנות — איינער — רעכטס, צווייטער — לינקס, רעכטס, לינקס...

שטערנבערג האָט אָפּט פאַרהויבן מיט בענקשאַפט די אויגן אין דער הייך. ער איז מקנא געווען די סטאַיעס שוואַלבן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געטראָגן אין די ווייטע, וואַרעמע קאַנטן. אים האָט זיך קינדיש געטראַכט, ווען ער וואָלט זיך געקאָנט, דורך עפּעס אַ כישוף, פאַרוואַנדלען אין איינער פון די באַפליגלטע ברואימלעך, צי כאָטש, זאָל זיין, אין אַ מויז, אין אַ פּשוטער מויז, וואָלט ער פאַרקראָכן ערגעץ אין אַ לאָך, אַבי נישט בייצוזיין אָט די שענדלעכע, אָט די דער־נידערנדיקע סצענעס...

פלוצעם האָט ער מער דערשפּירט ווי דערזען, ווי די רוט האָט זיך אויף אַ שפּליטער פון אַ רגע אָפּגעשטעלט אויף אים און געוויזן אים לינקס... שמוליקל האָט אים אומבאַמערקט אַ שטויס געטאָן פון הינטן אין דער פאַרקערטער ריכטונג, און איז אַליין אַוועק אויף זיין אָרט. צי ס׳איז געשען דעמאָלט אַן אויגן־פאַרבלענדעניש מצד זיינע פייניקער, אָדער די נאַצישע וואַכהינט איז אפשר געווען אַלץ־איינס, אין יענער מינוט, וווהין דער ייד איז באַשטימט, ווייל איין סוף האָט זיי דאָך אַלעמען שפּעטער דערוואַרט. שטערנבערג האָט הילפלאָז און פאַרלאָרן אַריבערגעקוקט צום טויט־דערשראָקענעם בחורל און געוואָלט, דאַכט זיך, פאַרריכטן דעם טעות, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט...

איין טאָג האָט פאַרביטן אַ צווייטן. און הגם די מעגלעכע רוטין האָט פאַרשלונגען, ווי געוויינטלעך, אַ שלל מיט צייט, האָט זיך אין שטערנבערגן בהדרגהדיק געצייטיקט אַ פּלאַן, ווי צוצוציִען דעם שווינדלערישן פאַרלעגער צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט און צו דעמאַס־קירן עפנטלעך זיינע מעשים־תעתועים: — ער וועט, קודם־כל, פאַר־עפנטלעכן דעם בריוו־אויסטויש מיט ניימאַנען, אָנגעבן דעם פולן טעקסט פונעם קאָנטראַקט, באַווייזן די קאָפּיעס פון די אַרויסגעשיקטע באַנקנאָטן, בקיצור, צושטעלן אַלע פרטים פון דער אומגליקלעך־טרויעריקער אַפּערע. ווו צו דרוקן דעם מאַטעריאַל איז נישט געווען קיין מניעה, מחמת די צייטשריפט, מיט וועלכער ניימאַן האָט איבער־געריסן, וועט עס מיט פאַרגעניגן דרוקן. דער פועל־יוצא וועט זיין, נישט נאָר, אַז ס׳וועלן זיך אַ סך פון דער לייענערשאַפט אָפּשאָקלען פון אים, נאָר די אַנאָנס־געבערס, אויף וועלכער אַ שריפט האַלט זיך דער עיקר, און וועלכע באַציִען זיך צו אים, צוליב פיל טעמים, מיט אַ היפּש ביסל אומצוטרוי, וועלן זיך צעלויפן פון אים, ווי פון אַ קרעציקן... און דער דעת־הקהל, האָט זיך שטערנבערג פאָרגעשטעלט, וועט אים אויך נישט שוינען. עס וועט זיך אויפהייבן קעגן אים אַזאַ בהלה, אַז ער וועט מוזן פאַרשווינדן פונעם עפנטלעכן לעבן. און זאָל ער דעמאָלט אַליין אורטיילן, צי עס האָט זיך אים געלוינט, צוליב עטלעכע הונדערט מיזערנע דאָלאַרן, זיך צו פאַרשוואַרצן אַזוי ס׳פּנים?...

אָבער מערקווירדיק, וואָס לענגער שטערנבערג האָט זיך אַריינ־געטראַכט אין זיין פּלאַן, אַלץ מער האָט זיך געלאָשן זיין התלהבות. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט זיך אַפילו גענומען שרעקן פאַר אים. ווייל זיין האַנדלונג וואָלט דאָך דעמאָלט אַריינגעשפּילט אין די הענט פון די יידיש־שונאים אין ישראל, וועלכע זענען נאָך אַלץ דאָ לרוב. ס׳וואָלט דאָך געווען אַ נייער אויסרייד פאַר אומפריינדלעכע חוזקדיקע מאַניפעסטאַציעס קעגן דער „גלות־שפּראַך”. ווייל פאַר יענע לייט וואָלט דאָך די „ניימאַן־פּרשה” נישט געווען קיין צופעליקער אינצידענט, נאָר אַ כאַראַקטעריסטישער אַקט פון יידיש־פאַרלעגער...

און לוי שטערנבערג האָט פאַרדריקט די ציין ביז ווייטיק און פאַרשוויגן די פּאַסירונג...

# די טריאָ

**די פערשקאָס — אַ מתנה**

אויב דער אַמאָליקער כראָניקער האָט זיך אָפּגעזאָגט, כידוע, צו פאַרצייכענען אַ טייל פון די גרוילִיקע געשעענישן פון זיין צייט, בכדי נישט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש, וואָס וואָלט ער שוין געזאָגט, ווען ער זעט די טיפע געפאַלנקייט פונעם בן־אדם אין דעם היטלער־פּעריאָד ?

די צוויי קינסטלער אָרנשטיין האָט איינגעהילט אַ סוד, וואָס קיינער האָט נישט דערוועגט זיך צו צורירן צו אים. דער גורל האָט זייביידן צענויפגעפירט אין לעבן מיט זייערע באַזונדערע טאַלאַנטן און מיט די זעלביקע פיזישע דעפעקטן. ס'האָט זיי, נעמלעך, ביידן געפעלט דער לינקער אָרעם...

עמיל אָרנשטיין — אַ קאָמפּאָניסט, קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַנע־ווירטואָז, האָט אויסגעשפּילט די קאָמפּליצירטסטע ווערק מיט איין האַנט, און עסטעל, זיין פרוי וואָס איר מוזיקאַלישער אָנהייב־אינס־טרומענט איז געווען — די פידל, האָט אַנטדעקט אין זיך, נאָך יענעם דערמאָנטן, כאָטש אין פּרטים אומבאַקאַנטן קאַפּיטל — אַ דראַמאַ־טישן סאָפּראַן. קיינער האָט זיך דעמאָלט נישט אומגעקוקט אויף זיי. דער צווייטער וועלט־קריג איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, און די נאַציס האָבן נאָך געשאַלטעוועט אין אַ סך געגנטן...

נאָך פוילנס באַפרייונג איז די לאַגע פונעם ביסל געבליבענע יידן נישט בעסער געוואָרן. פאַרקערט, עס האָבן זיך געמערט טאָג־טעגלעך נייע גזירות, נייע אָנפאַלן, און ווי משונהדיק עס זאָל נישט קלינגען, האָט מען זיי חושד געווען אין שפּיאָנאַזש הן לטובת די „רויטע״, הן — לטובת די פאַרהאַסטע נאַציס...

אָט צו יענער צייט האָט זיך צוגעטוליעט צו די אָרנשטיינס אַ דריטער אומגליקלעכער מענטש מיטן נאָמען — „פּעלאַ אולמאַן״, וועמענס מאַן, אַ דאָקטאָר, די עס־עס האָבן דערשאָסן פאַר איר אין די אויגן פאַר זיין ווערן העלפן איינעם פון זייערע קרבנות אין לאַגער.

די אָרנשטיינס האָבן זי מקרב געווען. זייער אָרעם שטיבל איז גע־וואָרן איר היים, זיי ביידע — איר משפחה, און וואָס ס׳איז אַריינ־געפאַלן פון זייער מאָגערן פאַרדינסט — מיט דעם זענען אַלע דריי דורכגעקומען.

פעלאַ האָט געשטאַמט פון בערלין און חוץ דייטש האָט זי דע־מאָלט קיין אַנדער שפּראַך נישט גערעדט, האָט זי זיך אָנגעגעבן אַ לאַנגן יאָר פאַר אַ שטומער, מחמת ס׳איז געווען אַ לעבנס־געפאַר זיך צו באַנוצן מיט איר לאַנדשפּראַך. זי האָט זיך געהאַט אַזוי צו־געוווינט צו איר ראָלע, אַז זי פלעגט זיך פאַרגעסן און האָט אָפט אויך מיט די אָרנשטיינס קאָמוניקירט זיך מיט די הענט.

פעלאַ האָט געפירט די שטום־ווירטשאַפט: — איינגעקויפט, געקאָכט, געראַמט, געהאָלפן די צוויי איר ליב־געוואָרענע מענטשן זיך אָנטאָן. ווען זיי האָבן זיך געגרייט צו אַן אויפטריט, האָט זי זיי אָבסערווירט פון איר ווינקל. זי האָט געקאָנט אויסנווייניק די מאָטיוון, די מעלאָדיעס, די אַריעס. זי האָט געוווּסט, ווי די יונגע פרוי האַלט פאַרהויבן, בעתן זינגען, איר שיין־מאָדעלירטן קאָפּ, ווי אירע גרויסע טונקעלע אויגן צינדן זיך אָן מיט אַן אינערלעכן פייער, ווי איר גאַנץ געשטאַלט ווערט אַרומגענומען פון אַ פאָרכטיקן ציטער, גלייך אַ געהיים קול וואָלט איר געוואָרנט: „ווייס פאַר וועמען דו טרעטסט אויף״. ביי אַן אונטערנעמונג האָבן אירע בליקן נאָכגעפאָלגט עסטעלן און אירע ליפּן האָבן זיך באַוויגן אין אוניסאָן מיט יענערס, שרעקנ־דיק זיך טאָמער מאַכט זי, חלילה, אַ טעות...

אויך צום איינהאַנטיקן, מיטלוווקסיקן און דעליקאַט־געבויטן פּיאַניסט, וואָס פלעגט צוליב זיינע שווערע איבערלעבונגען אין לאַ־גער, פּלוצעם באַקומען הויכן פיבער, האָט זי געהאַט אַ מאַמעשע באַציִונג. זי האָט אים, אָן צערעמאָניעס, אַוועקגעריסן פון אַלע זיינע טוונגען און אַריינגעלייגט אין בעט און נישט אַראָפּגעלאָזן פון דאָרטן ביז דער טערמאָמעטער האָט געוויזן נאָרמאַלע טעמפּעראַטור.

נאָכן קעלצער פּאָגראָם האָבן זיי, דער טריאָ, פאַרלאָזן פוילן, ס׳איז נישט אָנגעקומען לייכט. אַ הויכער רעגירונגס־באַאַמטער, אַ פאַר־ערער פון די אָרנשטיינס, האָט געהאָלפן קריגן פאַר זיי די אַרויספאָר־פּאַפּירן. ס׳איז געווען אַ שטיקל צייט נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן זיך געצויגן אַהין פון אַלע עקן וועלט אויף לעגאַלע און אומלעגאַלע וועגן. די אָרנשטיינס און פעלאַ זענען געווען צווישן זיי. דאָס לאַנד איז דעמאָלט געווען אַרומגע־

כאַפּט פון חבלי־לידה און פון אַ מיסטישער התלהבות, געפּאָרט מיט אומרו, אומזיכערקייט און אַ שלל אומגעלייזטע פּראָבלעמען. פינף אַראַבישע אַרמייען האָבן זיך פאַרלייגט אומצוברענגען אַ טויזנט־יאָריקן חלום, אָפּווישן אַ פאָלקס־בענקשאַפט נאָך אַ היים, נאָך אַ מקום־מנוחה...

מענטשן פון יעדן עלטער האָבן זיך געזוכט נוצלעך צו מאַכן, ווער דירעקט אויפן קריגס־פראָנט און ווער ביי פרידלעכע טווּנגען, די אָרנשטיינס זענען גיך, נאָך זייער אָנקום, אַוועק צו די זעלנער אויפן שלאַכטפעלד, זיי צו מוטיקן מיט ליד און שפּיל. נישט איינמאָל האָט דער טויט געלויערט אויף זיי. ס׳האָט זיך זיי באַזונדערס איינגע־קריצט אין זכרון אַ נאַכט אויפן צפונדיקן הויכפּונקט פון לאַנד. ס׳איז געווען קאַלט. אַ שאַרף דורכנעמענדיקער ווינט האָט געשמיסן אין פּנים און איז זיך אַלע ווילע פאַרגאַנגען אין אַ יאָמער. ס׳איז נישט געווען ווּהין צו ווענדן די בליקן נאָך אַ פונק ליכט, נאָך אַ ביסל טרייסט. דער הימל איז געהאַנגען אַ שווער־באַלאָדענער איבערן קאָפּ און נישט צוגעזאָגט קיין גוטס...

ביי אָט דער „סצענאַריע" האָבן זיך די צוויי קינסטלער באַוויזן אויף אַ לאַסטוואָגן. דער מיטגעשלעפּטער, אָרעמזעליקער קלאַוויר האָט נעבעך מער געקרעכצט ווי אַקאָמפּאַנירט, נאָר עסטעלן האָט עס נישט געאַרט. איר מעלאָדישע שטימע, געשטערט פונעם רוצחדיקן ווינט, האָט זיך דורכגעבראָכן אַ וועג צו דער יונגער חברה אָרום, האָט געוועקט ביי איר מוט, אויסדויער און בטחון אַז דער קריג וועט זיך אײנגיכן ענדיקן, און זי וועט זיך אומקערן בשלום אַהיים צו אירע ליבסטע און נאָענטסטע...

פּלוצעם איז די לופט פאַרהילכט געוואָרן פון קאַנאָנען־שאָסן, און פון פאַרשידענע פונקטן האָבן זיך געלאָזט הערן די מאַשין־ביקסן. אינעם שרעקלעכן גערויש און אין מיט פון דער לויערנדיקער סכנה זענען די צוויי נישט אָפּגעטראָטן פון זייער פּאָסטן. עפּעס אַן עקשנות־דיק געפיל האָט זיי געהאַלטן צוגעשמידט צום אָרט. אַ שפּראָץ אויף טאָג, ווען די באָמבאַרדירונג האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, איז אונ־טערגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער אָפּטיילונג צום פּאָרל, האָט גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם פּיאַניסט אין פּלייצע און געזאָגט צו עסטעלן:

„את בחורה מאנשי שלומינו, יישר כח לך! (ביסט אַ בחורטע פון אונדזער גלייכן!).

***

גאָר אומגעריכט האָט זיך פעלאַ דערוווּסט, אַז איר איינציקער ברודער, אַלבערט, האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דייטשלאַנד און געפינט זיך אין ישראל, ער איז פאַרהייראַט און פאַרדינט גאַנץ גוט ביי זיין זייגער־מאַכער פאַך. ברודער און שוועסטער האָבן נישט גע־גלייבט זייערע אויגן.ביידע האָבן געמיינט, אַז קיינער איז נישט געבליבן לעבן אין דער פאַמיליע. אַלבערט און זיין פרוי זענען געוועזן זיכער, אַז פעלאַ וועט זיין צופרידן צו ווינען מיט זיי, נאָר ווי איבעראַשט זענען זיי געוואָרן, ווען זי האָט געפרעגט אַן אויפגערעגטע:

„וואָס רעדט איר? פאַרלאָזן די אָרנשטיינס? זיי זענען דאָך מיינע נאָענטסטע פריינד!"

„נעענטער פון אַ ברודער?" — האָט אַלבערט זי באַטראַכט מיט ביטול. „וועסט זיין אַן אייביקע דינסט ביי די צוויי קאַליקעס!" — האָט ער גערעדט אַ צערייצטער. ער איז געווען אויסגעהונגערט נאָך משפחה, נאָך אַ קרוב.

אין אַ יאָר אַרום, ווען די הסתדרות האָט פאַרבעטן די אָרנשטיינס קיין אַמעריקע, איר צו העלפן אָנפירן מיט דער יערלעכער געלט־אַקציע, און דערוויסנדיק זיך, אַז פעלאַ קלייבט זיך אויך מיטצופאָרן, איז אַלבערט ווידער צוגעשטאַנען צו איר:

„וואָס זשע, דו האָסט גאָרנישט קיין אייגן לעבן? טראַכסט גאָר־נישט אויפצושטעלן אַ שטיקל היים פאַר זיך אַליין?", איז ער געווען פול מיט טענות צו איר.

„מיין לעבן איז ענג געבונדן מיט זייערס, און זייער היים וועט אויך זיין מיינע!" — האָט זי אים דעמאָלט געענטפערט כמעט מיט די זעלביקע ווערטער ווי די מואביטישע רות, כאָטש זי האָט קיינמאָל נישט געהערט פון איר אין איר אַסימילירטער שטוב, און אַוודאי נישט אין דער סביבה וווּ זי האָט פאַרקערט.

2

דער טריאָ איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין סעפטעמבער, דאָס הייסט, איידער די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן הייבן זיך אָן. פאַרשיי־דענע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַנגאַזשירט מיט די אָרנשטיינס קאָנצערטן אי אין שטאָט, אי איבערן לאַנד, ווי אויך אין די שכנותדיקע מדינות,

קאַנאַדע און מעקסיקע, און אפילו אינעם ווייטן אַרגענטינע. ס׳האָט אויסגעקוקט ווי נאָך פיל לײדן, מאַטערנישן און נע־ונד, האָט דאָס מזל אויך אַ שמייכל געטאָן צו זיי. אָבער נישט אויף לאַנג...

פעלאַ, אָט די אומגעוויינטלעכע פרוי, איז זיי געוואָרן מער ווי אַ שוועסטער און טייערער ווי וועלכער עס איז מענטש אויף דער וועלט, האָט זיך גענומען באַקלאָגן אַלץ אָפטער אויף חולאתן, אָפּ־געשפּאָרטע, קאָנטיק, ביי די נאַציס און פון וועלכע די דאָקטוירים האָבן נישט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף. איין דיאַגנאָז האָט סותר געווען די אַנדערע. ביי איין ספּעציאַליסט איז עס געווען אַ געוויסע פאָרם פון רעמאַטיזם, ביי אַ צווייטן — אַ דוחק אין קאַלציום. די „עקסרעיס״ האָבן צו גאָרנישט געפירט. מען האָט זי געפּרוּווט היילן מיט די אַנטי־ביאָטישע מיטלען ווי פעניסילין און קאָרטיזאָן. איר געזונט האָט זיך נישט פאַרבעסערט, פאַרקערט, די ווייטיקן זענען שאַרפער געוואָרן און זי אָפט געצוווּנגען צו ליגן גאַנצע טעג אין בעט.

די אָרנשטיינס זענען נישט אָפּגעטראָטן פון איר. ביידע אָדער איינער פון זיי איז געווען ביי איר זייט, און ווען זיי האָבן געמוזט, צוליב פּראָפעסיאָנעלע ענינים פאַרלאָזן דאָס הויז, האָבן זיי איר באַ־זאָרגט מיט אַ נאָענטן מענטשן, וואָס זאָל שטיין אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט זיי.

וואָס לענגער די אָרנשטיינס זענען פאַרבליבן אין לאַנד, אַלץ פּאָפּולערער זענען זיי געוואָרן. צו זייער אַרטיסטישן דערפאָלג קאָן מען, אָן ספק, צורעכענען זייער אײדעלע און פריינדלעכע באַנעמונג צו לייט. ס׳איז דאַכט זיך נישט געווען קיין איין חשוב און אָנגעזען הויז אין יענער סביבה, וווּ די דריי (ווען פעלאַ האָט זיך געפילט בעסער) זאָלן נישט פאַרבעטן ווערן. די קאָנטשאָפט איז געוואַקסן און זייערע פריינד האָבן זיך געמערט. ס׳האָט זיך מיט דער צייט איינגעשטעלט אַזוי, אַז זיי האָבן פאַרטיילט דאָס יאָר אויף צוויי שטעט: זומער אין ניו־יאָרק און ווינטער — אין דער זוניקער מיאַמי ביטש.

עס האָבן זיך געפונען צווישן זייערע ידידים און פאַרערערס אַזוינע, וועלכע האָבן באמת געדאגהט וועגן זייער גורל. הוץ פעלאַן האָט קיינער פון זיי נישט געקראָגן פון די דייטשן שילומים. „וואָס וועט זיין, האָבן יענע געטענהעט, טאָמער וועט זיך אַ קאָנצערט נישט איינגעבן פינאַנסיעל? טאָמער וועט זיך פעלאַס קראַנקייט, חלילה, פאַרציִען?״ און נאָך אַזוינע „טאָמערס״...

ס׳האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ גרופּע פּאַטראָנען (ספּאָנסאָרס) פון די קינסטלער און זייערע קאָנצערטן מיט אַ געוויסער ביישטייערונג, וואָס האָט דערמעגלעכט, אַז די אָרנשטיינס זאָלן קאָנען פּלאַנירן, ווי־עס־איז, זייער יערלעכן בודזשעט. ס׳האָט שוין אַפילו געהאַלטן דערביי, זיי זאָלן איינהאַנדלען אַ קאָנדאָמיניום פאַר זיך אין דער עיר הבירה, און נישט דאַרפן מער זוכן, אין סאַמע ברען פון סעזאָן, אַ דאַך איבערן קאָפּ...

גראַד דעמאָלט האָט זיך פּלוצעם קראַנקייט פאַרערגערט. איר אויסגעצערטער קערפּער איז באַדעקט געוואָרן מיט געשווירן. מ׳האָט געזען באַשיינפּערלעך ווי די פרוי גייט איין מיט יעדן טאָג. די מומחים־דאָקטוירים האָבן מיר נישט געהאַט קיין האָפענונג פאַר איר. האָבן די פאַרצערטע אָרנשטיינס באַשלאָסן אויך אויסצופּרווון, נאָך לאַנגע באַראָטונגען מיט פאַרשידענע ספּעציאַליסטן, די מעיאָ־קליניק.

3

אַ גאַנצע שטאָט איז אויסגעוואַקסן אַרום דער קליניק, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זיינע לעגענדאַרע גרינדער, די דאָקטוירים מעיאָ — פאָטער און צוויי זין. זיי האָבן זיך לאַנגע יאָרן אַרומגעטראָגן מיט אַ חלום צו שאַפן אַ הייל־אַנשטאַלט, וואָס זאָל מרעיש־עולם זיין מיט זיינע קוריר־מיטלען. און, כּידוע, האָט זיך עס זיי איינגעגעבן. הגם מען האָט דאָרטן אַריינגעבראַכט און איינגעפירט די נייעסטע און מאָדערנסטע איינריכטונגען און מעטאָדן, און אַלץ פונקציאָנירט דאָרטן לויט אַ קאָמפּיוטער סיסטעם, קומט אָבער אין חשבון קודם־כּל — דער מענטש. דער פּאַציענט, הייסט עס, מען רעכנט זיך שטאַרק מיט זיינע נויטן, באַדערפענישן און שטימונגען. יעדע מחלה ווערט באַהאַנדלט מיט אַ שטרענג־פּרעציזער פּינקטלעכקייט. דער חולה ווערט עקזאַמינירט און איבערעקזאַמינירט צוערשט פון די אַסיסטענטן פון דער שייכותדיקער חולאת און שפּעטער פונעם הויפּט־מומחה פון דער אָפּטיילונג.

די אָרנשטיינס און זייער קראַנקע פריינדין האָבן זיך געפילט עלנט און פאַרלאָרן אין דעם דאָזיקן מעדיצינישן לאַבירינט. ס׳האָבן זיך אַוועקגעצויגן פינף לאַנגע וואָכן אין וואַרטן. די קליניק־אַדמיניסטראַציע האָט געפאָדערט אַלע דאָקומענטן, דיאַגנאָזן, רעצעפּטן,

רענטגען־בילדער, גענומען אין פאַרשידענע שפּיטאָלן, ווו פעלאַ האָט זיך קורירט, באַזונדערס טאַקע די סאַמע לעצטע, און זיי גראָד זענען אַרויס אומקלאָר. און מ׳האָט געדאַרפט נעמען נייע.

איין טאָג האָט דער הויפּט־כירורג ענדלעך געזאָגט צו עסטעלן:

— מען וועט מוזן אייער פריינדין אָפּערירן, אויב נישט — וועט זי דאָס יאָר נישט איבערלעבן — האָט ער געזאָגט קאַטעגאָריש צו איר אין זיין אָפיס.

שפּעטער האָט ער איבערגעחזרט די זעלביקע רייד פאַר פעלאַן מיט נאָך אַ פּאָר צוגאָבן:

— מרס. אולמאַן! די „עקס־רעי״־בילדער ווייזן, אַז אַ געוויסער דריז, וואָס געפינט זיך געוויינטלעך ביי מענטשן אין האַלדז, איז ביי אייך פאַרשטעקט אין ברוסט־קאַסטן אונטער אַ ביין, און אויף אים איז אָנגעוואַקסן אַ טומאָר, גרויס ווי אַ וועלטשענער נוס. מען וועט אים מוזן אויסשניידן! מרס. אולמאַן! איך זאָג עס אייך אָפן און קלאָר. ס׳איז אַ שווערע און געפערלעכע אָפּעראַציע, און מען מוז זי נאָך מאָרגן דורכפירן!

אַ פּאָר בלאַסע אַפּלען, אָנגעפילט מיט שרעק און פאַרצווייפלונג, האָבן געקוקט אויף אים.

— אייער שרעק איז פאַרשטענדלעך, — האָט דער כירורג שטיל געזאָגט — מיר וועלן טאָן אַלץ פאַר אייך אין אונדזערע מעגלעכקייטן...

— איך שרעק זיך נישט פאַר זיך! — האָט פעלאַ אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָרס האַנט. — איך מוז לעבן! איך מוז לעבן! — האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט. ס׳האָבן איר געפעלט ווערטער און — אָטעם...

עס זענען אַוועק אַ פּאָר מינוט. זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן זיין האַנט, און דער פאַרהאַרטעוועטער כירורג, וואָס האָט געזען אַ סך ליידן און פּיין אין זיין פּראַקטיק, האָט מיטאַמאָל דערהערט רייד, וועלכע האָבן אים אויפגעטרייסלט ביז די טיפענישן.

— דאָקטאָר! — האָט זי זיך ביי אים געבעטן. — איך מוז לעבן צוליב מיינע פריינד! זיי זענען גרויסע אַרטיסטן און זיי נייטיקן זיך אין מיר... איך בעט אייך דאָקטאָר!...

דער כירורג האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ און נישט אויפגעהערט צו פליסטערן:

— מיר וועלן טאָן אַלץ אין אונדזערע כוחות... אַלץ!

די אָפּעראַציע איז פאָרגעקומען אין שכנישן שפּיטאָל, מיט וועלכן די קליניק איז פאַרבונדן. זי האָט אַרויסגערופן אַ רושם.

עס זענען געווען באַקאַנט בלויז צוויי אַזוינע פאַלן אין דער מעדיצינישער וועלט. דריי ספּעציאַליסטן און אַ צאָל געהילפן האָבן זיך מתעסק געווען מיטן חולה. די דאָקטוירים זענען שפּעטער אַרומ־געגאַנגען צעשטראַלטע. ס׳איז געווען אַ געלונגען שטיקל אַרבעט! ס׳איז געווען אַ מעדיצינישע דערגרייכונג!

היות ווי פּעלאַ איז צוליב דער אומגעוויינטלעכער געשעעניש „באַרימט״ געוואָרן אין שפּיטאָל, זענען איר געקומען באַזוכן פאַר־שידענע לייט: פּאַציענטן, קראַנקן־שוועסטער, מעדיצינער פון אַנדערע אָפּטיילונגען, אויב נישט צו שמועסן, איז כאָטש אַ קוק צו טאָן אויף איר. צווישן די געסט איז אָפּט געווען די הויפּט־שוועסטער, אַנעט, אַ דענישע פרוי מיט אַ סך מעלות אין איר פּראָפעסיע — ראַפינירט, ליבלעך, אינטעליגענט. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די צוויי אַ מערקווירדיקע פריינדשאַפט. מעגלעך, אַז צו דעם האָט ביי אַנעטן גורם געווען די זכרונות פון דער נאַצי־תקופה אין איר היימלאַנד, ווען איבער די יידן דאָרטן האָט געלויערט די סכנה פון אומקום, און די ווונדערלעך־העלדישע הילף, וואָס אירע לאַנדסלייט האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן צו זיי...

אַנעט איז אויך נאָענט געוואָרן מיט די אָרנשטיינס. זי האָט זיי אָפּט אַרומגעפירט איבער די פּאַלאַטעס, קאָרידאָרן, וועגן און אומ־וועגן פונעם ריזיקן קאָמפּלעקס. זי האָט זיי באַקאַנט מיט די אָנ־פירער פון שפּיטאָל, מיטן סטעף דאָקטוירים, אינטערניסטן, קראַנקן־שוועסטער. און איינמאָל האָט זי זיי געבראַכט, צו זייער אָנגענעמער איבעררעשונג, צו אַ רחבותדיקער אודיטאָריע, וווּ ס׳האָט געבלאַנקט אין דער האַלב־טונקלקייט — אַ גראַנד־פּיאַנע.

— דאָס איז ראָטשעסטערס מוזיק־צענטער! — האָט געזאָגט די שוועסטער אַנעט מיט שטאָלץ — דאָ קומען פאָר אונדזערע סימפאָנישע קאָנצערטן!

עמיל האָט גענומען עטלעכע אַקאָרדן און זיך מער נישט געקענט אָפּרייסן פון קלאַוויר. אין זאַל האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ פּאָפּורי פון טשייקאָווסקיס און ראַכמאַנינאָווס שאַפונגען. און באַלד האָט זיך אויך דערהערט עסטעלס פאַרכאַפּנדיקע שטימע, ווי פאַר איר וואָלט זיך נישט געפונען אַן איינציקע צוהערערין, נייערט אַ פולע אודיטאָריע...

די שוועסטער אנעט איז געווען שטאַרק גערירט. זי האָט זיי געדריקט די הענט מיט באַגייסטערונג און זיי פאַרגעלייגט דאָרטן צו

פראַקטיצירן ווי אָפט זיי ווילן. און בכדי זיי זאָלן נישט אַרומ־בלאָנדזשען אין די פּילצאָליקע געביידעס, האָט זי זיי אַליין באַגלייט אַהין.

איין טאָג, ס׳איז געווען איינער פון די שווערסטע פאַר די אָרנשטיינס. זיי זענען געזעסן פאַרזאָרגטע אין צימער און געטראַכט ווי זיך אַן עצה צו געבן מיטן שלל חובות, וועלכע האָבן זיך אָנ־געקליבן פאַר דער צייט, האָט זיך אין יענער מינוט דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, אַקוראַט ווי עס ווערט געשילדערט אין די שפּאַ־נענדיקע מעשה־ביכלעך, איידער הילף קומט אָן. און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן די שוועסטער אַנעט. שוין איר שמייכל האָט סוגע־רירט, אַז זי איז אין שליחות מיט אַ בשורה טובה.

— שוועסטער אַנעט — האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט פון אָרט, — וואָס פאַר אַן איבעררעאַשונג!

— הערט, מיינע פריינד! — האָט זי געזאָגט שטיל, אָבער אין אַ פייערלעכן טאָן. — די שפּיטאָל־אַדמיניסטראַציע האָט באַשלאָסן דורכצופירן מיט אייך אַ מוזיקאַלישע אונטערנעמונג. איר גרייט צו דעם פּראָגראַם, — האָט זי געכישופט מיט איר שמייכל — און מיר אַלע וועלן זיין אייערע צוהערערס...

הגם די אָרנשטיינס זענען געווען איבערגעוועלטיקט פונעם אָנבאָט, האָבן זיי נישט גלייך געענטפערט. אַנעט האָט באַמערקט זייער פאַר־לעגנהייט, און זי האָט גלייך צוגעגעבן:

— מיר מיינען עס נישט פאַר אומגעצאָלט...

— נישט אין דעם גייט עס, שוועסטער אַנעט, — האָט זיך אָפּ־גערופן עסטעל — מיר וואָלטן זייער געוואָלט אַז דער דאָקטאָר זאָל דערלויבן פעלאַן בייזיין, אויב מעגלעך...

— איך וועל זיך דורכרעדן מיטן כירורג! — האָט זי איר באַ־רויִקט. — זאָגט מיר, מיט וואָס נאָך קאָנען מיר אייך בייהילפיק זיין?

— נעמט עס נישט פאַר אומגוט, שוועסטער אַנעט. מיר האָבן דאָ נישט אַפילו די נייטיקע קליידער פאַר אַזאַ אויפטריט.

די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך געשטעלט אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט אַ קאָסטיום־פירמע און דער ענין איז שנעל דער־ליידיקט געוואָרן.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט. די אַרטיסטן איז נאָך קיינמאָל פריִער נישט אויסגעקומען אויפצוטרעטן פאַר אַזאַ סאָרט עולם. נייגעריקע בליקן האָבן באַטראַכט די צוויי מענטשן, ווי זיי וואָלטן

אַראָפּגעקומען פון אַן אַנדערן פּלאַנעט, כאָטש עמיל האָט אויסגעפירט די מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס פון ליסטן, באַכן און שטראַוסן, און עסטעל האָט געזונגען באַקאַנטע באַלאַדן און ציגיינערישע ראָמאַנסן. ווי דאָס פּובליקום וואָלט דערוואַרט פון זיי גאָר אַן אַנדערן קאָנצערט, אַן אַנדערן רעפּערטואַר. ערשט ווען דער איינהאַנטיקער פּיאַניסט האָט אַ שפּיל געטאָן זיין קאָמפּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרפאַסט צום אָנדענק פונעם „יום־כיפּור־קריג", האָט זיך געמערקט אַן אויפרודער, הגם אין זאַל האָבן זיך געפונען בלויז געציילטע יידן. די שטאַרק דינאַמישע טענער האָבן אינסצענירט דעם העראָישן געראַנגל פון אַ קליין פאָלק, אַרומגערינגלט פון אַ גרויזאַמען שונא.

אויך עסטעל האָט דערשפּירט, אַז זי בלאָנדזשעט, און זי האָט פאַרענדיקט איר טייל פון פּראָגראַם מיטן באַקאַנטן תּפילהדיקן מאָטיוו: „איך גלייב!"

„איך גלייב — פון יעדן טראָפּן רעגן
וואַקסט אויס אַ בלום!
איך גלייב, אַז ערגעץ אין דער נאַכט —
ציטערט אויף אַ ליכט!
איך גלייב, אַז יעדער איינער, וואָס בלאָנדזשעט
וועט עמעץ קומען —
ווייזן אים דעם וועג!
איך גלייב! איך גלייב!
איך גלייב — אין גרעסטן שטורעם
ווערט די שטילסטע תּפילה
דערהערט!

איך גלייב — אינעם אומענדלעכן חלל
פאַרנעמט ווער יעדעס וואָרט.
און ווען צו מיר דערטראָגט זיך
דאָס געוויין פון אַ נייגעבוירן קינד,
צי איך באַריר אַ בלעטל פון אַ בוים,
אָדער דערזע דעם בלוי פון הימל —
דאַן פאַרשטיי איך —
פאַרוואָס איך גלייב!
ווייל דיין איז דאָס קעניגרייך

און די מאַכט
און די גלאָריע אויף אייביק
און אייביק !...
איך גלייב !

ווען עסטעל האָט געענדיקט, האָט אין זאַל געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט. די אָרנשטיינס האָבן זיך געשראָקן, אַז זייער אויסוואַל איז געווען אַ טאָטאַלער דורכפאַל, מחמת דער עולם האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין קאָנטיקע רעאַקציע, ווי אין דער גראַנדיעזער אוידיטאָריע וואָלטן נישט געזעסן קיין מענטשן, נאָר אויסגעשטעלטע שטיקער מעבל. אָבער פּלוצעם איז אויסגעבראָכן אַ שטורעמדיקער אַפּלאַוז, וואָס האָט נישט געוואָלט אויפהערן...

משמעות, אַז יעדער זוכנדיקער מענטש איז דאַנקפול דעם גלייביקן, אַפילו ווען ער אַליין טראָגט זיך אַרום מיט ספקות...

# דעם מאָלערס טעכטער

1

אַלעקסאַנדער בליט האָט געדולדיק געוואַרט אויף זיין יינגערער טאָכטער, דינה, וואָס האָט זיך איבערגעטאָן אין איר צימער. ער האָט דערווייל איבערגעקוקט אָנגעהויבענע צייכענונגען, צו וועלכע ער האָט זיך שוין אַ צייט נישט צוגערירט. אויפן שרייבטיש זענען געווען אָנגעוואָרפן פאַפּירלעך מיט דאַטעס פון שטעט, וווהין ער איז געווען פאַרבעטן אויף לעקציעס וועגן קונסט, וועגן ליטעראַטור. אַלץ האָט אים אַצינד אויסגעזען אומוויכטיק, איבעריק...

בליט האָט געהאַט זיין סטודיע אין גריניטש ווילעדזש. און הגם זיין הויפּט קליענטעלע איז געווען פון אויפגעקומענע שטעטלעך אין „לאָנג־איילאַנד", ביי די לוקסוסדיקע רעפאָרם־טעמפּלען, ווו אַ סך פון די ווענט זענען געווען באַדעקט מיט זיינע מוראַלן און פרעסקן, האָט ער געוווינט און זיך געזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט אויף דער „איסט־סייד", געשריבן אַמאָל וועגן אַ קונסט־ענין אין אַ יידישן בלאַט, און זיך בכלל באַטראַכט פאַר אַ גליד פונעם יידיש־אימיגראַנטישן ישוב.

זיינע צוויי טעכטערלעך, מרים און דינה, זענען געווען געראָטן אינעם פאָטער.ביידע מיטלוווקסיקע, מיט אויגן גרויסע, שאַרפע און דורכדרינגנדיקע, באַזוימט מיט דינע טאַשמעס שוואַרצן זייד, איבערן אָוואַלן קאָפּ האָבן זיך געכוואַליעט שוואַרצע לאָקן און אַ קלענערער האָט קאַפּריזנע געהויערט איבערן שטערן ווי אַ פרעגצייכן. ביידע האָבן געהאַט בליטס טעמפּעראַמענט: אימפּעטיק, אימפּולסיוו און צייטנווייז באַהערשט פון אַן אומבאַגרייפלעכער אַפּאַטיע, ווי די גאַנצע ענערגיע וואָלט מיט אַמאָל אויסגערונען ביי זיי. באַקאַנטע האָבן די צוויי גערופן: „אַלעקסאַנדערס טעכטערלעך", גלייך זיי וואָלטן, חלילה, נישט געהאַט קיין מוטער...

ראַשעל האָט עס געוווסט און זי האָט זיך, ווי אַ רעאַקציע, גע־

האַלטן אין שאָטן. דער פּאַרדראָס ביי די אייגענע איז געווען אין־לשער, מחמת זי איז געווען אַ לערערין אין אַ רעגירונגס־שול און מאַמעס פּלעגן קומען צו איר זיך שואל־עצה זיין וועגן זייער קליינוואַרג. זי האָט אָבער געלאָזן די דערציִונג פון די מיידלעך אין איר מאַנס הענט. אגב, האָט אין דעם צוגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס זי איז כמעט דעם גאַנצן טאָג נישט געווען אין דער היים, און איר ביסל פרייע צייט איז אַוועק אויפן שפּייז־איינקויף, אויף צוגרייטן דעם אָוונט־מאָלצייט און אויף אַנדערע שטוביקע קליינוויקייטן.

בליט האָט נישט געהאַט קיין נחת פון זיינע קינדער. מרים האָט יונג חתונה געהאַט פאַר אַ סטודענט, וואָס האָט נאָך נישט געוווּסט באַשטימט וואָס פאַר אַ קורסן צו נעמען. ער האָט געטראָגן, ווי די מאָדע איז היינט, אַ לאַנגע באָרד און נאָך לענגערע האָר, און האָט אָפּט אָנטיילגענומען אין פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן דער „עסטאַבלישמענט". אָבער לאַנג האָט זי זיך מיט אים נישט געהאַלטן. זי האָט אין אַזאַ לעבן נישט געזען קיין תכלית פאַר זיך. אויך די צווייטע הייראַט האָט זיך געענדיקט מיט אַ שיידונג. איר מאַן, אַ געשעפטס־אָנפירער פון אַ גרויסער פירמע, איז נאָך נישט געווען ראוי פאַר דער עמאַנציפּירטער פרוי, וואָס זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. היות ווי מרים האָט זיך אויסגעצייכנט אין טאַנצן, האָט זי זיך אַנגאַזשירט אין אַ באַלעט־גרופּע, וועלכע האָט גאַסטראָלירט אין פאַרשידענע שטעט, און די עלטערן האָבן זי זעלטן אָנגעזען אין די אויגן.

די יינגערע, דינה, אַ שילערין פון „היי־סקול" האָט אַרויסגעוויזן נישט נאָר גרויסע פעִיקייטן אין די לימודים, נאָר אויך אין מאָלעריי. בליט און זיינע קאָלעגן האָבן אָנגעקוואָלן פון אירע אַרטיסטישע איינפאַלן, פון אירע פאַרבן־קאָמבינאַציעס. דער פאָטער האָט זיך געשפּיגלט אין איר. געהאָפט אַז זי וועט ווייטער ציִען דעם שלשלת־היוחסין אין דער משפחה. ווער וואָלט זיך עס אַ שטייגער פאָרגעשטעלט, אַז גראָד זי זאָל אים פאַרשאַפן אַזוי פיל עגמת־נפש און ברענגען אַזאַ ביוש אויף אים און אויפן גאַנצן הויזגעזינד.

דאָס אומגליק איז געקומען, ווי אים האָט זיך געדאַכט אומדערוואַרט, כאָטש די סימפּטאָמען האָבן זיך אָנגעהויבן מערקן נאָך מיט אַ יאָר פריער, און ווי געוויינטלעך, האָט מען זיי נישט גענומען צו ערנסט...

דינה האָט דעמאָלט געפּראַוועט איר זעכצנטן געבוירן־טאָג. ס'איז

געווען אַ צונויפקום פון שול־חברים מיט אַ שמץ פון מיטליאָריקע משפּחה־לייט. דאָס יונגוואַרג האָט געזונגען, געטאַנצט, באַגלייט פון פּאָפּולערע מוזיק־פּלאַטן, זיך געלאָזט ווילגיין מיטן שלל משקאות און צובייסנס, און — ווידער געטאַנצט, צוגעדריקט קאָפּ־צו־קאָפּ און באַק־צו־באַק. דינה איז נישט אָפּגעשטאַנען. אַדרבה, זי האָט אָפּט איבערגעשטיגן די אַנדערע מיט איר אייפערדיקייט, מיט איר עק־זאַלטאַציע...

די חברה־לייט האָבן אויך נישט פאַרגעסן צו האַלטן לאַנגע טאָסטן לכּבוד זייער חברטע. ווען דאָס מיידל האָט געדאַרפט, ווי ס׳פּירט זיך, ענטפערן, האָט זי זיך דורכגעשטופּט צום אויבנאָן, איז אַ ווײַלע גע־שטאַנען אַ בלאַסע, די ליפּן האָבן ביי איר געציטערט. דער שאַרפער גלאַנץ אין די אויגן איז דעמאָלט געווען נאָך שאַרפער און אַ ביסל קרומלעך, און האָט אַרויסגערופן אַן אומהיימלעכקייט. פּלוצעם האָט זי זיך אָפּגעריסן פון אָרט, און זיך געלאָזן, צו אַלעמענס איבער־ראַשונג, צו דער טיר. דער פאָטער איז אַרויס נאָך איר. דינה האָט זיך געיאָגט איבער די ליידיקע גאַסן, ווי געטריבן פון בייטשן. ווען בליט האָט זי ענדלעך אָנגעיאָגט, האָט זי אים אָנגעקוקט לאַנג און שטאַר ווי אַ פרעמדן, רחמנא־לצלן...

— דינהלע, מיין קינד, וואָס איז מיט דיר געשען? — ער האָט קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם.

— כ׳ווייס ניט, פּאַ. — האָט זי פאַרנומען די זשמוטן האָר פון פּנים. זי איז אים נאָכגעגאַנגען אַ שווייגנדיקע, און געהאַלטן אין איין דרייען דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, ווי עמעצער וואָלט געלויערט אויף איר. די מוטער איז אַ צעשראָקענע געלאָפן אַנטקעגן דער טאָכטער. זי אַרומגענומען, געדריקט צו זיך, און זייטיק געוואָרפן בייזע בליקן צום מאַן, גלייך ער וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען...

אויף מאָרגן, זונטיק, איז דאָס מיידל נישט געווען צו דערקענען. זי איז אויפגעשטאַנען, ווי אין יעדן ניטלערן טאָג, שפּעטלעך. געענט־פערט אויף טעלעפאָן־רופן רויִק, געלאַסן און זאַכלעך. געבעטן ביי אַנדערע פאַרציִיונג פאַר איר נעכטיקן אויפפיר. נאָך דעם איז זי געזעסן ביי אַ לייוונט און צוגעקליבן פאַרבן. פון אַ פענצטער האָבן זיך אַריינגעריסן זונשטראַלן, באַרירט איר געלאָקט קעפּל, איר שיינעם שטערן. דעם פאָטערס האַרץ, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט זיך נישט געוואָלט איינשטילן, איז אַצינד געווען פאַרצויגן מיט אַ דין

מנוחהדיק הייטל. און דער פאַרגאַנגענער אָוונט האָט אים אויסגעזען ווי אַ קאָשמאַר, ווי אַ בייזער חלום...

אַ פּאָר וואָכן זענען אַוועק מיט דער געוויינטלעכער רוטין. דינה האָט באַזוכט רעגולער די שול, געווען פאַרהאַוועט מיט אַרויספאַרטיקן איר היימאַרבעט. אין די פרייע שעהען זיך געטראָפן מיט פריינד, צי געמאָלן ביי זיך אין צימער. און „יענע געשעעניש האָט גענומען פאַרבלאַסן, אויסרינען פון געדעכעניש.

איינמאָל איז בליט אַריין צופעליק אין איר חדר. זיין בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ פּאָר ביכלעך מיט קאַרטאָן־טאָוועלעך פון קעשענע־פאָרמאַט. שוין דאָס שער־בלעטל האָט אָנגעוווּנקען אויף זייער תוכן. ער האָט מער ווי אַ זייטל נישט דערלייענט. פון יעדער שורה האָט געהויכט מיט ווולגאַר־פעפערדיקע אויסדרוקן, פשוטער גערעדט, מיט פּאָרנאָגראַפיע. ער האָט געפונען אין אַ שופלאָד אַ פּעקל פּאָטאָ־קאַרטלעך פונעם זעלביקן כאַראַקטער. ער האָט, פאַרשטייט זיך, געוווּסט פון דער פאַרשייטקייט און צולאָזנקייט פונעם יונגן דור. אָבער ווי יעדער פאָטער האָט ער נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז אַזוינס קאָן אויך טרעפן מיט זיין אייגן קינד. ס׳איז פאַר אים דעמאָלט קלאָר געוואָרן, אַז דינה נייטיקט זיך אין הילף, אפשר אין פּסיכיאַטרישער הילף, ווייל אָט דער צושטאַנד קאָן זי נאָך, חלילה, דערפירן צו אַן אומגליק. אים האָט בשעתו שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך נישט געהנוג אָפּגעגעבן מיט איר, פאַרפעלט אפשר דאָס סאַמע עיקר־דיקסטע, נעמלעך — איינצושטעלן מער נעענטערע, אַ מער אינטי־מערע באַציִונג מיט איר, ווי צווישן עלטערן און קינדער דאַרף זיין...

יענעם אָוונט האָט בליט געהאַט אַן ערנסטן שמועס מיט זיין פרוי. ער האָט אַרויסגעזאָגט שאַרף־קריטישע ווערטער אויף ביידנס חשבון. און ער האָט לסוף באַשלאָסן צו נעמען דינהן צו זיינעם אַ פריינד, אַ ספּעציאַליסט אויף דעם פעלד, אויף אַן אונטערזוכונג. ראַשעל האָט אים אויסגעהערט אַ שווער־שווייגנדיקע, אַ פאַרקלערטע און רגעוויז אַפילו מיט אַ שמץ שאָדנפרייד, הגם ס׳האַרץ האָט ביי איר געווייטיקט נישט ווינציקער ווי ביי אים...

2

בליט האָט ענדלעך אָנגעקלאַפּט אין דינהס טיר, זי אַן עפן געטאָן און גלייך צוריק פאַרמאַכט. דאָס מיידל איז געשטאַנען אַן אַנטבלויזטע

פאַרן שפּיגל און זיך געקאַמט. ער האָט אויסגערופן מיט אַ באַהערשט קול:

— האָסט פאַרגעסן, מיין קינד, אַז מיר דאַרפן זיין ביים דאָקטאָר פינקטלעך דריי אַ זייגער?

— איך קום גלייך אַרויס, — האָט זי געזאָגט רויִק, גלייך גאָר־נישט אומגעוויינלעכס וואָלט געשען.

דעם דאָקטאָרס קאַבינעט האָט זיך געפונען אין מאַנהעטן, און מ׳האָט געדאַרפט פאָרן אַהין מיט דער סאָבוויי. אויפן וועג צו דער סטאַנציע האָט דער פאָטער געפרעגט:

— דינה, דו האָסט מסתמא געלאָזט וויסן אין „סקול", אַז דו וועסט היינט אויספעלן צום לערנען?

— ניין!

— פאַרוואָס נישט, מיין קינד?

— ווען האָב איך עס געזאָלט טאָן? כ׳בין שוין העכער אַ וואָך דאָרטן נישט... — האָט זי זיך פאַרהאַקט.

— ביסט שוין העכער אַ וואָך... — האָט ער אויך נישט געענ־דיקט און זיך אָפּגעשטעלט. פּלוצעם האָט ער באַמערקט דעם שאַרפן און אַ ביסל קרומלעכן גלאַנץ אין אירע אויגן, ווי ביי דער דערמאָנ־טער שמחה. ער האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, האָט זי זיך אַרויסגעריסן און זיך אַ טראָג געטאָן אומגעלומפּערט איבער דער גאַס. ער האָט זי דערכאַפּט ביי די סאָבוויי־טרעפּ. זיי זענען ביינאַנד אַראָפּ און, אָן ווייטערדיקע רייד, דערפאָרן צום ציל.

ביי דער סאַמע טיר גיט זי אים ספּאָנטאַן אַ פרעג: — זאָג נאָר, פּאַ, אַז דו דאַרפסט גיין צום דאָקטאָר, וואָס שלעפּסטו מיך מיט?

— מען דאַרף גיין יעדן יאָר אויף אַ „טשעק־אַפּ" (אונטערזוכונג), איז ער גרייט געווען אויף אַזאַ פראַגע. — די מאַמע האָט עס שוין געטאָן. נו, איצט דאַרפן מירביידע...

— וועגן מיר דאַרפסטו זיך נישט זאָרגן, פּאַ! איך בין שטאַרק ווי אַ... אַ — מויער!

— איך ווייס, איך ווייס, מיין קינד! — האָט ער שטיל אַ זיפץ געטאָן. אָבער עס קען נישט שאַטן...

ד״ר לאַזאַרוס, בליטס אַ יוגנט־פריינד, וועלכן ער האָט, אַגב, זעלטן געזען, האָט שוין פונעם טעלעפאָנישן שמועס מיט אים געוווּסט וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. די אויפנעמעריןֹ האָט אַריינגעפירט די צוויי אין באַזונדערע קאַמערן. ס׳האָט געדאַרפט כלומרשט הייסן, אַז דער

פּאָטער ווערט צוערשט עקזאַמינירט. מ׳האָט זיך פון דעסט וועגן גע־וואָלט באַוואָרענען, די טאָכטער זאָל זיך, בעת־מעשׂה נישט אויפהייבן און — פאַרשווינדן. אין אַ שעה אַרום האָט זיך דער פּסיכיאַטער גע־וויזן פאַר בליטן:

— אַלעקסאַנדער! האָט ער געזאָגט מיט ישוב־הדעת. — איך וואָלט דיר געעצהעט צו זען אַ מאַרך־ספּעציאַליסט. ער וועט דיר בעסער אויפקלערן איר צושטאַנד.

— אַזוי שלעכט האַלט עס מיט איר? — האָט זיך בליט קוים געהאַלטן אויף די פיס.

— איכל זיך באַמיִען, ער זאָל זי אויפנעמען נאָך היינטיקע וואָך, — האָט יענער אויסגעמיטן אַ דירעקטן ענטפער. — אָט האָסטו זיין אַדרעס און טעלעפאָן־נומער.

פאַרנדיק אַהיים האָט בליט געגומען צוגרייטן דאָס מיידל פאַר ווייטערדיקע מעשׂים.

— זעסט, מיין קינד, ס׳איז גוט געווען, וואָס מיר האָבן זיך געלאָזט אונטערזוכן. אָט האָט ער אויסגעפונען ביי אונדז געוויסע דעפעקטן...

— ביי מיר דעפעקטן? מאַך מיר נישט צום לאַכן, פאַ! כ׳האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט, כ׳בין שטאַרק ווי אַ מויער! — האָט זי איבערגעחזרט מיט אַ באַזונדער הנאה דעם פריִערדיקן פאַרגלייך. דער פאָטער האָט זיך געדעדט זיינס.

— מיר וועלן זיך לאָזן באַטראַכטן פון נאָך אַ ספּעציאַליסט, מיין קינד! אַזוי עצהעט אונדז ד״ר לאַזאַרוס. ער איז מיינער אַן אַלטער שול־חבר, און ער מיינט דאָך געוויס אונדזער טובה...

איין נאָך מיטאָג, פאַרן באַשטימטן וויזיט־טאָג, האָט בליט פאַר־לאָזן זיין סטודיע פריִער ווי געוויינטלעך. ער האָט געאײַלט מיט אַזאַ אימפּעט, ווי עפּעס אַן אומגליק האָט געלויערט אויף זיין היים. די דרויסנדיקע טיר איז געווען פאַרריגלט פון אינעווייניק. ער האָט זי מיט איין שטויס אויפגעפּראַלט און זיך אַ טראָג געטאָן צו דינהס צימער. אַלץ האָט זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן — דער דיל, די סטעליע, דאָס מעבל. ער האָט געפונען דאָס מיידל אַליין, און דאָך האָט ער געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז עמעצער איז ערשט דאָ געווען. דער פאַרצווייפלטער פאָטער האָט זי געפרעגט מיט אַ ציט־טעריק האַרץ:

— ווער איז עס דאָ געווען, דינה? זאָג מיר! פאַרבאָרג נישט

פון מיר! — האָט ער זיך ביי איר געבעטן. דאָס מיידל האָט געקוקט אויף אים פון אונטערן שטערן און רוגזהדיק געוואָרטשעט ווי אַ קליין הינטל, ביי וועמען מ'האָט אַרויסגעכאַפּט פון אונטער די סאָמע צייך אַ ביינדל: — כ'וויים נישט. און מער האָט ער ביי איר נישט געקענט אַרויסקריגן קיין וואָרט.

דער מאָלער איז געווען עטלעכע מאָל מיט זיין טעכטערל ביים מאַרך־ספּעציאַליסט. ער האָט גערדאַרפט ווייטער אָנגעבן פאַר איר דעם זעלביקן תירוץ וואָס פריִער. מ'האָט גענומען פון דינהס שיידל „עקס־רעיס" (רענטגען־בילדער), מ'האָט געמאַכט פאַרשידענע טעסטן, און דער מומחה איז ענדלעך געקומען צו דער מסקנה, אַז זי וועט דאַרפן דורכגיין אַ לאָבאָטאָמי־אָפּעראַציע...

— אַ לאָבאָטאָמי־אָפּעראַציע? — האָט דער פאָטער אים נישט פאַרשטאַנען.

— מ'וועט מוזן מאַכן אַן איינשניט אין איר מאַרך, — האָט דער כירורג געציילט די ווערטער. — בכדי זי צו באַפרייען פון געוויסע שפּאַנונגען...

— דאָקטאָר, איך בעט אייך, דערקלערט עס מיר מיט אַ פּשוטער שפּראַך, — האָט בליט געזאָגט, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים.

— דאָס מיידל איז סעקסועל צערייצט, געשלעכטלעך איבער־סטימולירט! — האָט יענער אים געגעבן צו פאַרשטיין. — איך מוז אייך אָבער וואָרענען, מר. בליט, ס'איז אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע און ס'איז פאַרבונדן מיט אַ געוויסער געפאַר...

— אין וואָס באַשטייט די געפאַר, דאָקטאָר?

— זי קאָן פאַרלירן אַ טייל פון אירע גייסטיקע פּאָטענצן חוץ אַנדערע איינשטעלענישן...

— איכל זיך באַראַטן מיט מיין פרוי און אייך לאָזן וויסן אין אַ פּאָר טעג אַרום.

דער ישוב־הדעת האָט געדויערט אַ סך לענגער. די עלטערן האָבן באַטראַכט זייער קינדס מצב פון אַלע ווינקלען. געוויגן און געמאָסטן, לויט זייער יכולת, די מעגלעכע געווינסן לגבי די מעגלעכע אבידות, און נאָך אַ צווייטער באַראַטונג מיט זיין פריינד לאַזאַרוס, האָט דער פאָטער געגעבן, מיט אַ שווער געמיט, זיין הסכמה...

3

דער כירורג איז געווען גערעכט! דאָס מיידל א׳ז אַרויס פון שפּיטאָל אַ שטאַרק געביטענע. זי איז געוואָרן שטילער, געלאַסענער, איינגעשלאָסענער. זי האָט גערעדט ווינציק און האָט אויסגעמיטן מענטשן. די אַמאָל־פרייליכע אויפגעריסענע אויגן זענען געווען פאַר־צויגן מיט אַ רויכל. זי האָט אָנגעוווירן דעם אינטערעס אין מאָלן. און ווען מ׳האָט איר אָנגעוויזן אויף אַרבעטן, האָט זי גלייכגילטיק געהייבן מיט די אַקסל...

בליט האָט זיך אויך געענדערט. איבער די שוואַרצע קרויזן האָט זיך, ווי איבער נאַכט, אַראָפּגעלאָזן אַ נעפּל. ביי די ווינקלען פון מויל זענען צוגעקומען קנייטשן, און אין זיין שטאָלצן גאַנג האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ שמץ הכנעה... ער האָט זיך נישט געקענט געפינען קיין רו. ס׳האָבן אים געמאַטערט ספיקות, צי האָט ער געהאַט אַ רעכט איינצוגיין אויף דעם, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן צו זיין קינד. צווישן מאַן־און־ווייב זענען אָפט אויסגעבראָכן סכסוכים. באַשולדיקנ־דיק איינער דעם אַנדערן אין דעם מיידלס צושטאַנד...

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע פיינלעכע יאָר. אין בליטס אַרבעטן האָבן זיך גענומען ווייזן אויסטערליש־מאָדנע פרויען־פיגורן, מיט אומסימעטריש־פּאַרקרימטע, ליידנדיקע און פריצייטיק־פאַרוועלקטע געשטאַלטן, מיט פאַרריסענע קעפּ און אַרויסגעשפּאַרטע אָפּלען צו אַ גלייכגילטיק־קאַלטן הימל, פול מיט שרעק, אומזיכערקייט און — מאָנונג...

דער מאָלער איז געווען פאַרצווייפלט. זיין קינדס אומגליק, די זאָרג וועגן איר צוקונפט האָבן אויסגעשעפּט זיינע כוחות. און ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע שערי־רחמים זענען שוין אָפּגעשלאָסן, האָט איינמאָל ביי אים פּלוצעם אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אין וועלכן ער האָט זיך אָנגעכאַפּט, ווי דער פאַרצייטיקער בעל־חייב אין די קרנות־המזבח...

איין טאָג האָט ער אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי אַן אַלטמאָדישן שדכן אין ברוקלין, מיטן נאָמען גרשון גאַרפינקל. דער הויכער, דינער בר־נש, ווי אַ לולב, מיט דער לענגלעכער, געלער באָרד, האָט גלייך דערשנאַפּט, אַז נישט פאַר זיך זוכט דער גאַסט אַ שידוך.

— פאַר אַן אייגענעם? קרוב? — האָט יענער געפאָרשט.

— פאַר אַ טאָכטער! — האָט בליט גערעדט אָפענע דיבורים.

ער האָט אָנגעגעבן אירע יאָרן, איר אַלגעמיינעם אויסזען און וויפל נדן זי וועט קריגן. — אָבער מיט איין תנאי...

— וואָס איז דער תנאי? — האָט דער שדכן געוואָלט וויסן.

— איר באַשערטער דאַרף זיין פיל עלטער פאַר איר און אַ — בעל־מום!

— אַ בעל־מום? — האָט דער שדכן נישט פאַרשטאַנען און איז מאָדנע בלייך געוואָרן.

— זי איז עס אויך — אין אַ געווויסן זין...

ר׳ גרשון גאַרפינקלס בליקן זענען געבליבן הענגען אויף אַ טיר קעגנאיבער. ער האָט לאַנג געשוויגן, ווי אים וואָלט שווער געווען אַרויסצוברענגען די פלוצעם אָנגעלאָפענע מחשבות. אַ גלעקל האָט זיך מיט אַמאָל צעקלונגען. ער האָט זיך אָפגערופן צו בליטן:

— אויב איר האָט חשק און צייט, וואַרט צו דאָרטן, זייט מוחל...

— האָט ער אים אָנגעוויזן אויפן פאַרמאַכטן צימער. — כ׳וועל זיך דאָ זאַמען אַ מינוט פופצן. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב פאַר אייך אַ פאַסיקן מענטשן...

בליט האָט אומדרייסט געעפנט די טיר און זיך אָנגעטראָפן דאָרטן אויף אַ פאַרשוין מיט אַ שטאַרקער ענלעכקייט אויפן שדכן. ס׳האָט נישט געקענט זיין קיין ספק, אַז ער איז יענעמס אַ זון.

— איך בעט אייך טויזנט מאָל פאַרצייונג, — האָט זיך דער מאָלער אַ כאַפּ געטאָן אויף צוריק. — כ׳האָב נישט געוווסט...

יענער האָט זיך שטיל געוויגט איבער אַן אָפענעם ספר, און זיך נישט אומקוקנדיק געזאָגט:

— זעצט זיך צו... איר קאָנט דאָ צוואַרטן... — ווי ער וואָלט געווינט געווען צו באַזוכער.

דער מאָלער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ שטול קעגנאיבער, און לאַנג באַטראַכט דעם יונגן מאַן. לויט זיין אויסזען, האָט ער מער ווי דרייסיק נישט געקענט זיין. עפּעס איז געווען אינעם לערנער, וואָס האָט אים פאַראינטריגירט.

— וואָס? זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שווערער סוגיא? — האָט בליט פאַרזיכטיק געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— ס׳גאַנצע לעבן איז אייך שווערע סוגיא — האָט דער לערנער אויפגעהויבן אַ פּאָר ברייט־צעעפנטע אויגן אויפן גאַסט. ער האָט זיך אָפּט געווישט דעם שווייס פון פנים מיט אַ טיכל, און הגם ער האָט עס געטאָן אייליק, אָט מיט איין האַנט, אָט מיט דער צווייטער, האָט

דער מאָלער באַמערקט אַז עס פעלן אים פינגער פוןביידע הענט...

— דאָס האָט מיר היטלער געלאָזן פאַר אַן אָנדענק — האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און צו זיין אייגענעם חידוש, האָט ער גענומען דערציילן פאַרן פרעמדן פראַגמענטן פון זיין צעקנוילטן לעבן:

— אייך וועט זיך מסתמא נישט גלייבן, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז כ׳בין געווען אין דער אַמאָליקער וואַרשע אַ פּיאַנע־קאָנצערטיסט, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ מינע, ווי ער אַליין וואָלט שוין אויך געצווייפלט אין דעם. — בימי די נאַציס, י״ש, — האָט ער ממשיך געווען, — האָט מען אונדז ווי געוויינטלעך, פאַרשפּאַרט אין דער געטאָ. ווען די מחבלים האָבן זיך דערוווסט פון מיין באַרוף, האָט מען מיך, ווי אַנדערע פון מיין גלייכן, צונויפגעטריבן אין דער פילהאַרמאָניע. דאָרטן האָט מען אונדז באַפוילן צו שפּילן פאַר דער נאַצי־עליטע שטראַוסס „לוסטיקע סטרייכע” און נאָך דעם „דער טאַנץ פון די זיבן שלייערן”. איך דאַרף פאַר אייך נישט אויסמאָלן, ווי מיר, יידישע מוזיקער, האָבן זיך דעמאָלט געפילט. אין זאַל איז געווען אַ טומל, אַ געפילדער. מ׳איז אַרומגעגאַנגען, געררויכערט, געררוקט שטולן, געחוזקט...

פלוצעם איז אַרויף אויף דער עסטראַדע אַן עס־עס־אָפיצער און געלאָזט וויסן, אַז די „יודן” האָבן נישט קיין געפיל און קיין פאַר־שטענדעניש פאַר מוזיק, איבערהויפּט פאַר „דויטשע מוזיק”. און בכדי זיי זאָלן זי מער נישט פאַראומווירדיקן וועט ער זי באַפרייען פון זיי. און ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין נאַגאַן און גענומען שיסן אויף די שפּילער. דער ערשטער קרבן איז געווען דער פּיאַניסט. פון אַלע פינגער האָט ער אים געלאָזן, ווי אויף ליצנות, דעם גראָבן, דעם זייטיקן... ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ ליאַרעם. לייט האָבן געחלשט, אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. מ׳האָט געשלעפּט פאַרוווּנדעטע, האַלב־ און־גאַנץ טויטע צו די וועגענער — אין דרויסן...

שפּעטער האָט ער, אהרן גאַרפינקל, זיך אַרומגעוואַלגערט מיטן טאַטן אין פאַרשידענע לאַגערן. (די מאַמע איז אומגעקומען נאָך זייענדיק אין דער געטאָ). מ׳האָט געהונגערט, געקרענקט, געזען נישט איינמאָל דעם מלאך־המוות פאַר זיך, ביז די אַמעריקאַנער האָבן זיי באַפרייט...

***

וואָס ווייטער איז געווען — האָט ער אָפּגעזיפּצט, איז שוין נישט שייך צום עיקר הענין; דער טאַטע, אַ געוועזענער סוחר, האָט זיך גענומען אין אַמעריקע, ווי ער זעט, צו שדכנות, און ער, יאָ יאָ, וואָס איז דאָ צו רעדן...

הגם אהרנס איבערלעבונגען האָבן זיך נישט פיל אונטערשיידט פון די אַנדערע אַריבערגעקומענע לאַגערניקעס, האָבן זיינע רייד, דער טאָן, זיין מילדער, אומעטיקער בליק, פאַרכאַפּט דאָס האַרץ, געלאָזן אַ לאַנג־דויערנדיקן איינדרוק אויף בליטן. ער איז געווען זיכער — ס׳איז אַן אצבע־אלקים! ער האָט פאַרבעטן עטלעכע מאָל זון און פאָטער צו זיך אין הויז. און כאָטש מ׳האָט וועגן דעם עצם ענין נישט געשמועסט, האָבן זיך די צדדים אַלצאיינס פאַרשטאַנען. און ווען דער מאָלער האָט יאָ אַ רעד געטאָן וועגן תכלית, האָבן אַלע גלייך מסכים געווען...

נאָך דער חתונה האָט בליט געעפנט פאַרן פּאָרפאָלק אַ שפּייז־קראָם. דינה איז געוואָרן, נישט געקוקט אויף אירע דעפעקטן, די פאַרקויפערין. און אהרן איז ס׳רוב געזעסן, לויט זיין געוווינהייט, איבער אַ ספר. און ווען ס׳האָבן זיך דערטראָגן פון ערגעץ צו אים פיאַנע־טענער, האָט אויף זיין מאָגער, אויסגעצערט פּנים אויפגעצי־טערט אַ בלאַסקייט, און די אויגן זענען געוואָרן אומרויִק, אָנגעשפּיצט און פאַרטרויערט...

# העלען

הגם מ׳האָט דערוואַרט ד״ר סאַול פרידבערגס שנעלן סוף, האָט זיין טויט דאָך אויפגערודערט זיינע פריינד און אַוודאי זיין פרוי העלען. מ׳האָט זיך געשראָקן, אַז זי זאָל, פון פאַרצווייפלונג, נאָכ־פאָלגן איר מאַן, וויילביידע זענען געווען ווי די הייליקע שריפטן שרייבן: „איין לייב און איין נפש״.

ווען העלען איז ביסלעכוויז געקומען צו זיך, איז ביי איר פאָרט פאַרבליבן, אַ לאַנגע צייט, אַן איינרעדעניש אַז סאַול לעבט און ער פאַרהאַלט זיך גאַנצע טעג ביי זיינע פּאַציענטן אין שטאָטישן שפּיטאָל. אַן ענלעך געפיל האָט זיך ביי איר שפּעטער אָפּגעשטעלט נאָכן פאַר־לירן איר זיבן־יאָריקן באָבי. זי האָט געזען אין יעדן יינגל פון זיין עלטער — איר קינד. באַזונדערס האָט זיך געשאַפן אַזאַ באַציִונג צו אירע נייע שכנים, אַל און מערי סוואַנסאָן און צו זייער בן־יחידל, דייווי. אַלס נאָמען האָט זי אָפּט פאַרביטן אויף סאַול און זיין זונס אויף — באָבי. צוערשט האָט עס די מענטשן שאָקירט און אַפילו דענערווירט, נאָר באַקענענדיק זיך נעענטער מיט דער אומגליקלעכער פרוי און מיט איר צווייִקן פאַרלוסט, האָט מען זיך צוגעוווינט דערצו און עס אָנגענומען פאַר ליב.

דער קליינער דייווי איז גיך באַווירקט געוואָרן פון העלענס צוגעלאָזנקייט און טריישאַפט. ער האָט געשפּירט מיט זיין קינדיש הערצל, אַז חוץ די עלטערן, איז אים די שכנה, וועלכע ער רופט אַמאָל „מאַמי״ און אַמאָל „גרענדי״ (באָבע), די סאַמע נאָענטסטע און ליבסטע, און איר שטוב איז געוואָרן זיין צווייטע היים.

מערי סוואַנסאָן האָט אי געשמייכלט, אי געערגערט העלענס אויפפיר און האַלטונג. אָבער זי און איר מאַן האָבן אָפן נישט דער־ווידערט, נאָר ווי אומגלייבלעך עס זאָל נישט זיין, זי דערמוטיקט דערצו. ס׳איז נישט געווען פון הוילן אַלטרויִזם. זיי האָבן געוווּסט, אַז ד״ר פרידבערג האָט איר געלאָזן אַ היפּשע ירושה אין לאַנד און אין מזומנים, און ווער עס זאָל זי ירשנען האָט זי נישט, האָבן זיי

זיך באַטראַכט פֿאַר די „לעגיטימע“ יורשים. רעדן מיט איר וועגן אַזאַ דעליקאַטן ענין האָבן זיי, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט. זיי האָבן דערוואַרט, אַז די איניציאַטיוו זאָל קומען פֿון איר זייט. און ווען ס׳איז נישט געקומען, האָט מערי באַשלאָסן לסוף צו באַרירן דעם אומבאַרירלעכן פּונקט:

— דו ביסט מיר דער נאָענטסטער מענטש. מעג איך רעדן צו דיר אָפֿנהאַרציק, העלען?

— אַוודאי, געוויס, טייערע! איך האָב פֿאַרדינט דיין צוטרוי!

— דו ווייסט, העלען, מיר ווערן, ליידער, עלטער נישט יינגער, — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן און מיט אַ מינע, ווי זי וואָלט דער־גאַנגען צו אַ נייעם לעבנס־אמת. — בין איך גערעכט, ווען איך זאָג עס?

יענע האָט זי גוט און לאַנג באַטראַכט און איינגעשטימט: — געוויס ביסטו גערעכט, מיין טייערע!

— און אויף יעדן פֿון אונדז לויערן געפֿאַרן... — האָט זיך מערי צו ביסלעך דערנענטערט צום ציל.

— וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר לויערט אויף דיר? — האָט זיך די חברטע כלומרשט אָנגעשטרענגט צו טרעפֿן.

— כ׳מיין נישט דווקא אויף מיר אַליין...

— צי מיינסטו אפֿשר אויף אַלן אָדער אויף באבי־דייווין? — האָט יענע ווידער זיך געמאַכט תמעוואַטע.

—כ׳מיין אויף אונדז אַלעמען! — איז מערי געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק.

— ס׳איז זייער שיין, וואָס דו דאגהעסט פֿאַר אונדז אַלעמען, טייערע. איכל עס פֿאַרצייכענען אין מיין טאָגבוך.

— וואָס? — דו פֿירסט אַ טאָגבוך, העלען? — איז מערי געווען איבערראַשט. — איך האָב עס נישט געוווּסט. דו האָסט אַוודאי פֿאַר־צייכנט דאָרטן, וואָס דו וועסט טאָן מיט דיין ערדישן באַזיץ, ווען דיין צייט וועט קומען?

זי האָט שווער אָפּגעזיפֿצט, ווי זי וואָלט זיך ענדלעך באַפֿרייט פֿון אַן עול, וואָס איז איר געלעגן לאַנג אויפֿן געמיט.

— ס׳איז גוט וואָס דו האָסט עס מיר דערמאָנט, טייערע! איך האָב נאָך וועגן דעם נישט געטראַכט.

אָבער דייווי איז אַריין אין הויז און האָט איבערגעריסן דעם

דיאַלאָג. ער איז געווען הונגעריק און ביידע פרויען האָבן זיך פאַרנו־מען מיט אים.

— מאַמי! — האָט ער זיך פלוצעם אַ ווענד געטאָן צו דער מוטער. — האָסטו גערעדט מיט „גרענדין" וועגן עפּעס אַן אומעטי־קער זאַך? כ'זע טרערן אין אירע אויגן...

— מיין טייער קינד! — האָט העלען אים אַרומגענומען. — „האַו אָבזווירוועגט יו אַר!" ווי דו קאָנסט אָבסערווירן! דער אמת איז, אַז ס'איז טאַקע געווען וועגן אַן אומעטיקער זאַך.

— מעג איך עס וויסן, „גרענדי"? — האָט ער, שטופּנדיק שטיקער פּאַי אין מויל אַריין, געפרעגט.

— דו ביסט צו יונג דאָס צו פאַרשטיין, דייווי, — האָט די מוטער געזאָגט. — עס אָפּ און גיי זיך שפּילן.

זי האָט געהאָפט אָנצוקניפּן ווידער דעם שמועס. דאָס יינגל האָט זיך נישט געאיילט. אים איז געפעלן, וואָס ביידע האָווען אַרום אים.

— ענדיק צוערשט דיין מילך, באבי־דייוו! — האָט העלען אים דערמאָנט. דער קליינער האָט געטרונקען און געפירט די אייגעלעך פון איין פרוי אויף דער אַנדערער:

— די קינדער זאָגן, אַז איך בין זייער מזלדיק, וואָס כ'האָב צוויי מאַמעס...

— אַ קינד קאָן האָבן בלויז איין אמתע מאַמע! — האָט מערי מער נישט געשוינט איר שכנה. זי איז אַרויס פון טיר און זיך אָנ־געטראָפן מיט איר מאַן.

— נו? — האָט ער געפרעגט.

— גיי דו רעד! איך קען נישט קומען צו קיין טאָלק מיט איר...

העלען האָט אָפּגעווישט דייווים מויל און הענט און געזאָגט: — איצט קאָנסטו גיין צו דיינע יינגלעך. און ווען דער קליינער איז פאַר־שוווּנדן, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אַלן: — דו ווילסט עפּעס מיך פרעגן?

— יאָ, ס'קאָן אָבער זיין שפּעטער. אויב דו ווילסט, — איז ער געווען אומדרייסט און אומבאַשטימט — ס'קאָן אויך זיין אַצינד...

— אַוודאי קאָן עס זיין אַצינד, אַל! — האָסטו עפּעס צו זאָגן, וואָס קאָן דערפרייען דאָס האַרץ? און ווען ער האָט געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט, האָט ער באַמערקט אויף איר לינקער באַק אַ חן־

גריבל. ער האָט זיך געוווּנדערט פאַרוואָס ער האָט עס פריִער נישט געזען.

— נו, וואָס שווייגסטו, אַל? שפּעטער ווּעסטו וועלן רעדן און וועסט אפשר נישט קענען... ער האָט איר געוואָלט פאַרזיכערן, אַז ער האָט נישט קיין סודות פאַר זיין פרוי. און ער האָט זיך ווידער געחידושט, וואָס ער האָט אַזאַ וויכטיקן פּרט ביי איר דורכגעלאָזן. און ווען זי האָט נישט אַראָפּגענומען אירע פרעגנדיקע בליקן פון אים, האָט ער געזאָגט וואָס ס׳איז אים געקומען אין מויל אַריין: — האָסטו אַמאָל אַ טראַכט געטאָן, העלען, פון אַ צווייטער הייראַט?

— פאַרוואָס זאָל איך טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך, אַל? מיינסט ס׳איז אָנשטענדיק פאַר אַ פרוי פון מיין גלייכן אַזוינס צו טראַכטן?

אַל האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זי אומווילִיק אַ גלעט געטאָן איבער דער לינקער באַק און שנעל צוגעכאַפּט די האַנט.

— דו דאַרפסט זיך נישט זשענירן, אַל! דו האָסט, אין אַ געוויסן זין, אויך אַ פליכט דאָס צו טאָן. מיר טוען דאָס אַלע אַפילו צו אַ שטוביק באַשעפעניש...

ער האָט געמיינט, אַז ס׳איז די פּאַסיקע צייט צו רעדן וועגן תכלית. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. מעגלעך, ס׳האָט אים אויסגעפעלט מוט און אפשר האָט זי אויסגעזען אין יענער מינוט ווייט פון אַזוינע ערדישע קלייניקייטן. אירע אויגן האָבן געלויכטן ווי צוויי אויפגייענדיקע שטערן אין אַ פרילינג־פאַרנאַכט. ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן איר. ווער ווייסט צו וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן ער וואָלט זיך דעררעדט, ווען מערי רופט אים נישט צום אָוונט־מאָלצייט...

עס זענען אַוועק טעג און העלען האָט אויסגעמיטן אירע שכנים. דייווי האָט זיך אַריינגעכאַפּט עטלעכע מאָל צו איר און געהאַלטן אין איין פרעגן:

— ביסטו ברוגז אויף אונדז מאַמי?

— נישט אויף דיר, מיין קינד!

— פאַרוואָס קומסטו נישט צו אונדז?

— איך וועל... איך וויל... — אין די ווערטער האָט מערי אַריינגעשטעקט איר קאָפּ אין טיר: — אָט ווו דו ביסט, דו שטיפער! — האָט זי זיך געמאַכט ווי זי זוכט איר יינגל.

— העלען, פאַרוואָס זעט מען דיך נישט? ביסטו געזונט?

ס׳איז גוט צו וויסן, אַז איך פעל עמעצן אויס...

— דו ווייסט עס נאָך אַלץ נישט?

— כ׳האָב דיך געפאָלגט מערי! איך האָב פאַרצייכנט אין מיין טאָגבוך וועגן דעם עניק, וואָס דיך אינטערעסירט אַזוי.

מערי האָט זיך געדאַרפט באַהערשן, בכדי נישט אַרויסצוגעבן איר פרייד.

— העלען, איך בעט דיך פיר נישט קיין אומזיסטע ברוגזן. אַל, כ׳מיין סאַול און איך, זענען שטאַרק געערגערט דערפון. קום אַריין אין הויז. ער איז ערשט געקומען פון דער אַרבעט...

אַל איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. ער האָט ערשט פאַרענדיקט אַ גראַווירונג פון אַ יונגער פרוי מיט אַ שטאַרקער ענלעכקייט אויף העלענען. ער האָט נאָך געדאַרפט צוגעבן אַ פּאָר נייטיקע פּרטים, און ער האָט עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער.

— אויב דו וועסט מער נישט פאַרשווינדן, העלען — האָט ער אויסגערופן מיט אַ שמייכל, — האָב איך פאַר דיר אַן איבערראַשונג.

זיין פרוי איז אים געווען דאַנקפול פאַר די גוטע ווערטער צו דער שכנה. זי איז געווען זיכער אַז אויך ער ווייסט עפּעס וועגן טאָגבוך. זי האָט זיך בלויז געחידושט, ווי אַזוי ס׳איז צו אים דערגאַנגען אַזוי גיך.

שפּעט אין אָוונט, ווען די סוואַנסאָנס זענען געבליבן אויג־אויף־אויג, האָט מערי דערציילט איר מאַן וועגן איר לעצטן שמועס מיט דער שכנה: — אָבער דו שטויסט זיך שוין אַליין אָן דאָס איבעריקע, אַל! — זי האָט אים פאָרגעלייגט אַריינצוגיין צו דער חברטע, ווען זי וועט זיך אַרויסלאָזן מיט יענער אויף אַ שפּאַציר, און אַריינקוקן אין איר טאָגבוך, באַזונדערס אין די בלעטלעך, וועלכע האָבן צו טאָן מיט איר צוואה...

אַלן איז זייער נישט געווען צום האַרצן זיך אַריינצורייסן אין יענערס פּריוואַטע עסקים, בפרט ווען ער איז דעמאָלט געווען פאַר־טאָן, אמת דערוויייל בסוד־סודות, אין איר קינסטלערישער געשטאַל־טונג. אָבער דער נייגער וועמען זי האָט פּאָרט אָפּגעשריבן איר פאַר־מעגן, האָט אים באַוויגן דערצו.

ער האָט אָפּגעזוכט איר טאָגבוך, ווען די צוויי פרויען זענען געווען אַוועק. און ער האָט מיט אַ וואַקסנדיקן אינטערעס געלייענט יעדעס בלעטל. ער האָט באַוואונדערט דעם אופן ווי זי דריקט אויס אירע געדאַנקען, איר איינפאַלערישקייט ביים צוקלייבן די ווערטער.

ער האָט, בעת־מעשה, געטראַכט, ווען זי מאַכט דאָס שרייבן פֿאַר איר באַרוף, וואָלט זי מסתמא געוואָרן, מיט דער צייט, אַ באַדייטנדיקע שריפֿטשטעלערין.

זי הייבט אָן איר טאָגבוך מיט איר געבוירן־אָרט, אַ שטעטל לעבן דרעזדען, ווו זי האָט געלערנט אין דער זעלביקער פֿאָלקסשול מיט סאַול פֿרידבערג, דאָס איינציק יידיש יינגל ביי איר אין קלאַס. נאָך איידער ס׳האָט זיך באַוויזן דער האַקנקרייץ ביי זיי, האָבן שוין די שול־קינדער אים פֿאַרפֿאָלגט און אָנגעטאָן צרות, און ווייל זי האָט אים אָפּט פֿאַרטיידיקט האָט מען זי אויך פֿיינט געהאַט...

בעת די נאַציס האָבן שוין געהערשט און מען פֿלעגט באַפֿאַלן אין די נעכט יידישע הייזער און אַוועקפֿירן דעם מאַן און די עלטערע זין, האָט מען דעמאָלט אויך פֿאַרשלעפּט סאַולס פֿאָטער און ברידער. איין טאָג איז מען געקומען נאָך דער מוטער און די יינגערע קינדער. דאָס יינגל איז גראָד געווען ביי דער פֿאַמיליע שטיינגאַרט און דאָרטן צוגעגרייט מיט העלענאַן די שול־אַרבעט. דערוויסנדיק זיך וואָס ס׳איז געשען ביי אים אין הויז, האָט מען אים ערגעץ פֿאַרשטעקט און שפּע־טער אים איבערגעגעבן צו דער יידישער געמיינדע אין דרעזדען...

דערנאָך גייען אַוועק בלעטלעך מיט באַשרייבונגען, ווי אַזוי ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט סאַולס אַן אָנקל, דעם טאַטנס ברודער, וואָס האָט זיך געקליבן קיין אַמעריקע. ער האָט צוגעשריבן, פֿאַר אַ היפּשער סומע, דאָס יינגל צו זיין פּאַספּאָרט. (דעמאָלט האָט מען עס נאָך געקאָנט טאָן!) און ווי אין דעם נייעם לאַנד האָט סאַול גראַדויִרט „היי־סקול” צו זיבעצן יאָר און איז אָנגעקומען אין „סיטי־קאָלעדזש”, און שפּעטער אויף אַ סטיפּענדיע אין קאָלאָמביאַ, ווו ער האָט פֿאַר־ענדיקט דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט. דאָס זענען געווען יאָרן פֿון שווערער אַרבעט, זאָרגן, צווייפֿל און נסיונות...

העלען רייסט דאָ איבער איר באַשרייבונג וועגן סאַול אויף אַ צייט, און גייט איבער, ווי אַ געניטע נאָוועליסטין, צו איר אייגענער פֿאַמיליע. די שטיינגאַרטס האָבן פֿאַרלאָזן נאַצי־דייטשלאַנד נישט פֿון נויט. דער פֿאָטער איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכער פּי־הענדלער, און הגם ער האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן דעם משונהדיקן פּירער מיט זיין געשוואָלן לשון און ווילדע ראַסן־טעאָריעס, האָט ער עס דער עיקר געטאָן, יאָ צוליב איר, העלענקאַן. ער האָט געציטערט איבער איר ווי איבערן שוואַרצאַפּל פֿון אויג. זי איז געבליבן ביי אים פֿון פֿיר קינדער, דריי האָט די מוטער פֿאַרלאָרן אין איר קימפּעט...

ווען העלענקאַ האָט זיך דערוווּסט, אַז סאַול איז אין אַמעריקע און ווו ער געפינט זיך, האָט זי מער די עלטערן נישט געגעבן קיין רו, ביז דער הער שטיינגאַרט האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַ קוזין אין וויסקאָנסין. קורץ און גוט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיטן אָפּגעפרעמדטן משפּחה־גליד, ביז מ'האָט זיך דעררעדט צו אַ תכלית. און יענער האָט אַרויסגעשיקט די נייטיקע פּאַפּירן...

די וויטערדיקע בלעטלעך לייענען זיך ווי אַ פילם־סצענאַר. דאָס יונגע מיידל קומט אָן מיט אירע עלטערן אין לאַנד ווען סאַול אַרבעט שוין אַלס אינטוירן אין אַ שפּיטאָל. זי שילדערט מיט אַ סך רירנדיקע סענטימענטן איר באַגעגעניש מיטן יונגן מאַן. אַזוי אַזש עס כאַפּט אַרום צומאָל דעם לייענער אַן אייפּערזוכט צום פאַרשטאָרבענעם מאַן... זי ברענגט בילדער פון איר חתונה און ווי דאָס יונגע פּאָרל באַזעצט זיך שפּעטער אין אַ שטעטל אינעם דערמאָנטן „סטייט״. ד״ר פרידבערג ווערט דאָרטן שנעל פּאָפּולער און באַליבט. ער ראַטעוועט איינמאָל מיט זיין דיאַגנאָז און עצה דאָס לעבן פון אַ געוויסן פילאַנטראָפּ, און יענער שרייבט אים אָפּ פון דאַנקשאַפט אַ טייל פון זיין פאַרמעגן. איר מאַן חלומט דעמאָלט אויפצושטעלן אַ קאַנסער פאָרש־אינסטיטוט אין שטעטל. אָבער מיטן אויפקום פונעם יידישן לאַנד האָט ער אויסגעברייטערט זיינע פּלענער...

אַל מוז זיך אָפּט אָפּשטעלן ביים לייענען. ער איז עמאָציאָנעל אויפגערודערט און ווישט אויס אַ טרער, איבערהויפּט ביי די לעצטע בלעטלעך. זי שרייבט דאָרטן אַזוי:

„...נישט אומזיסט האָט סאַול געטראַכט וועגן אַזאַ אינסטיטוט. ער האָט שוין דעמאָלט מסתמא געוווּסט, אַז ער איז אַ קרבן פון יענער שרעקלעכער קראַנקייט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע לעצטע טעג. ער האָט געמוזט ליגן די גאַנצע צייט. זיין גוף איז געווען אויסגעצערט, די באַקן איינגעפאַלן און געלבלעך. בלויז די אויגן, זיינע וווּנדערלעך־גרויסע אויגן, וועלכע האָבן באַטראַכט יעדן חולה מיט אַזוי פיל מיטלייד און פאַרשטענדעניש, האָבן געלויכטן מיט אַ נישט־דאָיקן ליכט. איך בין געזעסן ביי זיין בעט און ער האָט געהאַלטן מיין האַנט און זי אָפּט צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן. ער האָט מיר דעמאָלט פאַרטרויט זיין וווּנטש, נעמלעך — איך זאָל זיך ווענדן צו געוויסע לייט אין ישראל און זיי איבערגעבן זיין באַשטימטע סומע, בכדי אויך דאָרטן זאָל ער קאָנען מיטהעלפן דאָס וויטערדיקע פאָרשן פון דער קאַנסער־חולאת...

מיטן היגן פראָיעקט האָט ער געוואָלט אָפּצאָלן אַ חוב זיין אַדאָפּ־טירט לאַנד, און מיטן צווייטן — שטעלן אַן אָנדענק־מצבה זיין אומ־געבראַכטע משפּחה...

כ׳ווייס, מיין פריינדין מערי סוואַנסאָן וועט זיין אַנטוישט. איך קען, ליידער, נישט דערפילן אינגאַנצן איר פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג, אָבער צוליבן אַלן, דעם גוטן און סענטימענטאַלן אַלן, וועלכער דער־מאָנט מיר אַ סך אין מיין מאַן און צוליב זיין יינגל, וואָס איז מיר געוואָרן נאָענט ווי אַן אייגן קינד, צוליב זייער טובה וועגן — שרייב איך אייך אָפּ מיין הײם מיטן מעבל — אויב פאַרקויפטערהייט וועט זייער געלט־ווערט אַלן פאַרזיכערן אַ רואיקע עלטער, און באָבין צו שטודירן וואָס נאָר זיין האַרץ באַגערט...

סוף מאָנאַט האָט העלען זיך געזעגנט מיט אירע שכנים. זיי האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט און געשטעלט אַ סך פראַגן. זי האָט זיי איבערגעגעבן אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט מיט די נייטיקע דאָקומענטן און צו זיי געזאָגט:

— דאָ, מיינע טייערע, וועט איר געפינען דעם ענטפער אויף אייערע פראַגן.

און זי איז נאָך דעם זעלביקן טאָג אָפּגעפלויגן קיין ישראל...

# דער אָנהייב און דער סוף

1

הגם סעם האָלצער האָט זיך שווער אָריענטירט אין יידישקייט, האָט ער אָבער געזירשנט געוויסע מידות פונעם אַמאָליקן יידישן פאָלקסלעבן. ער האָט, למשל, געהאַט אַ געלעגנהייט אָפצוקויפן, זאָל זיין אויף אַ פרעמדן נאָמען, שטיקער באָדן אין די לאָרענטיער־בערג פאַר אַ שיבוש און עס נישט געטאָן. ס׳האָבן נאָך דעמאָלט, מיט אַ יאָר פופציק צוריק, געפּוסטעוועט מיילן מיט בתולה־לאַנד אַרום די אָזערעס. די קוויבעק־פּראָווינץ, ווי טיילן פון מערב־קאַנאַדע זענען נאָך געווען שיטערער באַזעצט ווי היינט, און געלעכצט נאָך מענטשן, נאָכן אַקער...

האָלצער האָט זיך געשפּירט, ווי ס׳רוב יידן, אין אַ פרעמדער סביבה, אומזיכער, אָפּט איבעריק. מען האָט אים געקאָנט אַ ליאַדע טאָג פאַרטרייבן פון דאָרטן, ווייל פאַרן האַלב־פּרימיטיוון קוויבעקער פויער איז ער געווען, ווי יעדער ייד, אַן אויסטערליש באַשעפעניש, און ער האָט דעם ניי־געקומענעם נישט זעלטן באַצייכנט מיטן מיטל־עלטערלעכן עפּיטעט „גאָט־מערדער", און שוין אין גוטן מוט אים גערופן „סאַל־זשואיף" (שמוציקער ייד)...

ביי אַזאַ פאַרהעלטעניש איז געווען די גלייכסטע זאַך צו האָבן אויף דער האַנט דעם מזומענעם דאָלאַר, וואָס וואָלט אים דערמעג־לעכט אין אַן עת־צרה שנעל אָפּצוציִען פון דאָרטן. ער האָט פון דעסט וועגן זיך געזוכט איינצואָרדענען אין אָט דעם שטיל־פאַרוואָר־פענעם ווינקל, ווייל אַלע בריקן הינטער אים זענען געווען צע־שטערט. מאָנטרעאָל, פון וואַנען ער איז ערשט געהאַט אַוועק איז געווען פאַר אים אַ שטאָט, איבער וועלכער ס׳איז געהאָנגען די חומשדיקע „חרב־המתהפכת"...

דער דרייסיק־יאָריקער יונג מיט די ברייטע אַקסל, מיטן חוזק שמייכל אויף די דינע ליפּן, פון וועלכע עס איז כמעט שטענדיק

אַראָפּגעהאַנגען אַ סיגאַרעטל, איז געווען דעמאָלט אין דער בחינה פונעם פאַבעלישן וואָלף, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט ביי יעדן איינעם אין דאָרף, און ווייסט נישט ווו זיך צו ראַטעווען בעת די יעגערס יאָגן אים נאָך...

האָלצער האָט, קומענדיק אין די לאַרענטיער־בערג, געביטן דעם נאָמען, ווי ער האָט עס שוין נישט איינמאָל געטאָן אויף אַ נייעם אָרט, אויפן פראַנצויזיש־קלינגענדיקן „דעבואַ". ער האָט באַהערשט ביידע אומגאַנג־שפּראַכן פון דער פּראָווינץ, און האָט זיך געמיט אויך אויפצוכאַפּן דעם דיאַלעקט, וואָס מען נוצט אין די בערג, בכדי צו געווינען כאָטש טיילווייז דעם צוטרוי פון די דאָרטיקע לייט. זיין אָפּגעפרעמדטע משפּחה פלעגט טענהן: — „וואָלט ער אַריינגעלייגט אַזוי פיל מי און ענערגיע אין ערלעכע טווּנגען, וואָלט ער דער־גרייכט, מיט ווינציקער שרעק און איינשטעלעניש, אַ סך בעסערע רעזולטאַטן". אָבער גראָד אָט די אייגנשאַפטן האָבן אים גערייצט און אים אָפט געשטויסן צו געפערלעכע אַוואַנטורעס...

זיין לעצטע המצאה האָט געהאַט צו טאָן מיט אויטאָמאַטישע זינג־און־ שפּיל מאַשינען, וועלכע זענען דעמאָלט אויפגעקומען אויפן מאַרק ביים אַמעריקאַנער שכן. אַ צאָל שטאַט־לעגיסלאַטורן האָבן פאַרווערט זייער באַנוץ און פיל אייגנטימער האָבן געזוכט פּטור צו ווערן פון זייער פּסולע סחורה.

האָלצער־דעבואַ האָט אויסגענוצט דעם שעת־הכושר און האָט אָפּגעקויפט ביי זיי די אויטאָמאַטן פאַר בילינקע פּרייזן און זיי אינ־סטאַלירט אין פאַרשיידענע קראָמען, קאַפייען און רעסטאָראַנען אין די שטעטלעך אַרום. ער האָט זיך, לויטן אָפּמאַך, געטיילט מיט דער הכנסה מיטן אייגנטימער. דער נייער איינפיר האָט אויסגענומען ביי אַלעמען, בפרט ביים יונגוואַרג, וואָס האָט אין יענע אומעטיקע ישובים נישט געהאַט קיין סך אַנדערע פאַרווײַלונגען און האָט פאַרבראַכט לאַנגע שעהען ביי די אַמוזיר־קאַסטנס, וואַרפנדיק אין זיי צען סענ־טיקע און פערטל־דאָלאַרדיקע מטבעות מיט גרויס אייפער.

עס זענען געווען מאָנאַטן, ווען דער פּיפּיקער חברה־מאַן האָט אַהיים געבראַכט, שוין נאָך דער חלוקה, שווערע אפּותיקיות. מ'האָט מער נישט דערקענט דעם יונג! ער האָט באַוווינט אַ „בעטשלאָר־אַפּאַראַטמענט", זיך איינגעשאַפט קאָסטבאַרע אָנצוגן. און ווען ער האָט זיך דורכגעטראָגן איבער די שטעטלשע גאַסן אין זיין אויטאָ — אַ שפּאָגל־נייער פאַרקער־מיטל פאַר יענע מקומות, האָבן די לייט

„פאַרגעסן" אַז ער איז אַ ייד און אים טיטולירט, אַפילו הינטער די אויגן מיט „מעסיו דעבואַ"!...

אמת, חוץ זיין פינאַנסיעלן אויפשטייג זענען געווען נאָך סיבות פאַר דער געביטענער באַציונג צו אים. ער האָט זיך, נעמלעך, געלאָזט קאָסטן פאַר זייערע ווילטעטיקע חברות. דערצו האָבן זיך גענומען ווייזן דאָרטן, אין די זומערן, פאַרמעגלעכע יידישע יחידים און משפחות. אַפילו ווינטער האָט מען שוין געקאָנט אָנטרעפן יידישע ספאָרטלייט זיך גליטשן אויף סקיס. מ'האָט זיי קוים טאָלערירט, אָפגערעדט פון צולאָזן זיי צו די ספאָרט־קלובן. אָבער די שטעטלעך אַרום האָבן זיך פאָרט צוגעווינט, צו ביסלעך, צום יידישן באַזוכער. מ'האָט אים צוגעשטעלט דירות און שפייז־פּראָדוקטן, אין וועלכע ער האָט זיך גענייטיקט. קורץ, די מאַטעריעלע נוצן האָבן גורם־געווען, אַז די פאָראורטיילן לגבי אים זאָלן געמילדערט ווערן, און די באַנעמונג צו אים זאָל ווערן — קאָרעקטער, אַנשטענדיקער...

אין איין זומערדיקן טאָג, ווען האָלצער־דעבואַ האָט זיך אומגע־קערט אַהיים מיט זיינע פריינד פון אַ שווים־פאַרמעסט אויף דער דערבייאיקער אָזערע, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויפן וועג אויף אַ פאַרמערשן וואָגן־היי מיט זומערדיקע יידישע געסט. פון דער הייך האָבן זיך געקנוילט פריילעך־רעשיקע לידער און געלעכטערס. ער האָט אָפגעשטעלט דעם אויטאָ אויפן שמאָלן דורכפאָר אַזוי, אַז אויף דער וואָגן זאָל עס מוזן טאָן, און באַטראַכטנדיק אַ כאָפּטע מיידלעך אויבן, האָט ער אָנגעוויזן אויף איינער און געפאָדערט זי זאָל אַראָפּ־קומען צו אים.

ס'איז געשען אַזוי אומגעריכט, אַז מ'האָט געמיינט, דער יונג מיטן בלאָנדן שויבער, מיטן צוגעקלעפּטן סיגאַרעט צו די ליפּן, טרייבט קאַטאָוועס, און קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. — איר וועט דאָ בלייבן אַ גאַנצע נאַכט און נאָך לענגער! — האָט ער אויסגערופן מיט פאַרשפּיצטער חוצפּה. דער אַלטער פאַרמער, קאָנענדיק גוט דעם בר־נש, האָט געקוקט מיט געבעט אויפן מיידל און געדולדיק געוואַרט. אַ פּאָר בחורים זענען ווילעריש אַראָפּגע־שפּרונגען, גרייט צו באַשיצן זייער חברטע. זיי האָבן זיך אָבער גלייך אָנגעטראָפן אויף האָלצערס בוזעמפריינד.

— איר ווילט פאַרפירן אַ געשלעג? — האָט סעם געפרעגט מיט אויפגעבליצטע אייגעלעך. — מיר זענען גרייט! דאָס מיידל האָט

זיך דערווייל, אומבאַמערקט, אַראָפּגעגליטשט פונעם היי און איז צו־געקומען צום חברה־מאַן:

— מיין נאָמען איז לויזאַ! ווי איז אייערער? — האָט זי זיך אַליין דערשראָקן פאַר איר דרייסטקייט.

— האָלצער! סעם האָלצער! — האָט ער אָנגעגעבן זיין יידישן נאָמען. איר מוטיקער שטעל האָט אים אַ ביסל אַנטוואָפנט: — קומט אַריין אין מיין קאַר, זי וועט איך פירן אין שענערע פּלעצער ווי דער פאַרמערשער וואָגן!

— נישט היינט! — האָט דאָס מיידל ווייטער געהאַלטן פאַסאָן, און איז אַוועק צו איר חברותה.

— כ׳וועל קומען מאָרגן נאָך אייך, לויזאַ!

פונעם פאַרמער איז ער גלייך דערגאַנגען ווו זי שטייט איין און איז געקומען אויף מאָרגן און אויך אַנדערע טעג. לויזאַ האָט נישט דערווידערט. אין הויז אין מאָנטרעאָל, זענען געווען עלטערע און יינגערע שוועסטער. אַלע האָבן געאַרבעט. דער פאָטער, אַ כלי־קודש, האָט געהאַט אַ כזית פּרנסה. און האָט אין יעדן יונגן מאַן געזען אַ גואל! הגם דאָס מיידל האָט זיך באַצויגן פאַטאַליסטיש צו איר גורל, האָט איר פון דעסט וועגן, אימפּאָנירט דעם יונגס־בראַוורע, זיין איינשטעלערישקייט, זיין פּאָזיציע אין שטעטל...

אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָט ער זיך אויך באַקאַנט פערזענלעך מיט איר פאָטער, ר׳ יואל שטיין. ער איז געקומען צולויפן צו האָלצערן אין די בערג, און האָט אים געפּרוווט דערווייזן על־פּי די הייליקע ספרים, אַז ער טאָר נישט מביש־זיין און פאַרשעמען אַ יידישע טאָכטער און דאַרף מיט איר חתונה האָבן כדת־וכדין, ווייל זי וועט ווערן, אם ירצה השם, גאָר אין גיכן, די מוטער פון זיין קינד...

האָלצער האָט געקוקט אויפן אומגעריכטן גאַסט און נישט גע־גלייבט זיינע אויערן. ער האָט פאַר דער צייט אויך געהאַט מחזקות מיט אַנדערע פרויען. קיינער האָט צו אים נישט גערעדט ווי אָט דער מענטש — שטיל, איינגעהאַלטן, אָן סטראַשונקעס. ער איז געווען כמעט גערירט! ער האָט אים דערמאָנט אין זיין מלמד, צו וועלכן דער טאַטע האָט אים געבראַכט שוין די ערשטע וואָך, וואָס די משפּחה האָט געשטעלט אַ פוס אין נייעם לאַנד. יענער פלעגט אים שטראָפן און זאָגן מוסר, נאָך אַן אָפּגעטאָענער שקאָצעריי, מיט ווייכע, געלאַ־סענע ביי־טענער, ווי ער וואָלט זיי געוויקלט אין וואַטע. אמת, ער האָט זיך שפּעטער אַלצאיינס נישט געהאַלטן לאַנג אין חדר. צו צען

יאָר האָט ער שוין פאַרקויפט, נאָר די „סקול"־שעהען, צייטונגען אין די גאַסן. ער איז געוואַקסן מער אין דרויסן ווי אין הויז, און ביי אים האָט זיך אָפּגעשטעלט עפּעס פון ביידן...

סעם האָלצער האָט זיך צוגעהערט צום רעוורענד, און זיך געטראַכט זיינע אייגענע געדאַנקען. זיי האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט ווי אַ מחנה פייגעלעך. זענען זיי שטיין געבליבן אויף אַ גרינער לאָנקע — האָט ער רעזאָנירט: — „פאַרוואָס זיך טאַקע נישט פאַרבינדן מיט לויזאַן, זי איז דאָך אים, ווי ער געדענקט, שטאַרק געפעלן געווען? און ווען די מחנה איז פאַרפלויגן צו אַ זומפּיקן אָרט, האָט ער דערווידערט מיט דער טענה, אַז זי וועט אים רויִנירן זיין פריי־בחורישן איינשטעל... ביז ער האָט לסוף איינגעזען, אַז ער קאָן יוצא־זיין אי פאַרן גאַסט, אי פאַר זיך אַליין, ווייל די הייראַט מיט זיין טאָכטער וועט אויף אַ האָר נישט שטערן זיין אַרט לעבן, אַדרבה, ער וועט האָבן אַ לעגאַלן פּאַסאַד — הינטער וועלכן ער וועט זיך קאָנען ווייטער פירן, ווי זיין געוווינהייט איז...

די פרום־קאַטוילישע לייט אין שטעטל האָבן בשעתו געזען אין דעבואַס האַנדלונג אַ סימן, אַז ער ווערט סאָלידער, געזעצטער. און דאָס וואָס זיין ערשט קינד איז געקומען פריצייטיק אויף דער וועלט, האָבן ס'רוב פון זיי געטראַכט, איז מסתמא ביי די „אומגלייביקע" נישט קיין גרויסע זינד. די חברים זיינע, זינדלעך פון אָנגעזעענע פאַמיליעס, זיי האָט עס אַוודאי נישט געאַרט. ער האָט מיט זיי ווידער פאַרבראַכט אין די געהיימע שענקען און קאַבאַרעטן, אָפט ביזן גרוי פון באַגינען...

איין טאָג האָט זיך אַריינגעשטעלט צו האָלצער־דעבואַ אין הויז דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר, מעסיו האַנרי לאַוראַנס. ער איז געווען אַ שווערער מאַנסביל און אויך שווער אויפן וואָרט.

דער באַלעבאָס האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס: — איך דאַנק אייך, וואָס איר האָט מיך באַערט מיט אַ וויזיט!

— אָט פאַרבייגעגאַנגען!... — האָט יענער געלאָזט הערן ענדלעך זיין קול. זיינע פאָרשנדיקע בליקן האָבן דורכגענומען דאָס גאַנצע צימער און זענען, דאַכט זיך, אַריינגעדרונגען אין אַלע פאַרבאָרגענישן.

— איר זייט ביי אונדז אַן אָנגעלייגטער גאַסט, מעסיו לאַוראַנס! ער האָט געגומען רופן זיין פרוי: לויזאַ! לויזאַ! זע, טייערע, ווער ס'איז צו אונדז געקומען! לויזאַ איז געווען אַ ביסל בלייך, דער־

שראָקן. הגם זי איז שוין דעמאָלט געווען אַ מאַמע פון צוויי קינדער, האָט זי זיך געשפּירט אין דעם הויז ווי אַ פרעמדע. צו איר זענען דערגאַנגען אומהיימלעכע קלאַנגען וועגן איר מאַן, וועגן זיין אויפפיר. זי האָט דערוואַרט יעדן טאָג עפּעס אַן אומגליק, אַ קאַטאַסטראָפע...

— באַנזשור מאַדאַם דעבואַ! — האָט דער אינספעקטאָר געקושט איר האַנט. — וואָס מאַכט איר?

— מערסי מעסיו! — האָבן אירע טונקעלע, אומעטיקע אויגן געקוקט מיט אומצוטרוי אויף אים. האַלצער איז געווען צופרידן, וואָס די געררייד באַוועגן זיך אין אַ נייטראַלער זאָנע, און בעת־מעשה זיך אַליין געפאָרשט מיט וואָס האָט ער זיך געקאָנט קאָמפּראָמיטירן ביי דער פּאָליציי.

— וואָס הערט זיך עפּעס אין דער געשעפטס־וועלט, מעסיו דעבואַ? — האָט דער אינספעקטאָר געפרעגט סתם אַזוי, פון העפלעכקייט.

— ווי אַמאָל! — דער באַלעבאָס האָט פאַרצויגן אַ פרישן סיגאַרעט און איינעם פאַרגעלייגט זיין גאַסט.

— מען זאָגט, זיי האָבן זיך ביי אייך פיל פאַרבעסערט! — האָט זיין באַזוכער אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס, ווי דאָס וואָלט געווען זיין איינציקע זאָרג.

— אויב מען וויל, קאָן מען אַזוי זאָגן. — האָט האַלצער ווידער אויסגעמיטן אַ דירעקטן ענטפער. — און ביי אייך, מעסיו לאָוראַנס, פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ פאַסיע צו אַזוינע זאַכן?

— פון קוריאָזיטעט, מעסיו דעבואַ, פון ריינער קוריאָזיטעט!...

דעם יונג איז מיט אַמאָל מיאוס געוואָרן די קאַץ־און־מויז שפּיל און ער האָט אַ דענערווירטער אַרויסגעשאָסן: — איר זייט דאָך נישט געקומען צו מיר צוליב געשעפטלעכער אינפאָרמאַציע!

— יאָ און ניין! איר מוזט אָבער צוגעבן, האָט יענער נישט אָפּגעלאָזן, אַז זיי האָבן זיך אַ סך פאַרבעסערט ביי אייך, די געשעפטן נישט אמת?

— פון וואָס דרינגט איר עס, מעסיו אינספעקטאָר?

— פון אַ סך זאַכן — האָט יענער זיך געגלעט די דינע וואָנצעלעך.

— צום ביישפּיל?

— צום ביישפּיל פון די נייע סיגאַרעט־מאַשינען, פאַר וועלכע

מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש און פאַר וועלכע מען צאָלט אַ העכערן שטייער.

— ווּ האָט איר געזען, מעסיו לאַוראַנס, ביי מיר אַזוינע מאַשי־נען, דאָ אפשר אין שטעטל ?

דער אינספּעקטאָר האָט אין גאַנצן געשמייכלט: — דאָ אין שטעטל טאַקע נישט, אָבער אין אַנדערע ערטער — האָט ער אַ פּינטל געטאָן מיט אַן אויג.

— דאָס איז אַוודאי די אַרבעט פון מיינעם אַן אַגענט...

— און איר האָט דערפון גאָרנישט געוווּסט! — האָט ער אים איבערגעשלאָגן, נישט אַראָפּנעמענדיק זיין בליק פון אים. — מיין דעפּאַרטאַמענט וועט עס נישט געפעלן!...

— דאַרף מען טאַקע דאָרטן אַלץ וויסן, מעסיו לאַוראַנס ?

דעם אינספּעקטאָר האָט עס אַזש אַ הייב געטאָן פון אָרט. ער האָט קוים איינגעהאַלטן זיין צאָרן, אים האָט זיך אומהיימלעך גע־טראַכט: — געקומען פון ערגעץ אַ פרעמדער און נאָך אַ ייד דערצו און ווערט רייך פון שווינדלערישע עסקים!

ער האָט קאַטעגאָריש געענטפערט:

— אַוודאי דאַרף מען דאָרטן וויסן!...

לוּיזאַ איז געזעסן אַ געערגערטע, אַ פאַרשעמטע. זי וואָלט שוין פון לאַנג פאַרלאָזן דאָס צימער — נאָר דעם מאַנס שטרענגער בליק האָט זי אָפּגעהאַלטן. האַלצער האָט טייוּוליש געגרייט דעם פינאַל פאַר זיין אומגעבעטענעם אורח. ער האָט גאַנץ וויל געוווּסט — איין דריק פונעם קנעפּל ווי מען דאַרף, און אָט די שישקע וועט פליען פון אַלע טרעפּ.

— און איך ראַט אייך, מעסיו לאַוראַנס, צו פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין! — עס וועט זיך אייך לוינען!...

— ווי דערוועגט איר זיך אַזוי צו רעדן צו מיר ? איר ווילט שאַנטאַזשירן אַ רעגירונגס־באַאַמטן ?

— איך האָב עס נישט געזאָגט! איר זאָגט עס! איך מיין, אַז דאָ איז שוין גענוג גערעדט געוואָרן, אַ ביסעלע צו פיל! — ער האָט דעמאָנסטראַטיוו אַן עפן געטאָן די טיר און האָט אויסגערופן: איר קאָנט גיין מעסיו לאַוראַנס! און אויב איר פאַרשטייט וואָס ס׳איז גוט פאַר אייך, וועט איר אָננעמען מיין עצה!

דער אינספּעקטאָר איז אַרויס מיט אַ געפאַלענעם געמיט. ער האָט אין זיין פּראַקטיק געהאַט צו טאָן מיט פאַרשיידענע טונקעלע

סוביעקטן, אָבער דער האָט געהאַט אַ צוטריט צו אַ סך הויכע פענצ־טער. אים נישט צו דעפּאָרטירן וואָלט געמיינט זיך פּרייזווייליק אי־בערגעבן אין שווינדלערישע הענט און אַזוינס האָט ער נישט געקענט פּועלן ביי זיך. ער איז אַוועק אין דער פּרעפעקטור מיט דער האָ־פענונג, אַז אין זיין לאַנג־יאָריקע אומבאַפלעקטע פּאָליציי־דינסט וועט אים נישט נאָר ביישטיין אין דער סיטואַציע, נאָר ער וועט נאָך אפשר אַוואַנסירן אויף זיין שטעלע, אויב מ׳וועט זיך דערוויסן אַלע פּרטים פון דער אַפערע...

ווי איבעראַשט איז ער אָבער געוואָרן, ווען מ׳האָט אים דאָרטן אויסגעהערט מיט אַ היפּשער דאָזע סקעפּטיציזם, ווייל אין דער צווישן־צייט האָט דער דורכגעטריבענער פוקס געהאַט אַ טעלעפאָנישן שמועס מיטן אָנפירער פונעם דעפּאַרטאַמענט. מען האָט דעם אינס־פּעקטאָר גאָר גיך פאַרביטן אויף אַן אַנדערן, און אים צוגעטיילט אַ מינדערוויכטיקן פּאָסטן.

דער אין תוך ערלעכער באַאַמטער האָט זיך, אַ באַליידיקטער, אַ געקריוודעטער, געווענדט צו העכערע אינסטאַנצן און האָט או־מעטום אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. ער האָט אין זיין פאַרצווייפ־לונג געזוכט צו נעמען נקמה אין די לייט, וועלכע האָבן אים דעגראַ־דירט און פאַרשעמט. באַזונדערס, פאַרשטייט זיך, אינעם הויפּט שול־דיקן — האָלצער־דעבואַ !...

2

דער ווינטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די לאָרענטיער בערג מיט גרויסע שנייען. זיי האָבן זיך געשפּרייט אין הויכע הויפנס, אין געדיכטע שיטן. דורך דער שאַרף־פרירנדיקער לופט האָט די זון געגאָסן מיט לויטער גאָלד און, ווי אויסטערליש ס׳זאָל נישט קלינגען, איז דאָרטן געווען, אין מיטן טאָג, וואַרעם און ווינטער־געסט זענען געלעגן אויף די ווערענדעס און זיך געלאָזט ווילגיין...

אויפן באַרג־שיפּוע האָט זיך פאַרקליבן אַ גרופּע ספּאָרטלייט. ס׳איז געווען אַ סקי־פאַרמעסט, דריי פּריזן זענען געווען באַשטימט פאַר די געווינער. דער מאַרשרוט האָט זיך געצויגן זיגזאַגיש באַרג־אַראָפּ און איבער דער גאַנצער ברייט פון דער פאַרפרוירענער אָזערע, און האָט זיך פאַרענדיקט אין טאָל ביים געמויערטן ספּאָרטקלוב, ווו ס׳האָבן געוואַרט אויף די זיגער טראָפּעען און פאַר אַלעמען — משקה און אַ צוביס.

צווישן די סקיִערס האָט זיך אויך געפונען סעם האָלצער. ער איז געווען בקי אין אַ סך ספּאָרטן, סיי אין די אַטלעטישע, סיי אין די שאַך־און־ ביליאַרד טורנירן. ער האָט אין זיי אַרויסגעוויזן בריהשקייט און האָט ס׳רוב געווונען די העכסטע אויסצייכענונגען, אויך דאָס מאָל איז ער אָנגעקומען צום ציל, נאָך פיל מכשולים, דער ערשטער. ער איז געווען באַרויִשט! צעפּלאַמט! דאָס פאַרביק־וואָלן היטל מיטן באָמבלדיקן קוטאַס איז געווען פאַרשאַרצט, דער סוועטער פונעם זעלביקן קאָליר — צעכראַסטעט. ער האָט זיך געלאָזט באַפרייען פון די גליטשאייזנס און איז צוגעפאַלן צום פלאַש קאָניאַק, ווי אַ וואַנדערער צו אַ געפונענעם וואַסערקוואַל. ווען דאָס באַשטימטע מיידל האָט אים פּרעזענטירט מיט דער פּרעמיע — אַ הויכער זילבערנער בעכער, האָט ער זי צוגעצויגן צו זיך און זיך אַריינגעזויגן אין אירע ליפּן. ס׳האָט קיינעם נישט שאָקירט, ווייל די מערסטע זענען שוין געווען בגילופין. ער האָט זי, נאָכן צערע־מאָניאַל, אַריינגעזעצט אין זיין שליטן און זיך אַוועקגעטראָגן מיט איר צו זיין פאַרבאָרגן באַרגשטיבל. ס׳איז נאָך דעמאָלט געווען גרויסער טאָג און לויִזאַ מיט די קינדער האָבן אים געזען דורכן פענצטער. זי איז לאַנג געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע צוגעפּרעסט צום גלאָז און מורא געהאַט זיך אָנצוטרעפן מיט זייערע בליקן...

ווען ער האָט זיך אומגעקערט שפּעט ביינאַכט אַהיים, האָט ער זי געפונען ביי צעעפנטע וואַליזעס. ער האָט זיך געזעצט קעגן איר און אַ צערייצטער געפרעגט:

—וווּהין אַ שטייגער קלייבסטו זיך, צו דיין מאַמעלע אַוודאי? — ער האָט געהאַט אַ בייז האַרץ אויף דער עלטערער פרוי. זי האָט זיך די ערשטע פאַרשטאַנען אויף אים און האָט אויך געוואָלט, אַז די טאָכטער זאָל זיך פאַרשטיין...

— איך קען דאָ מער נישט זיין... — האָבן איר טרערן געשטיקט.

— דו פאַרגעסט, אַז דו ביסט שוין אַ טאַטע פון צוויי קינדער...

— דער שידוך איז מיר אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן! — האָט ער זי אַ שטאָך געגעבן. — דו ווייסט עס!

— דו קאָנסט זיך באַפרייען פון מיר... — האָט זי געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. קאָנסט מיר געבן אַ גט... ער האָט נישט גלייך געענטפערט. פאַר די צוועלף יאָר פון זייער הייראַט האָט זי ס׳רוב, פאַרשוויגן זיינע מעשים־תעתועים. ער האָט געזוכט אַצינד דעם שולדיקן אין איר שינוי און אים געפונען אין איר מוטער...

איר באַשלוס האָט אים, אין פלוג, געדאַרפט פרייען, נאָר ער איז געבליבן זיצן אַ ביסל צעטומלט, אַפילו איבערראַשט, ווייל באַשלוסן האָט שטענדיק געמאַכט ער, סיי אין הויז, סיי ערגעץ אַנדערש. און נאָך אַ סיבה איז געווען פאַרמישט אין זיין פאַרווירונג: — בעת ער האָט זיך געטראָגן בייטאָג איבער דער שנייִקער רחבות צו זיין גרויסן טריומף, האָט ער פלוצעם דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין זייט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוינס האָט שוין געטראָפן מיט אים אַ פּאָר מאָל פריִער. און ער האָט געוואָלט, איידער ער גיט איר אַ באַשטימטן ענטפער, זיך זען מיט זיין דאָקטאָר...

— ס׳איז שפּעט! איכל זיך דורכרעדן מיט דיר אַן אַנדערש מאָל!

און ער איז אַוועק אין זיין צימער, לאָזנדיק נאָך זיך שאַרפע און פריקרע ריחות פון אַלקאָהאָל...

אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען שפּעט. לויִזאַ און די קינדער זענען נישט געווען אין הויז. ער האָט געהאַט אַ באַגעגעניש מיט זיינע געהילפן און אויסגעפינענדיק, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג איז ער פאַרפאָרן צום ד״ר קאָרטריי. יענער האָט אים לאַנג אונטערזוכט, גענומען עקס־רעיס פון דער ברוסט. אים פאַרווערט צו רויכערן, ווייכן פון שאַרפע געטראַנקען און זיך צוימען אויך אין אַנדערע זאַכן... האָלצער האָט אים אַ שטיקל צייט געפאָלגט און גאָר גיך באַנייט זיין אַלטע געוווינהייט...

3

אין אַ מאָנטיק, ווען דער יונג האָט זיך אַרויסגעלאָזן אויף זיין וועכנטלעכן באַזוך צו זיין קליענטעלע, האָט ער אויסגעפונען, צו זיין גרויס פאַרוווּנדערונג, אַז די מערסטע פון איר ווייזט אַרויס אַן אומווילן צו האַלטן ווייטער זיין סחורה. ווען ער איז צוגעשטאַנען מ׳זאָל אים אָנגעבן אַ סיבה, האָבן זיך קרעמער מודה געווען, אַז אומבאַקאַנטע לייט וואָרענען זיי שוין פון אַ צייט, זיי זאָלן פאַרבייטן דעבואַס אויטאָמאַטן אויף זייערע, אויב זיי ווילן נישט ליידן קיין הזיקות. און היינט האָבן זיי דורכגעפירט די דראָיִנגען: — טייל מאַשינען פונקציאָנירן נישט, און ביי אַנדערע האָט מען אויפגעבראָכן דאָס טעשל און צוגערויבט די הכנסה.

ביי האָלצערן איז נישט געווען קיין ספק, אַז אויף דעם פעלד האָט זיך באַוויזן אַ שטאַרקער קאָנקורענט, וואָס וויל אים פאַרניכטן. ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן! ער האָט אויסגעזוכט נייע בעלנים

אויף זיין סחורה, ער האָט אָנגעבאָטן זיינע פריערדיקע קונים אַ העכערן פּראָצענט און אַ שטענדיקע שמירה. ער איז אויך גרייט געווען צו מאַכן יד־אחת מיטן שונא. ער האָט אָבער בשום־אופן נישט געקענט דערגיין ווער ער איז. אויב דאָס איז געווען ווייניק, האָבן אים גענומען מאַטערן אַנאָנימע בריוו און טעלעפאָן־רופן אַפילו ביינאַכט מיט דער פּאָדערונג, ער זאָל זיך גלייך אָפּטראָגן פון די לאָרענטיערבערג, אויב ער וויל אויסמיידן ערנסטע קאָנסעקווענצן. אַמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער כאַפּט אויף די זעלביקע שטימע. נישט זעלטן האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי איז אים קענטלעך. ער האָט זיך געגריבלט אין זיין טונקעלן עבר. אומעטום האָט ער געהאַט „סטיטשקעס" מיט דער פּאָליציי, מיט פּאַרשוינען פון זיינס גלייכן...

האָלצער פלעגט אָפּט אָפּליגן אַ וואַכער ביזן גרוי פון באַגינען. יעדער דרויסנדיקער שאָרך האָט אים געהויבן פון געלעגער. ער איז געווען זיכער, אַז אַלע זענען קעגן אים: — דאָס ווייב, די קינדער, זיין משפּחה און מער פון אַלעמען די שוויגער. היות ווי די לעצטע האָט געלעבט אין מאָנטרעאָל האָט ער זיין גאַנצן כעס אויסגעלאָזן צו לויזאַן, זי חושד געווען אין אַלעם ערגסטן. ער פלעגט זי נעמען אויף אַ שטרענגן פאַרהער און זי באַוואָרפן מיט די זעלביקע, דערעסענע פראַגן און אַלץ אין שייכות מיטן פיקטיוון שונא, ווי ער האָט געמיינט, וואָס וויל ביי אים אַוועקרויבן זיין פּרנסה, זיין לעבן...

ס'איז געווען פּאַטעטיש צו זען ווי די יונגע פרוי ווערט זיך קעגן אים, ווי זי וויל אים איבערצייגן אין זיין טעות. ער האָט זי נישט געהאָרכט און נישט אויפגעהערט צו מאַטערן, גלייך ס'וואָלט שוין געווען ביי אים אַן אַקסיאָמע, אַז זי מוז וויסן ווער ער איז, ווי ער זעט אויס, וווּ ער געפינט זיך. — דערמאָן זיך, טייערינקע — האָט ער גערעדט מיט פאַרלאָפענע אויגן. — דערמאָן זיך! איז ער אַ הויכער? אַ דינער? צי אפשר פאַרקערט אַ דיקער און אַ קורצער? און מערקווירדיק, ביי יעדן אויספרעג זענען ביי אים צוגעקומען אַ פּאָר נייע פּרטים. זיי האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיינע ליפּן ווי קעגן זיין ווילן, אָדער ווי דאָס תּלמודיש ווערטל גייט: — „באילו כפאו שד"... (אַזוי ווי דער טייוול וואָלט אים געצוווּנגען). און איינמאָל ביי אַזאַ עקזעקוציע איז האָלצער געבליבן זיצן אַ געפּלעפטער, אַן אויפגעטרייסלטער, אָן אַ טראָפּן בלוט אין זיין פּנים, ווייל דער בר־נש, וואָס ער אַליין האָט געהאָלפן רעסטאַווירן, האָט זיך אַרויס־

געוויזן צו זיין דער שוין־לאַנג פאַרגעסענער אינספּעקטאָר, לאַוראַנס, אין אַ נייער ראָלע פון אַ נוקם־ונוטר...

האָלצערן האָט זיין אויסגעפינען ווינציק געפרייט. אויב דער פּאָליציי וואָלט אַפילו געלונגען צו כאַפּן זיין בייזוויליקן קאָנקורענט, וואָלט מען ביים פּראָצעס אויפגעדעקט אויך אַ סך פון זיינע אַמאָליקע און איצטיקע חטאים, און ווידער נאָכגעבן יענעמס פאַרלאַנג, האָט זיין צעשאָקלט געזונט נישט דערלויבט, ווייל ער האָט זיך שטאַרק גענייטיקט, לויט דעם דאָקטאָר, אין דעם היגן קלימאַט.

האָלצערס וואַקלדיקע היים האָט זיך געהאַלטן אין פונאַנדערפאַלן. די אונטערגעוואַקסענע קינדער האָבן באַשלאָסן, מיט דער מוטערס הסכמה, זיך אַריבערצוקלייבן צו אירע עלטערן אין מאָנטרעאָל. עליק — מיטן ציל אַריינצוטרעטן אין קאָלעדזש, און ליז, וואָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר יינגער, פאָרצוזעצן דאָס לערנען אין אַ דאָר־טיקער „היי־סקול״. ביידע האָבן מער נישט געקענט פאַרטראָגן דעם פאָטערס סקאַנדאַלן. און ווען דער אַכצן־יאָריקער זון האָט זיך איינ־מאָל איינגעשטעלט פאַר דער מאַמען, איז האָלצער אַרויס פון די כלים:

— דו ווילסט מיך לערנען ווי זיך צו פירן? — האָט ער אַ דונער געטאָן. און דאָס צוגעקלעפּטע סיגאַרעטל האָט זיך באַוויגן מיטן אימפּעט פון זיין מויל. — אויב דיר געפעלט נישט מיין הויז, געפין זיך אַן אַנדערע!...

מיטן אָפּפאָרן פון די קינדער האָט זיך לויזאַ דערפילט נאָך עלנטער, דערשלאָגענער. ס׳איז מער נישט געווען פאַר וועמען זיך אַראָפּצורעדן איר שווער געמיט, צו וועמען זיך צוטוליען. און נאָכ־פאָלגן זיי, איז מיט איר מאַנס פאַרערגערטער עפּיסעמאַ געוואָרן אומ־מעגלעך. ער איז דעמאָלט אָפּגעווען גאַנצע טעג אין הויז, זי נישט אַרויסגעלאָזן פון אויג און געהיט איר יעדן טראָט. ווייל לעצטנס האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַן אומבאַגרייפלעכע שרעק צו בלייבן אַליין...

די מוטער האָט זיך געבעטן שריפטלעך און טעלעפאָניש ביים זון און ביי דער טאָכטער, זיי זאָלן קומען אויף אַ באַזוך. זי האָט געהאָפט צו ווירקן אויפן זון ער זאָל זיך אומקערן אין קאָלעדזש. סוף וואָך האָט זיך ענדלעך באַוויזן ליז. זי איז געקומען די ערשטע. זי איז געווען צעטראָגן, דענערווירט. אירע גרויסע טונקעלע אויגן האָבן דערציילט פון שווערע זאָרגן. דאָס יונג מיידל איז געווען אַ סטענאָ־

גראַפּיסטין און האָט אַ טייל פון איר פאַרדינסט אָפּט געשיקט צו דער מוטער און האָט אויך אַרויסגעהאָלפן דעם ברודער.

עטלעכע שעה שפּעטער האָט זיך אַריינגעשטעלט עליק. נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ צעקוידערט מיידל, העלפט פון זיין עלטער. ביידע פאַרוואָקסענע און באָרוועס. ער אין צעפּליקטע פּלודערן, אין אַ צעכראַסטעטע העמד און זי אין אַ צעפאָרן קליידל, ווייט אַריבער די קני. ער האָט, נישט באַגריסנדיק די עלטערן, זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין „כלה" אין מיטן שטוב און באַדעקט מיטן האָריקן מויל אירע ליפּן. דאָס פּאָרל האָט קיינעם נישט געזען, קיינעם נישט גע־דאַרפט...

ליז האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן איר שיינעם קאָפּ, גלייך זי וואָלט שולדיק געווען אין ברודערס אויפפיר. דער מוטערס אויס־געלאָשענע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אָט אויפן זון, אָט אויף דער פרעמדער, און איר פּנים האָט קאָנווולסירט פון חרפּה און ווייטיק. בלויז האָלצער איז געבליבן אין זיין מיליע. ער האָט אַ ווײַלע באַטראַכט מיט חוזק זיין בכור, וואָס האָט אויסגעזען דעמאָלט כמעט אין איינע יאָרן מיט אים. און ער האָט דורכגענומען זיין באַגלייטערין מיט אַ בליק, וועלכער האָט זי נאָך מער אַנטבלויזט. ער האָט זיך צוגעשאַרט נעענטער צו איר, ווי אַ קאָטער צו אַ שיסעלע סמעטענע און געפרעגט ביי עליקן אויף יידיש:

— ווי לאַנג קאָנסטו זי שוין, די מויד? — און ער האָט אַרויפ־געלייגט זיין שווערע האַנט אויף איר אָפענעם אַקסל.

— היינט אַ וואָך! — האָט יענער געענטפערט מיט אַן אומ־גלייבלעכער רויִקייט.

— ביסט אַ שנעלער בעל־מלאכה! — האָט ער זיך ציניש צע־שמייכלט.

— אין גאַנצן געראָטן אין דיר, פּאַפּ! — האָט עליק אים אַ ברי געטאָן מיט זיינע שוואַרצאַפּלען. און איז אַריין מיטן מיידל אין אַ זייטיקן צימער.

האָלצער האָט זיי צוגעוואָרפן אַ פאַראַכטנדיקן קוק. ער איז געווען בייז, אויפגערעגט. דעם זונס קומען האָט אים פּלוצעם דערמאָנט, אַז ער איז שוין אַריבער די זעכציק. ער האָט געזוכט אויף וועמען אויס־צולאָזן דעם כעס, נאָר ס'ווייב און ליז זענען נאָך פריִער אַוועק פון שטוב. ער איז פאַרשוווּנדן אין לוי־זאַס שלאָפקאַמער און זיך אויס־געצויגן אויף איר בעט.

איבערן אַלטן, פאַרוואָרלאָזטן מויער איז אַ צייט געהאַנגען אַ פאַרגליווערטע שטילקייט, וואָס איז מיט אַמאָל אויפגעריסן געוואָרן פון אַ הילכנדיקן געלעכטער. אין קיך האָבן זיך אַריינגעשאַרט עליק און דאָס מיידל. זיי האָבן שנעל געגומען אויסליידיקן דעם פרידזשי־דער, געשטאָפּט אין די מיילער און אין פּאַפּירענע זעקלעך אַלץ וואָס ס׳איז זיי געקומען צו דער האַנט, און זיך ענדלעך אָפּגעטראָגן צו דער אויטאָבוסן־סטאַנציע.

ווען מוטער און טאָכטער האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָבן זיי געפונען האַלצערן ליגן איבערגעבויגן איבערן אָפענעם פענצטער און פרייכן. ס׳האָט אים אויסגעפּעלט לופט. ער האָט דערמאָנט אין אַן אַמפּיבישער באַשעפעניש, וועלכע איז געצוווּנגען געווען צו זיין לאַנג אונטערן וואַסער. זייט דאָס געזונט און די געשעפטן האָבן זיך ביי אים פאַרערגערט איז געוואַקסן ביי אים די שרעק, אַז לוּיזאַ וועט אים פאַרלאָזן. דאָס טראַגיקאָמישע דערביי איז געווען, וואָס ער האָט געקאָנט מיט אַ ביסל ווייכקייט, איידלקייט, ווער רעדט שוין פון ליבע, זי צובינדן צו זיך. נאָר עפּעס אַ רשעות געפּאָרט מיט אַ מאַזאָכיזם, האָט עס נישט דערלאָזן.

און וועגן דעם ענין איז טאַקע געווען דער מדובר ביי די צוויי. ליז האָט געוואָלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַפרייען די מוטער פון אירע עינויים, און זי אַריבערנעמען צו זיך אין שטאָט. היות אָבער ווי דער פאָטער וועט עס נישט דערלאָזן, האָט מען עס געדאַרפט טאָן בשתיקה. נישט ער זאָל וויסן פון איר פאַרשווינדן און אַוודאי נישט דאָס אָרט פון איר אויפהאַלט.

האַלצער האָט עס אַראָפּגעלייענט פון זייערע פּנימער. ער איז צוגעקומען צו דער טאָכטער. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַן אַלבום מיט פּלאַטן, וואָס ער האָט אַמאָל ערגעץ איינגעהאַנדלט.

— ליז טייערע! איך האָב פאַר דיר אַ מתנה! — האָט ער גערעדט ווערטער געטונקט אין שמן־זית.

— טהענק יו, דעדי! איז דאָס מיידל געווען גערירט און גע־קוקט אויף אים מיט חידוש.

— ליז, אפשר וואָלסטו געבליבן אין דער היים? — און מערקנ־דיק איר אומווילן, האָט ער צוגעגעבן: — בלויז אויף איין מאָנאַט... איין מאָנאַט...

— גאָט באַהיט! — האָט זי אַזש אַ צאַפּל געטאָן. — איך האָב דאָך אַ שטעלע און...

— קאָנסט אויך קריגן אַ שטעלע דאָ־הי, מיין טייער מיידעלע! — האָט ער געוואָרקעט, ווי אַ טויב. ער האָט זייטיק אָבסערווירט זיין פרוי, און איז שוין דעמאָלט געווען זיכער, אַז די צוויי האָבן עפּעס פאַרטראַכט קעגן אים. — און וואָס שווייגסטו, דו גיפּסענע ליאַלקע!
— האָט ער זיך פּלוצעם צעשריען אויף לויִזאַן.

— דו דאַרפסט נישט שרייען אַזוי אויף דער מאַ! — האָט זיך ליז ביי אים געבעטן.

אויף מאָרגן איז דאָס מיידל אויפגעשטאַנען פרי און געפונען דעם פאָטער אַ וואַכן. ער איז אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט ביי דער טיר, ווו די צוויי זענען געשלאָפן. גוט געהיט די טיר, און דאָך נישט דערהיט, מחמת דער שלאָף האָט אים גובר געווען אויף אַ ווײַלע. ליז האָט דעמאָלט אייליק אַרויסגעשטעלט איר און דער מוטערס וואַליזיעס אין דרויסן. זיי וואָלטן ביידע נעלם געוואָרן אין דער פינצטערניש, ווען דער אויטאָבוס וואָלט שוין דעמאָלט קורסירט.

ווען האָלצער האָט איינגעזען, אַז אַלע רייד צו דער טאָכטער זענען אַרויסגעוואָרפן, האָט ער גענומען אויסרעדן אויף דער מוטער כל דבר אסור, זי אַפילו באַשולדיקט אין אומטריישאַפט צו אים. ליז האָט פאַר־שטעקט די אויערן און היסטעריש געשריען: — טראַכט נישט אויס אַזוינע זאַכן אויף דער מאַ! גאָט מיינער ווי קאָנסטו עס?

אין קיך איז געוואָרן פאַרדעכטיק שטיל. און בכדי דער פאָטער זאָל נישט באַמערקן, האָט זי געזאָגט נאָך מיט טרערן אין קול:
— געדענקסט, פּאַ, ווי דו האָסט מיך אַמאָל געלערנט שפּילן אויף אַ גיטאַרע?

האָלצער, ווי ס׳רוב אימפּולסיווע לייט איז דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם. ער האָט מיט נאָסטאַלגיע געשעפּטשעט:
— יאָ, טייבעלע, איך געדענק! מיינענדיק, אגב, אַז די טאָכטער האָט געענדערט אירע פּלענער. ער האָט אָפּגעזוכט דעם אינסטרומענט, וואָס ער פלעגט מיטנעמען אויף זיינע אַמאָליקע אַוואַנטורעס, ער האָט אַרויפגעלייגט אירע פינגער אויפן גיטאַרע־העלדזל, און מיט די פינגער פון איר רעכטער האַנט געצופּט די סטרונעס און ס׳האָט זיך באַקומען אַ באַקאַנטע מעלאָדיע.

דאָס מיידל האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם פונעם פאָטערס נאָענטקייט. זי האָט געוואָרפן אומגעדולדיקע בליקן אויפן זייגער, און ווען זי איז געווען זיכער, אַז די מוטער איז שוין, לויט דער אָפּגע־רעדטער שעה, אָנגעקומען אין שטאָט, האָט זי זיך אַ הייב געטאָן

פון שטול און קאַלטבלוטיק געזאָגט: — נו, ס׳איז שוין צייט פאַר מיר צו גיין...

האַלצערס אויפגעריסענע אַפּלען האָבן זי באַטראַכט מיט גרויס חידוש, ווי איינער, וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ ליכטיקן חלום און דערזעט די גרויע וואָר. — וואָס הייסט? — איז ער געווען צעטומלט. — דו בלייבסט דאָך אין דער היים!...

— וואָס רעדסטו, פּאַ? איך דאַרף מאָרגן זיין אין אָפּיס...

האַלצער האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער אַלע חדרים און נישט געפינענדיק לוּיזאַן האָט ער אויפגעהויבן אַ ליאַרעם: — האָסט מיר דאָ פאַררעדט די ציין, דו פאַרשאָלטענע צויג! — און דערווייל איז זי — און ער האָט באַצייכנט זיין פרוי מיט אַן אומדרוקלעכן עפּי־טעט — אַנטלאָפן פון הויז... ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם ערשט־געשאָנקענעם אַלבום פון דער מיידלס האַנט און אים אָפּגעוואָרפן פון זיך מיט אַזאַ רציחה, אַז דער דיל איז פול געוואָרן מיט שוואַרצע שפּליטערן...

ליז איז אַרויס פון שטוב, ווי געטריבן פון בייטשן, זי האָט גע־שפּירט מיט אַלע חושים, אַז זי האָט איבערגעריסן אויף שטענדיק מיטן פאָטער, מיט דער אומגליקלעכער היים, ווו זי האָט נישט געהאַט, דאַכט זיך קיין איין פריידיקן טאָג.

האַלצער האָט זיך גלייך אַ נעם געטאָן פאַרן טעלעפאָן און האָט אָפּגערופן די פּאָליציי. ער האָט גערעדט אָט פראַנצויזיש, אָט ענגליש. ס׳האָבן אים אויסגעפּעלט אָטעם און ווערטער. ער האָט זיך געפּלאָנ־טערט. דער תמצית אָבער איז געווען אַ צוגעשפּיצטע מעשה, אַז ס׳ווייב זיינס האָט אים פאַרלאָזן און פאַרכאַפּט אַ גרויסע סומע געלט. ער האָט אַפילו אָנגעגעבן די פּינקטלעכע ציפער. און ער פאָדערט, מען זאָל אָפּשטעלן אַלע אויטאָס און אויטאָבוסן אויפן וועג קיין מאָנטרעאָל, ווייל זי געפינט זיך זיכער אין איינעם פון זיי. ער האָט זי באַשולדיקט אין ברעכן זיין היים, אין אָפּפרעמדן די קינדער פון אים, און אין וואָס נישט?

פאַרטיק געוואָרן מיט דער פּאָליציי, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די פּאָר פריינד אין שטעטל. ער האָט זיך נישט געשעמט אויך פאַר זיי צו דערציילן דעם זעלביקן פּזמון. אָבער זיין צאָרן איז נאָך נישט געווען געשטילט! ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון גאַראַזש אַ טאַטשקע און גענומען פירן דער פרויס און טאָכטערס פאַרבליבענע חפצים: — קליידער, היט, שיך, וועש און אַפילו שול־ביכער און פאָטאָגראַפיעס.

זיי אַראָפּגעוואָרפן אין מיטן הויף, זיי באַגאָסן מיט בענזין און זיי אונטערגעצונדן. שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אַ צי געטאָן צום לוי־טערן, סוף־זומערדיקן הימל, פאַרקוילט אויף אַ צייט דעם זונפאַרגאַנג. פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט דעם בייז־ווונדער און שנעל אָפּגעצויגן...

ס'האָט גענומען העכער אַ שעה ביז די „אילומינאַציע" האָט זיך פאַרענדיקט. דער יונג האָט זיך, בעת־מעשה, אַרומגעטראָגן, ווי אַ נישט־גוטער אַרום דעם שייטער, האָט מיט אַ שטעקן צוגעשטופּט נישט־דערברענטע זאַכן טיפער אין פייער אַריין. און ווען דאָס אָרט איז באַדעקט געוואָרן מיט שיכטן אש, און פונקען, ווי פייער־פליגן, האָבן זיך צעטאַנצט אין דער לופטן, האָט זיך ביי אים, מיט אַמאָל, אויסגעלאָזן דער אימפּעט, און ער האָט זיך אַ מידער, אַן אויסגע־שעפּטער צוגעזעצט אויף אַ טרעפּל פון הויז און איינגעגראָבן דעם קאָפּ צווישן די קני...

די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן און פאַרהוילן מיט אַ געדיכטער פינצטערניש די באַרגיקע געסלעך, די הויכע טאָפּאָלן און דאָס איינ־געהויקערט מענטשל ביי דער פאַרלאָזענער שטוב...

# אַזוי איז געשען

שבתי בערנאַרדי האָט געהאַט אַ שם אין די ניו־יאָרקער יידישע קרייזן. דער דיריגענט האָט געפאָדערט, מחוץ אַ געהעריקער שטימע — ערנסטקייט, דיסציפּלין, אַ קלאָרע דיקציע. מ׳האָט זיך געפילט גע־שמייכלט אָנגענומען צו ווערן אין זיין חברותא. צו זיינע קאָנצערטן איז געקומען אַן אינטעליגענטערער עולם, אויך פון דער ענגליש־רעדנדיקער סביבה.

בערנאַרדי, אָנגעצויגן און געשפּאַנט, ווי אַ סטרונע, האָט גע־האַלטן פאַררייסן דעם בלאָנד־צעשויבערטן קאָפּ, און די הענט מיט די דינע, לאַנגע — פון ניקאָטין פאַרגעלטע פינגער, האָבן אַרויס־געכישופט ביי זיינע זינגערס, ס׳רוב פּשוטע פאָלקסמענטשן, באַקאַנטע און אָפט לאַנג־פאַרגעסענע פאָלקס־ניגונים, און די רוישיק־רעשיקע לידער פול מיט שטאָלץ און פּאַטאָס פון דער דעמאָלט ערשט־אויפ־געקומענער יידישער מדינה...

ביי די רעפּעטיציעס איז בערנאַרדי אַרומגעגאַנגען אַ וואָכעדיקער, אָן אַ רעקל, מיט אַ שטענדיקן סיגאַרעטל אין אַ ווינקל פון מויל, מיט אַ האַנטעכל אויפן אַקסל און זיך געווישט דעם שווייס פונעם הויכן שטערן און שטיל געזיפצט, ווי דער טאַטע זיינער, דער חזן, ע״ה, ערב די ימים־נוראים אינעם אַמאָליקן שטעטל אין בעסאַראַביע... מ׳האָט געהאַט דעם איינדרוק, הגם דער פערציק־יאָריקער כאָר־אָנפירער קוקט אויף אַלעמען, זעט ער קיינעם נישט, נאָר דאָס אויער, אָט דער שאַרף־איידל געשליפענער אבר, כאַפּט אויף דעם מינדסטן אָפּנייג, דעם קלענסטן דיסאָנאַנס...

דער הונדערט־שטימיקער כאָר איז באַשטאַנען, אין דער מער־הייט, פונעם ווייבלעכן מין: — יונגע, מיטל־יאָריקע און אַפילו על־טערע. ס׳איז אָנגעגאַנגען צווישן אַ סך פון זיי אַ כמו „קאָנטעסט", ווער פון זיי וועט אָפטער ציִען אויף זיך זיין בליק, זיין שמייכל, ווי אַ סימן־מובהק, אַז ער איז צופרידן פון זייער מי, פון זייערע דער־גרייכונגען.

באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט אין אָט דער „שפּיל" סילוויאַ, אַ יונגע פרוי מיט גרויסע גרינלעכע אויגן און אַ גלאַטן אָוואַלן פּנים. עס פלעגט אויפלויכטן אויף אירע דינע ליפּן אַ זיגעריש מינעלע, ווען איר האָט זיך געדאַכט, אַז דער פּאַרטראָגענער מוזיקער האָט זי באַמערקט. דער פּאַרדראָס ביי דער חברה־זינגערס איז דעמאָלט געווען אין לשער, מחמת איר קליין סאָפּראַנע־שטימעלע האָט זיך קוים אָנגעזען אין כאָר. זי פלעגט זיך אָפּט וויזן ביי די פּראָבעס אין אַ ניי קלייד, וואָס האָט שטאַרק אינטאָנירט דעם קאָליר פון אירע אַפּלען. און נאָך אַ מעלה האָט זי געהאַט איבער די אַנדערע — זי האָט געשפּילט אויף אַ קלאַוויר. ביי עפנטלעכע אַרויסטריטן האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן מוזיקער, אָבער ביי דער פּשוטער „אַרבעט" איז זי צונוץ געקומען, און די פינאַנסיעל־אָרעמלעכע כאָר־פאַרוואַלטונג האָט עס שטאַרק אָפּגעשאַצט.

די יונגע פרוי פלעגט אויסמאַרקירן זיך צו געפינען, נאָך די פּראָבעס, ביי בערנאַרדיס זייט. ער האָט זי, ס'רוב, אָפּגעפירט אַהיים אין זיין אויטאָ אָבער אַראָפּגעלאָזן האָט ער זי, אויף איר פאַרלאַנג, מיט אַ גאַס צי צוויי פריִער. פון דאָרטן האָט זי אַוועקגעאײַלט און איז אַרײַנגעפאַלן אין הויז אָן אָטעם, גלייך דאָס לאַנגע אַוועקזיין פון דער היים וואָלט זיך געלייגט שווער אויף איר... היות, ווי דאָס מאָל איז סילוויאַ געקומען אַ סך שפּעטער — האָט זי געטראָפן איר מאַן, בען זאַלקין, אויפן באַלקאָן וואַרטן אומגעדולדיק אויף איר:

— איך האָב שוין אויסגעהערט אַלע פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ! — האָט ער זיך באַקלאָגט. סילוויאַ האָט געפרעגט אַ שולדיקע: ס'קינד האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט?

— און אָז יאָ? — האָט זיך אַרײַנגעגנבעט אין זאַלקינס פאַרשלאָפן קול אַ בייזלעכער טאָן. ער האָט נישט אַראָפּגענומען זיינע פאַרשנדיקע בליקן פון איר. זייט אירע באַקאַנטע האָבן זי „פאַרשלעפּט" אין כאָר, איז ער געוואָרן אומרויִק, פאַרדעכטיק, געשפּירט עפּעס מיט אַ זעקסטן חוש, אַז זיין פאַמיליע־געביי, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי און מרהה אויפגעשטעלט, קרישלט זיך, האַלט ביים איינפאַלן... אינעם ווירוואַר פון געדאַנקען, וועלכע זענען אים גראָד אָנגעפאַלן, האָבן סילוויאַס שטענדיקע טענות, אַז איר האַווען אַרום קינד, די הויז־אַרבעט, דאָס איינקויפן, קאָכן וואַשן און ראַמען, נעמען אַוועק ביי איר די גאַנצע ענערגיע, יעדע פרייע מינוט. און הגם ס'געפינט זיך אין שטוב אַ קלאַוויר, האָט זי זעלטן אַ געלעגנהייט זיך

צוצורירן צו אים. אָט די טענות זענען, לפּי זאַלקינען, געווען גע־רעכטע. און דאָך האָבן די אָפּטע פּראָבעס, בפּרט פאַר אַ קאָנצערט, אים פאַרשאַפט אומענדלעכע יסורים. ער האָט געזאָגט מיט מיטגעפיל:

— דו זעסט אויס מיד, לאָמיר מאַכן נאַכט!

סילוויאַ איז געלעגן אין בעט און, ווי אַלע מאָל נאָך אַ רעפּע־טיציע, צי אַן אונטערנעמונג, נישט געקענט איינשלאָפן. אַלץ האָט צוריק אויפגעלעבט אין איר דמיון — דאָס געזאַנג, די רייד, די סביבה, דער מאָדנער, שווייגנדיקער דיריגענט...

זי, וואָס איז געבאָרן דאָ־הי, האָט ביי אירע עלטערן, אימיגראַנטן פון אויבער־שלעזיע, און שטאַרק דערווייטערטע פון יידישן לעבן, נישט געהערט אַזוינע מאָטיוון, נישט אָנגעטראָפן אַזעלכע לייט. איר פאָטער, רודאָלף הערמאַן, איז נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע באַלד נאָכן ערשטן וועלטקריג, שנעל אַריבער פון פעדלערײַ צו אַן אייגענעם געשעפט פון מענער־קליידער אויף איסט בראָדוויי. ער האָט געשיקט זיין בת־יחידה לערנען קלאַוויר־שפּיל, ווי ס'איז געווען דער איינפיר. און ווען דאָס מיידל האָט געענדיקט „היי־סקול", האָט ער זי חתונה געמאַכט פאַרן שטילן און אַרבעטזאַמען בען זאַלקין, אַ הויז־מאָלער, וואָס האָט פאַרדינט מער ווי אַ בעל־מלאכה פון זיין פאַך און וועמענס שטאַרקסטע אַמביציע איז געווען צו ווערן עקאָ־נאָמיש זעלבשטענדיק, ד"ה אָנשטאָט צו אַרבעטן פאַר יענעם, ווערן אַליין דער אונטערנעמער.

דאָס טעכטערל, אָנגעלייענט און היפּשלעך באַווירקט פון דער נייערער, צו יענער צייט, אַמעריקאַנער ליטעראַטור, האָט זיך גע־חלומט, ווי ס'רוב מיידלעך אין די ווערק ביי טעאָדאָר דרייזער, ביי סינקלער לואיס און אָפּטאָן סינקלער, פון אַ מער אידעאַלן, נוצלעכן און שעפערישן לעבן, מיט אַ לעבנס־חבר וואָס טיילט די זעלביקע דעות און געדאַנקען, האָט אַזאַ איינער, ווי זאַלקין, נישט געקענט זיין צום האַרצן, אָבער דער ניכטערער פאָטער, אַליין אויך באַקאַנט מיט די דערמאָנטע חיבורים — האָט איר אָנגעוויזן אויף דער מאָדנער סתירה, אַז די מערסטע פון יענע יונגע פּרויען האָבן זיך נאָך פיל ראַנגלעניש מיטן אַרום, אָדער ווי די היינטיקע רופן עס „עסטאַבליש־מענט", אומגעקערט צו „מיין־סטריט". מיט אַנדערע ווערטער — צו אַ פערזענלעך־שטוביקער באַקוועמלעכקייט, אויסגעפילט פון אייגענע פאַמיליע־אינטערעסן...

סילוויאַ איז געווען, פאַרשטייט זיך, צו יונג בשעתה, פאָרויס־

צוזען, אַז די זאַמען, פּאַרזייט פון יענע אַנאָנימע בעלי־חלומות און „שטילע" קעמפער וועלן אין אַ דור, צי צוויי שפּעטער אויפגיין אי־נעם געשטאַלט פון אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג, פון אַ סאָציאַלער געזעצגעבונג, וואָס וועט איינשליסן די אָפּשאַפונג פון קינדער־אַרבעט, פון אַ פּאָליט־שן און טיילווייז עקאָנאָמישן אויסגלייך פון דער פרוי.

און הגם דעם פאָטערס כלומרשטע „רעוועלאַציעס" האָבן דעמאָלט געמאַכט אויף איר אַ באַשטימטן רושם, האָבן זיי פאָרט נישט אויס־געוואָרצלט אין איר דעם ווונטש אויסצובעסערן געוויסע קרומקייטן אין איר נאָענטער סביבה. זי האָט איר פרייע צייט פאַרווענדט אויף ערשט־געקומענע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו שטראָמען צו די היגע ברעגן. זי האָט צוגעצויגן צו זיך יוגנטלעכע פון איר גלייכן און געהאָלפן געפינען אַרבעט פאַר זיי. דער עיקר אָבער האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט שאַפן אָוונטקורסן פאַר די ניי־געקומענע, כדי זיי צו לערנען דאָס היגע לשון, די היגע פירונגען און מנהגים; זיי צו אַמעריקאַניזירן, ווי אַ פאָרבאַדינג צו אַ בעסערן לעבן אין נייעם לאַנד.

צו אָט דעם קרייז האָט אויך געהערט, לויט סילוויאָס איניציאַ־טיוו, בען זאַלקין. הגם ער איז געווען מיט אַ יאָרצענדליק עלטער פון איר — האָט ער דאָך פאַרמאָגט אַ געוויסן מאַנסבילשן חן. פאַר דער יונגער פרוי איז עס אָבער נישט געווען געגנוג. זי האָט זיך געמיט מיט אַלע כוחות אים צו דערהייבן צו איר גייסטיקן מעמד, אים צו דערנענטערן צו אירע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן.

זאַלקין איז געווען געהאָרכיק און נאָכגעביק פאַר און אַפילו נאָך דער חתונה, אָבער מיטן געבורט פונעם טעכטערל האָט ער פאַר־וואָרפן איר „הדרכה". גורם געווען האָט, פאַרשטייט זיך, דאָס קינד וואָס האָט פאַרשלונגען אַ סך פון דער מוטערס צייט און האָט געטריבן דעם פאָטער צו אַרבעטן לענגערע שעהען, כדי צו קאָנען דעקן די פאַרגרעסערטע הוצאות.

ווען מירעלע איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט סילוויאַ גע־פרוווט צו באַנייען איר לערערישע עובדה. ס'איז נישט געגאַנגען! זאַלקינד, מיד פון אַ וואָך קלעטערן אויף לייטערס, האָט אין זיין פרייען טאָג, זונטיק, געוואָלט רוען, ליגן אויף דער סאָפע און זיך צוהערן צו ראַדיאָ, זיך פאַרווײַלן מיט פריינד ביי קאָרטנשפּיל. און די פרעמדקייט איז געוואַקסן אַלץ מער צווישן סילוויאַן און איר מאַן...

עס וואָלט אפשר צו קיין ערנסטן ריס נישט געקומען ווען נישט איר באַגעגעניש מיט בערנאַרדי...

די יונגע פרוי האָט געזען אינעם מוזיקער דאָס אידעאַלע גע־שטאַלט פון אַ לעבנס־חבר, פון וועלכן זי האָט מיידלווייז געחלומט. זי האָט געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז איר פאַרבינדונג מיט אים וואָלט איר געגעבן אַ זין און אַ ציל אין לעבן. נאָך מער! זי האָט געהאָפט, אויך מיט בערנאַרדי וואָלט דעמאָלט געשען אַ וויטאַלער איבערבייט, ווייל ער פאַרמאָגט קרעאַטיווע כוחות, פון וועלכע ער ווייסט אַליין נישט. ער איז צו באַשיידן, צו פּאַסיוו, האָט זי געמיינט און זי וואָלט אָט די פּאָטענציעלע כוחות אויפגעוועקט אין אים.

אָבער דער צוטריט צום מוזיקער איז געווען אַ שווערער. נישט נאָר איז ער געווען פאַרשלאָסן, ווי ס׳ווערטל גייט, אויף זיבן שלעסער, נאָר דער מינדסטער אָפּנייג אין שמועס פון זיין אַרבעט, האָט אים דענערווירט. זי האָט גאָרנישט געוווּסט וועגן אים, חוץ דעם פּשוטן פאַקט, אַז ער וווינט אַליין ערגעץ אין אַ האָטעל.

איין מאָל פירנדיק זי פון אַ רעפּעטיציע אַהיים, האָט סילוויאַ פאָרגעלייגט זיך אָפּצושטעלן אין אַ רעסטאָראַן אויף אַ טעפּעלע קאַווע. דער דיריגענט האָט אויפגעהויבן אויף איר אַ פּאָר פאַרחידושטע בליקן: — אַזוי שפּעט? אייער מאַן וועט דאָך זיכער פאַראיבל האָבן אויף אייך! דאָס וואָס דער שתקן האָט באַוויליקט אַ פּאָר זייטיקע ווערטער, האָט זי דערמוטיקט:

— ער האָט אַלץ איינס פאַראיבל, וועט צוקומען נאָך איינער! — האָט זי שטיל געזאָגט.

זיי זענען פאַרפאָרן אין אַן אָרט, וואָס איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט, און האָבן זיך באַזעצט אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל. מ׳האָט זיי דער־לאַנגט פריש־פאַרבריטע קאַווע מיט פרישע זעמל. בערנאַרדי, געוווינט צו אומרעגלמעסיקע שעהען פון עסן און רו, האָט מיט הנאה געזופּט די הייסע פליסיקייט און מיט פאַרדאַכט באַטראַכט די פרוי קעגנאיי־בער, ווי ער וואָלט זי געזען ס׳ערשטע מאָל.

— איך קאָן שווער, — האָט זיך פּלוצעם אַרויסגעכאַפּט ביי איר — אַז מחוץ דיריגירן דעם כאָר, חבר בערנאַרדי, קאָמפּאָנירט איר אויך שטילערהייט... — האָט זי זיך אַליין דערשראָקן פאַר אירע רייד. אויפן מוזיקערס פאַרוואָלקנט פּנים האָט זיך, צו איר פאַרוווּנ־דערונג, דורכגעבראָכן אַ כמו שמייכל, ווי איר זאָג וואָלט געטראָפן אין סאַמע פּינטל אַריין.

— יאָ, יאָ — האָט ער צוגעקלאַפּט מיט אַ פינגער אין טיש.

— און ביי גינסטיקערע אומשטענדן, — האָט זי ווידער איינ־געשטעלט. — וואָלט איר מער אויפגעטאָן, פיל מער!

— יאָ, יאָ — האָט ער איבערגעחזרט די איינציקע זילבּ, און עס ווייטער אַקאָמפּאַנירט מיטן פינגער. סילוויאַ האָט דערשנאַפּט, אַז ער וואָלט גערן זיך געלאָזט אַריינצוציען אין אָט דעם דעליקאַטן ענין, האָט זי מעשה־דיפּלאָמאַט, זיך מיט אַמאָל אויפגעשטעלט און קוקנדיק אויפן זייגער אויסגערופן: — ס'איז שוין באמת שפּעט שאַבּי (שבתי) און זעענדיק אַז ער רעאַגירט נישט לגנאי פאַר רופן אים ביים ערשטן נאָמען, האָט זי אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און איז מיט אים אַרויס אין גאַס. און עפּעס אַ מאָדנע פריידיק געפיל איז אויפגעגאַנגען אין איר, גלייך דאָס קאַרגע וואָרט זיינס, וואָלט איר צוגעזאָגט אַ סך...

אין הויז האָט איר דערוואַרט אַ סקאַנדאַל. בען האָט אומגעשפּאַנט מיט גרויסע טריט, און ווען ס'וויב האָט געעפנט די טיר, איז ער זי באַפאַלן מיט אַ האָגל פון טענות: — ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן צו אַל די טייוואָלים? — האָט זיין כעס נישט געהאַט קיין גרענעץ. — ווילסט מיר איינרעדן, אַז דו קומסט אַצינד פון אַ פּראָבע? ווו איז עס געהערט געוואָרן, אַז אַ פאַרהייראַטע פרוי און אַ מאַמע פון אַ מינדעריאָריק קינד, זאָל זיך אַרומשלעפּן ביז צוויי פאַרטאָג? — האָט ער געדונערט אויף די העכסטע אָקטאַוועס — וואָס שווייגסטו? נישט אַנדערש, ווי דו פילסט זיך שולדיק!

— ביסט גערעכט! — האָט זי שטיל געענטפערט, נישט קוקנדיק אין זיין זייט.

— אַזוי, דו גיסט צו, אַז איך בין גערעכט! — האָט ער אַראָפּ־געניידערט זיין קול, דערמאָנענדיק זיך, אַז מירעלע שלאָפט.

— יאָ! — האָט סילוויאַ געזאָגט נאָך שטילער. איר גלייכגילט האָט אים אויפגעבראַכט. ער האָט זיך דערנענטערט צו איר, און וואָר־נענדיק איר מיט אַ פינגער, האָט ער זיך ווידער צעשריען: — אַזוי קאָן מער נישט אָנגיין, דו הערסט? דו וועסט דאַרפן אויסקלייבן צווישן מיר און דעם כאָר!

אַ יין טאָג האָט פאַרביטן אַ צווייטן. דאָס פאַרפאָלק האָט אויסגע־מיטן צו רעדן צווישן זיך. בען האָט, קומענדיק אַהיים אין אָוונט פון דער אַרבעט, געפונען דאָס הויז אין אָרדענונג, דעם מאָלצייט צוגע־גרייט, נאָר סילוויאַ האָט ס'רוב געפעלט, אויסמאַרקירנדיק, אַז דאָס שלאָפנדיקע קינד זאָל נישט פאַרבלייבן לאַנג אַליין.

די יונגע פרוי האָט זיך איצט געטראָפן מיטן מוזיקער דיסקרעט אין פאַרבאָרגענע טרעף־פּונקטן. און ביי יעדער באַגעגעניש מיט אים האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר איר אַלץ מער זיין צושאָקלט לעבן. מיט אַ צייט צוריק איז זיין פרוי געשטאָרבן פון קאַנסער און זייער איינציק קינד, אַ סענסיטיוו בחורל פון אַ יאָר זעכצן, איז פון צער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. בערנאַרדי האָט זיך געזוכט אַרויסרייסן פון ניו־יאָרק, דער מקור פון אַלע זיינע צרות, און נישט געוווּסט ווי אַזוי: ס'איז אים שווער געווען זיך צו שיידן מיט די קברים פון זיינע אייגענע. ס'איז אים געווען אַ שאָד דער כאָר, אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט אַ שלל מיט אַרבעט. אָבער סילוויאַ איז אים געקומען צו הילף:

— שאבי! ניו־יאָרק איז נישט די איינציקע שטאָט אין לאַנד... בערנאַרדי האָט זי איבערגעריסן: — וואָס זשע, איר ווילט פּטור ווערן פון מיר? סילוויאַ האָט זיך געטוליעט צו אים: — שאבי, איכל נעמען מיין מיידעלע און וועל מיטפאָרן מיט דיר — איז זי מיט אַמאָל אַריבער אויף „דו”.

פאַרן מוזיקער איז נישט געווען פאַרבאָרגן, פאַרשטייט זיך, איר ריס מיטן מאַן, הגם די סיבות, וועלכע האָבן געפירט דערצו, האָבן אים אויסגעוויזן, אין זיין דעמאָלטיקן געמיט־צושטאַנד, פאַר אומ־וויכטיק, אָדער נישט גענוג וויכטיק. ער האָט בלויז געפרעגט: — וואָס לייגסטו פאָר?

— פלאָרידע, דאָס הייסט — מיאַמי ביטש! ס'איז אַ שטאָט מיט אַ גרויסער צוקונפט! — האָט זי גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן. און איך, — האָט זי גלייך צוגעגעבן, וועל קאָנען אַרויסקריגן, לויט די דאָרטיקע געזעצן אַ גיכע שיידונג, אַפילו ווען בען זאָל נישט איינגיין אויף דעם.

— און דיין שטרענגער פאָטער וואָס וועט זאָגן? — האָט בער־נאַרדי מיט אַ כיוון געלייגט שטיינער אין וועג, ווי דער רב פאַר איינעם, וואָס וויל זיך באַהעפטן מיט דער יידישער מחנה. די יונגע פרוי האָט אים דורכגענומען מיט אירע שאַרפע בליקן און קאַלט געזאָגט:

— ער איז געווען זיין אויסוואַל, נישט מיינער!...

דער איבערבייט פון סביבה און קלימאַט האָט געהאַט, אָן ספק, אַ גוטע ווירקונג אויףביידן. בערנאַרדיס נאָמען איז אויך געווען באַקאַנט אין די מיאַמיער יידישע קרייזן. און ער איז גיך אַנגאַזשירט געוואָרן פון אַן אָרטיקער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע אָנצופירן מיט איר כאָר. סילוויאַ אַ באַפרייטע, נאָך אַ זעקס חדשימדיקן וואַרטן, פון איר מאַן, האָט זיך געזעצלעך פאַרבונדן מיטן מוזיקער. זיי האָבן זיך אַריינ־

געקליבן, ווי ס'איז דאָרטן דער איינפיר, אין אַ מעבלירטן אַפּאַרטאַ־מענט. און עס האָט אויסגעזען, ווי אַ ניי און אידיליש־קאַפּיטל הייבט זיך אָן פאַר זיי און מירעלען.

בערנאַרדי האָט אַצינד נישט געדאַרפט טראָגן אַליין דעם עול און די התחייבותן פון כאָר. סילוויאַ איז געווען שריפטלעך, צי טעלעפאָניש אין קאָנטאַקט מיט די זינגער. געזען דער יערלעכער אָפּצאָל זאָל איינגעקאַסירט ווערן אין צייט, געזאָרגט די אָרטיקע פּרעסע זאָל דרוקן רעגולער נאָטיצן וועגן כאָר און זיין דיריגענט. זי האָט באַווירקט די כאָר־מיטגלידער, פאַר אַן עפנטלעכן אויפטריט, נישט נאָר זיי זאָלן פאַרקויפן וואָס מער בילעטן, ווייל ס'איז דאָך אין זייערע אינטערעסן, אַז אַ גרעסערע אודיטאָריע זאָל זיי זען און הערן, נאָר אויך צו פאַרשפּרייטן די אָפּישן אין די גאַסן. און ווען ס'איז נייטיק געווען, האָט זי זיך אַליין אויך באַטייליקט אין דער דרויסנדיקער אַקציע...

בעת אַ קאָנצערט האָט סילוויאַ און נישט קיין אַנדערע, אַקאָמפּאַ־נירט די זינגער. זי האָט אויך אינטערפּרעטירט, ווען ס'האָט זיך געמאַכט, אַ קאָמפּליצירט ליד און זי האָט פאָרגעשטעלט די סאָליסטן פאַרן עולם. מיט איין וואָרט, די יונגע פרוי איז געוואָרן, צו בערנאַרדיס חידוש, דער דינאַמישער כוח, מער! דער רוח־חיים פונעם גאַנצן כאָר...

איין טאָג איז צו איר דערגאַנגען, אַז ס'האָט זיך אָפּגעליידיקט אַ שטעלע פונעם מוזיק־אינסטרוקטאָר אין אַ געוויסן קאָנסערוואַטיוון טעמפּל. זי האָט זיך שנעל פאַרבונדן מיטן אָפיס און האָט נישט גערוט, ביז זי האָט געקראָגן אַ מעגלעכקייט זיך צו טרעפן פערזענלעך מיטן ראַבאַי, דר. סעמועלס. דער ראַבאַי האָט זי אויסגעהערט, ווי אַ חזן אַ שטייגער אַ נייעם משורר. אים האָט אימפּאָנירט סיי איר איפערדי־קער איינשטעלן זיך פאַר איר מאַן, סיי איר באַפליגלטער כוח־הדיבור, מיט וועלכן ער אַליין האָט זיך ליב געהאַט צו באַנוצן פאַר זיין עדה. אין אַ וואָך אַרום איז ענדלעך אונטערגעשריבן געוואָרן אַ יאָריקער קאָנטראַקט מיט בערנאַרדי. די יונגע פרוי האָט טריומפירט! זי האָט גלייך געלאָזט וויסן אין דער לאָקאַלער פרעסע. און איר מאַנס פרעסטיש האָט זיך אַ הייב געטאָן אין שטאָט און אַוודאי אין דער אָרגאַניזאַציע, ווו ער איז אויך אויף ווייטער געבליבן איר מוזיק־אָנפירער.

אָבער בערנאַרדי אַליין איז געבליבן מאָדנע קאַלט צו איר אויפטו. ס'קאָן זיין, אַז אים איז פריקרע געווען, וואָס זי האָט עס דורכגעפירט

הינטער זײַנע פּלײצעס, נישט באַראַטנדיק זיך פֿריִער מיט אים און ס׳איז אויך מעגלעך, אים האָט געשראָקן אַז די נײַע התחייבותן װעלן אים אָפּרײַסן פֿון זײַן קאָמפּאָזיטאָרישער אַרבעט אין דער הײם, אין װעלכער ער איז שױן איצט געװען אַרײַנגעטאָן מיט לײַב און לעבן...

סילוויאַ האָט גיך אײַנגעזען, אַז בערנאַרדיס געביטענער סטאַטוס פֿאָדערט אויך אַן איבערבײַט פֿון דער װױנונג. זי האָט אים געגומען אײַנרעדן אָפּצוקױפֿן אַן אײַנשטאָקיק הויז אויף אַ װינקל גאַס צום צפֿון־מערב פֿונעם אַריסטאָקראַטישן „לינקאָלן־ראָוד״, װוּ ס׳געפֿינען זיך אַ סך פּריװאַטע הײמען. זי איז זיכער געװען, אַז די אַלץ װאַקסנ־דיקע שטאָט װעט זײ אַראָפּװאַרפֿן, און װעט דאָרטן אױפֿשטעלן הױכע בנינים, ממילא װעט שטײַגן דאָס לאַנד אין װערט...

— װאָס ? דו װילסט מיך אויך מאַכן פֿאַר אַ הויז־אײגנטימער ? — האָט ער איר פֿאַרגעװאָרפֿן כלומרשט אין שפּאַס. — און ער האָט אַװעקגעמאַכט דעם גאַנצן ענין מיט דער האַנט.

— שאַבי טײַערער ! — איז סילוויא באַשטאַנען אויף אירס — דו נײטיקסט זיך אין אַ סטודיאָ און מירעלע אין אַ באַזונדער צימער. זי איז שױן מער נישט קײן קלײן מײדעלע. — האָט זי אים געגעבן צו פֿאַרשטײן. — און די נישט־גענוצטע חדרים װעלן מיר פֿאַרדינגען אין די װינטער־חדשים און צוביסלעך אױסצאָלן דעם „מאָרגעדזש״ (היפּאָטעק). זאָג, מיר, װאָס פֿאַראַ שלעכטס זעסטו אין דעם ?

װען דאָס הויז איז געקױפֿט געװאָרן, און סילוויאַ האָט אױסגעפּוצט איר מאַנס סטודיאָ מיטן פּאַסיקן מעבל, האָט אַפֿילו בערנאַרדי זיך דערלױבט אַ שמײכל צו טאָן און זי קאָמפּלימענטירט פֿאַר איר גוטן געשמאַק.

צװישן די נײַע לײַט, װעלכע האָבן אָפֿט באַזוכט די בערנאַרדיס איז געװען דער אַנטיקן־הענדלער, ברוס דײװיס, אַ מיטל־יאָריקער בר־נש, שטענדיק נעט געקלײדט און ס׳רוב פֿאַרנומען מיט געשעפֿטלעכע פּראָיעקטן. ער האָט זיך אײן מאָל געװענדט צו דער יונגער פֿרוי, הגם דער מוזיקער איז אויך געװען דערבײַ :

— איך רעכן צו עפֿענען אין דעם געגנט אַן אָפּטײלונג פֿון מײַנע אַנטיק־קאָלעקציעס. װי מײנט איר, ס׳איז נישט אַ ביסל װײַט פֿון װעג ?

— װײַט פֿון װעג ? — האָט זיך סילוויאַ אָנגעכאַפּט. — אין אַ פּאָר יאָר אַרום װעט איר אָט דעם געגנט נישט דערקענען. מיר װאָלטן אײַך געקאָנט אײַנאָרדענען, — האָבן זיך אירע גרינלעכע אויגן צעפֿלאַמט — אין אַ צימער, צי צװײ בײַ אונדז, מיט פֿענצטער צו דער גאַס.

— נישט קיין שלעכטע אידעע! — האָט דייוויס צוגעשטימט און זיך פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט גרינטלעך אַנאַליזירט אירע רייד. און פלוצעם האָט ער זי געפרעגט: — זאָגט מיר, סילוויאַ, איר קאָנט מיר אפשר רעקאָמענדירן אַ שותף, כ׳מיין אַן ערלעכן מענטשן מיט אַ ביסל געלט, — האָט ער נישט אַראָפּגענומען זיינע בליקן פון איר — וואָס זאָל אויך אָנפירן מיטן פּראָיעקטירטן געשעפט, ווען איך בין נישט אין שטאָט?

— וואָס הייסט ביי אייך אַ ביסל געלט? — האָט סילוויאַ געוואָלט וויסן.

— אַ פּאָר טויזנט!...

— אויב אויסגעצאָלט אין ראַטעס, האָב איך פאַר אייך אַזוינע לייט!

— איך קאָן זיי?

— געוויס! מיר וואָלטן געוועזן בעלנים אויף אַזאַ...

— סילוויאַ! אום גאָטעס ווילן! — האָט שוין בערנאַרדי מער נישט אויסגעהאַלטן. — אויף וואָס דאַרפסטו עס האָבן?

— מיין מאַן דאַרף גאָרנישט האָבן חוץ זיין דיריגיר־שטעקעלע און זיין פּעקל נאָטן. — האָט זי גערעדט צו דייוויסן. — מיר וועלן אייך געבן אַן ענטפער אין אַ פּאָר טעג אַרום.

אַ חודש שפּעטער איז דאָס שותפות געשלאָסן געוואָרן. אמת, ס׳האָט געפעלט בערנאַרדיס חתימה אויפן קאָנטראַקט. פּונקט ווי ס׳האָט געפעלט אויפן דאָקומענט ביים קויפן דאָס הויז. די יונגע פרוי האָט אַלץ אַראַנזשירט אויף איר נאָמען, כדי מער נישט צו באַלעסטיקן איר מאַן, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין צייט און קיין געדולד פאַר אַזוינע שיבושים...

סילוויאַ איז געווען גערעכט! דאָס אַנטיקן־באָטיק, ווי זי האָט עס גערופן, בלויז אַ קורצע שטרעקע פונעם צענטער, האָט דווקא אָנגעריסן. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ קליענטעלע, וואָס זוכט די סאַמע פּשוטסטע זאַכן אין אַ נישט פּשוטער קראָם און געגנט. היות, ווי דייוויס האָט געהאַט אַזוינע און ענלעכע געשעפטן אויך אין אַנדערע שטעט, האָט ער די גאַנצע פירונג איבערגעלאָזן אין אירע הענט.

איין מאָל איז דער מוזיקער צופעליק אַריין אין קראָם, און איז שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער ביי דער טיר. ער האָט נישט גע־גלייבט זיינע אויגן. צווישן די אַנטיקן האָבן זיך געפונען סטאַטועטקעס פון קריסטלענע הייליקע, אָרנאַמענטן מיט קירכלעכע מאָטיוון, אַ בילד

פון אַ מיטל־אַלטערלעכער פּראַצעסיע פון מאַנאַכן און גלחים מיט אַ שלל צלמים אויף זיך און איבער זייערע קעפּ... זיין ערשטער אימפּולס איז געווען צו כאַפּן אַ האַק, ווי דער יינגלינג אברם, און פאַרניכטן דעם גאַנצן געצנדינערישן ברוך. ער האָט זיך צעשריען נישט מיט זיין קול צו דער דערשטוינטער סילוויאַ: — איך שבתי, דער זון פון נחום שלמה דעם חזן, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש־השם ביי די נאַציס, ימח שמם וזכרם, דאַרף האָבן אונטער מיין דאַך די גוישע פּאַסקודסט־וועס? — שריי נישט אַזוי שאבי! — די סחורה איז נישט געמיינט פאַר דיר, צי פאַר מיר. — האָט זי אים געפּרוווט באַרויִקן. — און ווייטער, — האָט זי געטענהט. — דאָס זענען זעלטענע אַנטיקן און האָבן אַ הויכן קינסטלערישן ווערט.

— קינסטלערישן ווערט! — האָט ער זי איבערגעקרימט. — און אַז ס׳וועט זיך אָפּזוכן אַ קינסטלער, אַן אויסוווּרף אָדער אַן אידיאָט און וועט „פאַראייביקן" היטלערן, סטאַלינען, צי אַן אַנדער שוואַרץ יאָר? — האָט אים אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם פון אויפרעגונג.

— נו, גוט, גוט! איך וועל זיי ערגעץ פאַרשטעקן און דו וועסט זיי מער נישט זען! — האָט זי אים צוגעזאָגט מיט אַ האַלבן מויל, און בעת־מעשה אים אָנגעקוקט ווי איינעם, וואָס חוץ זיין אַרבעט האָט ער נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר עפּעס אַנדערש...

סוף יוני, ווען אין דער עיר הבירה ווערן די געזעלשאַפטלעכע טוּונגען שוואַכער, האָט סילוויאַ איינגעפּאַקט אַ ביסל סחורה און זיך אַרויסגעלאָזן, אויף דער עצה פון שותף, אין אַנדערע שטעט זי אָפּצו־זעצן. זי האָט מיטגענומען איר טעכטערל און געוואָלט איר מאַן זאָל אויך מיטפאָרן, ווייל די הוצאה מיטן אויטאָ איז דאָך די זעלביקע. אָבער יענער האָט זיך אַנטשידן אָפּגעזאָגט:

— וואָס? צערייבן אַ זומער? — האָט ער געטוליעט צו זיך דעם פּאַק פאַרשריבענע נאָטן.

די יונגע פרוי האָט געשיקט פון וועג אַ פּאָר מאָגערע קאַרטלעך. פּלוצעם האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג צווישן אייגענע, אַז זי וועט זיך נישט אומקערן אַהיים. זי איז אָבער געקומען אין סעפּטעמבער צוריק, געקומען אַ פריינדלעכע, אַ צעשמייכלטע צום מאַן, ווי זי וואָלט אים וועלן קאָמפּענסירן מיט אַרויסצוגעבן אַ בוך מיט בערנאַרדיס קאָמפּאָ־זיציעס צוליב דער בייזוויליקער שמועה. נאָך מער! זי האָט אַצינד פּלאַנירט זיין זעכציקסטן געבוירן־יאָר.

ווי אַזוי דער פּאָרזיצער פון דעם פּאָלקס־אָרדן, פּ. ה. צאַדיקאָוו,

האָט זיך דערוווּסט דערפון איז באמת געווען אַ סוד. ער האָט גלייך פאַררופן אַן אסיפה אין זיין פּרעכטיקן גאָרטן, און אין שאָטן פון די ציטרוס־ביימער פאָרגעלייגט זיין פּלאַן צו פאַרוואַנדלען דעם דיריגענטס יובל אין אַן אַלגעמיינער פייערונג, פון וועלכער עס זאָלן געניסן פינאַנסיעל סיי דער היגער צווייג, סיי דער אָרגאַן פונעם אָרדן אין ניו־יאָרק. און ער האָט פאַרענדיקט: — חבר בערנאַרד האָט זיך ביי אונדז פאַרדינט — האָט ער אַריינגעלייגט די טומאה אין דער יראה. — אַז אַלע אונדזערע גרופּעס אין שטאָט זאָלן יום־טובן דאָס אַרויסגעבן פון זיין ערשטן בוך.

בעת צאַדיקאָוו האָט גערעדט האָבן זיך די בערנאַרדיס פאַר־צווייפלט איבערגעקוקט. ס'איז זיי שוין געווען אַוודאי לאַנג באַקאַנט, אַז דער כאָר געהערט צו דער לינקער באַוועגונג, און דער אומפאַר־מיידלעכער טומל אַרום דער בוך־אַקציע וועט זיכער דערגרייכן דעם טעמפּל. סילוויאַ האָט געצויגן דעם מאַן פאַרן אַרבל, ער זאָל זיך קעגנשטעלן דעם פאָרזיצערס פאָרשלאַג, און זעענדיק אַז ער רעאַגירט נישט, האָט זי זיך אָפּגערופן: — חברים! מיר זענען אייך דאַנקפּול פאַרן כבוד, וואָס איר ווילט אונדז צוטיילן, אָבער אויף דעם וועט זיין די געלעגנהייט ווען דאָס ווערק וועט דערשיינען. — האָט זי געזוכט אָפּצושטופּן די „גזירה" אויף אַ שפּעטערדיקער צייט...

צאַדיקאָוו, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ גלעזעלע קאָניאַק אין האַנט, און האָט עס, ווי זיין שטייגער איז געווען, צוערשט באַשמעקט, איידער ער האָט עס צוגעטראָגן צו די ליפּן, האָט געוואָרפן אַ פאַרחידושטן בליק אויף דער יונגער פרוי, וואָס האָט געוואַגט נישט איינצושטימען מיט אים. ער האָט באַטראַכט אַ רגע זיינע געסט, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיין ענטפער, און ער האָט אַ זאָג געטאָן: — לחיים, חברים! לאָמיר טרינקען אויף שמחות! און ער האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויפן פאָרפאָלק...

סילוויאַ איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. אירע אויגן האָבן גע־שפּריצט מיט פונקען: — וואָס זשע, חברים, — האָט זי זיך געווענדט צו די איבעריקע, — איר האָט נישט קיין דעה און קיין מיינונג? איינער האָט גערעדט און אַלע דאַרפן צובאַמקען? — זי האָט געשפּירט ווי זי גראָבט אונטער מיט אירע רייד איר גאַנצן אָנזען ביי די לייט, און דאָס האָט זי נאָך מער אויפגערייצט, האָט זי אויסגערופן צו איר מאַן: — קום לאָמיר גיין! ס'איז אַלצאיינס נישטאָ צו וועמען צו רעדן!...

מיטוואָך אָוונט, בעת די בערנאַרדיס זענען געקומען צו דער וועכנטלעכער פּראָבע, האָבן זיי געפונען די טיר פון „צענטער" פאַר־שפּאַרט. ווען סילוויאַ האָט פאַררופן דעם כאָר אויף אַן אַנדער טאָג און אין אַן אַנדער אָרט, האָבן זיך בלויז אַ פּאָר באַוויזן. די חברה זינגער, ס׳רוב אייגענע מענטשן, האָט געקראָגן אַ ווונק פון „אויבן" מ׳זאָל אַוועקגיין און מ׳האָט געפאָלגט...

— מיר וועלן אָרגאַניזירן אַ שטאָטישן, אַן אומפּאַרטייִשן כאָר! — האָט די יונגע פרוי געטרייסט איר מאַן. — אָן אויבערהאַרן איבער זיך! און מיר וועלן נאָך אפשר קריגן אַ סובסידיע פון דער שטאָט־רעגירונג.

די נייע אַקציע איז אָבער צוגעגאַנגען שווערלעך. מען האָט זיך אומעטום אָנגעשטויסן אויף קעגנער, נישט אַזוי קעגן דער עצם אידעע, ווי קעגן די בערנאַרדיס, נאָך וועלכע ס׳האָט זיך נאָכגעשלעפּט די „רויטע לאַטע" פון זייער צען־יאָריקער מיטאַרבעט אין דער לינ־קער באַוועגונג. מ׳האָט איצט אגב, געדאַרפט צאָלן פאַר אַ זאַל און מ׳איז נישט געווען זיכער, צי מ׳וועט אים נאָך אַמאָל קריגן. אויב מ׳האָט פריער געהאַט אין באַלעבאָס, איז אַצינד יעדער זינגער געווען אַ דעה־זאָגער, און ביי יעדער קלייניקייט געסטראַשעט צו רעזיגנירן און מיטצוציען זיינע פריינד פון כאָר...

איין פרייטיק, נאָך קבלת שבת, האָט דער „סעקסטאָן", ווי דער שמש ווערט גערופן איז די טעמפּלען, מודיע געווען בערנאַרדי, אַז דער ראַבאַי וויל אים זען אין זיין אָפיס. דער דיריגענט איז נישט געווען איבערראַשט, מחמת ס׳האָט שוין געטראָפן נישט איין מאָל, ער זאָל גערופן ווערן און אַלץ צוליב דער זעלביקער סיבה. דער ראבאַי איז נישט געווען צופרידן פון זיין נגינה־אויסטייטש פון דער אָדער יענער תפילה, און ער וויל עס זאָל געאַנדערשט ווערן. ס׳איז געווען אַ „יש אומרים", אַז גראָד די קריטיקירטע מאָטיוון האָבן אויסגענומען ביי די מתפללים, והראיה? זיי האָבן אים ביים אַרויסגאַנג געדאַנקט דערפאַר. און אין דעם איז טאַקע געווען דעם מוזיקערס „חטא". וויל דר. סעמועלס האָט גערנער אויסגעהערט שבחים אויף זיין אַדרעס. ער האָט, אין זיין אייטלטקייט, אפילו געהייסן איינריכטן אַ רעפלעקטאָר איבער זיין „פּאָלפּיט" (בימה), כדי מ׳זאָל אים בעסער זען, בעת ער האַלט זיין „סוירמען" (דרשה)...

בערנאַרדי האָט אויף אַצינד דערוואַרט ענלעכע טענות. ער איז געשטאַנען פאַר אים, כעני בפתח. — מען גיט מיר איבער, — האָט

דער ראַבאַי געזאָגט. — אַז איר זייט פאַרבונדן מיט די רויטע... — פאַרבונדן? — האָט זיך פאַרן מוזיקער אַ וויג געטאָן ס׳גאַנצע צימער. — איך האָב בלויז אָנגעפירט מיט זייער כאָר, איך האָב אָבער לעצטנס איבערגעריסן מיט זיי.

— דאָס האָט איר געדאַרפט גלייך טאָן, ווען איר האָט אָנגענומען די שטעלע ביי אונדז. — איך בין דעמאָלט געווען אונטער אַ קאָנ־טראַקט... — האָט זיך בערנאַרדי פאַרענטפערט... — דאָס איז אַ שוואַכער תירוץ! — האָט דר. סעמועלס דערווידערט. — מיר קענען זיך נישט דערלויבן, אַז איינער מיט אַזאַ רעפּוטאַציע זאָל זיין באַשעפטיקט ביי אונדז. איך וועל עס מוזן ברענגען פאַרן „טעמפּל־באורד" (אַדמיניסטראַציע). — האָט ער בייזלעך אָפּגעהאַקט.

סילוויאַ האָט געפּרוּווט זיך צו זען מיטן ראַבאַי, אָבער יענער האָט דורך דער סעקרעטאַרין זיך אַרויסגעדרייט פון אַ באַגעגעניש. די יונגע פרוי איז געווען אויסער זיך. זי האָט געהאַלטן, אַז שולדיק אין אַלע צרות איז בערנאַרדיס שוואַכער ווילן און הכנעה. און דערמאָנענדיק זיך פּלוצעם אין איר מאַנס גלייכגילט און אַפּאַטישקייט ביי צאַדיקאָוון אין גאָרטן, האָט זי געזאָגט צו אים מיט באַדויערן: — דיך פּעלט באַקציינער, מיין טייערער שאַבי! ווען נישט איך...

— ווען נישט דו, — האָט ער זי איבערגעריסן. — וואָלט איך זיך געהאַלטן ביי איין מלאכה... — און ווי עס טרעפט נישט זעלטן מיט אַ סך שווייגערס — איין מאָל געעפנט ס׳מויל, האָט ער זיך שוין נישט געקענט באַהערשן: — הלוואי וואָלסטו זיך נישט געמישט אין מיינע עסקים. — האָט ער געזאָגט מיט ווייטיק. — ביסט געוואָרן ביי מיר אַ גאַנצע קנאַקערין! — האָבן אַרויסגערעדט פון אים די אָנגעקליבענע קריוודעס. — דו פאַרגעסט, אַז דאָס האָב איך דיר אַרויסגעשלעפּט פון קיך און דיך געוויזן פאַר מענטשן... ער איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט איינגעזען, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט אַצינד געזוכט אַ מילדערן וואָרט, נאָך סילוויאַ איז שוין נישט געווען אין צימער.

דער ווינטער האָט זיך שלאָבערדיק געצויגן פאַר די בערנאַרדיס. הגם ס׳איז געלונגען צו קריגן פון דער שטאָט אַ געוויסע סובסידיע, האָט דער כאָר שוואַך פונקציאָנירט. זינגער זענען מער אָפּגעפאַלן ווי צוגעקומען. די לינקע עטיקעטע וואָס מ׳האָט אָנגעהאַנגען דעם דיריגענט האָט זיך אים ווייטער נאָכגעשלעפּט, כאָטש ער האָט שוין מיט יענער חברה נישט געהאַט קיין מגע ומשא. דער יערלעכער

קאָנצערט, וועלכער האָט געדאַרפט דעקן נישט נאָר די הוצאות און די אָנגעקליבענע חובות, נאָר אויך לאָזן אַ באַשטימטן ריווח פאַרן מוזיקער, איז געווען ווינציק באַזוכט. ס'האָט געפעלט דער הויפט־כוח, וואָס האָט שטענדיק געזאָרגט פאַר דער נייטיקער רעקלאַמע און פאַרן בילעטן־פאַרקויף. סילוויאַ האָט נאָך בערנאַרדיס אָנפאַל אויף איר, מער נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס אין דער אַרבעט. זי האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויפן זומער...

איין טאָג האָט די יונגע פרוי דערהאַלטן אַ פאַראָרדענונג צו קימען אין געריכט. מ'האָט אויף איר געמסרט, אַז זי האָט געבראָכן אַ שטאָט־רעגולאַציע, נעמלעך, אַז זי פירט אָן מיט אַ געשעפטלעכער אונטערנעמונג אין אַ רעזידענץ־געגנט. זי האָט שפּעטער געדאַנקט גאָט, וואָס זי איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ געלטשטראָף, און נישט מיט עפּעס ערגערס.

סוף חודש מאַי האָט זי ליקווידירט דעם אַנטיקן־קראָם, און זיך אַרויסגעלאָזט מיט מירעלען און מיטן רעשט ביסל סחורה אין וועג. צווישן די פריינד האָט זיך ווידער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זי וועט זיך נישט אומקערן. און ווען ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט און בער־נאַרדי האָט נישט געהערט פון איר, האָט ער זיך שריפטלעך נאָכ־געפרעגט ביי אירע עלטערן, ביי איר שותף, און ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, האָט קיינער נישט געענטפערט. און די שמועות האָבן זיך געמערט מיט פיינלעכע צוגאָבן, אַז זי האָט איבערגעריסן מיטן מוזיקער און איז ערגעץ אַוועק מיטן אַנטיקן־הענדלער...

בערנאַרדי איז אָפּגעפלויגן קיין ניו־יאָרק מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט עפּעס פערזענלעך דערגיין וועגן איר ביי אירע עלטערן, נאָר די לעצטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן מיט זייער איידעם, וועלכן זיי האָבן כמעט נישט געקענט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין מיאַמי מיטן פעסטן באַשלוס צו רעאָרגאַניזירן דעם כאָר און זיך צו פאַרטיפן אין זיינע מוזיקאַלישע אַרבעטן. אָבער ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם ליידיקן הויז, האָבן זיך אָפּגעטאָן פון אים אַלע מסקנות. ס'האָט אים אַרומגענומען אַן אָפּהענטיקייט, אַ פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך דערשפּירט ווי איינער, וואָס איז אַ לענגערע צייט געפירט געוואָרן פון אַ זיכערער האַנט און מיטאַמאָל האָט ער זי אָנגעווירן, און ער ווייסט מער נישט וווהין זיך צו קערן. ער איז אַרויס אין דרויסן און האָט אַוועקגעשפּאַנט איבער גאַסן, זוכנדיק זיך צו באַרויקן.

אויף דער יום־טובדיק־אויסגעפּוצטער לינקאָלן עוועניו האָט אים אָנגעטראָפן סאַלי לאַזאַרוס, אַ זינגערין פונעם אַמאָליקן כאָר. זי איז געווען אַן אלמנה אין די אָנהייב זעכציקער, מיט נאָך נישט קיין פאַרוועלקטן חן און מיט אַ געווויסער גראַציע אין איר פיגור. זי איז געווען זיינע אַ חסידה און האָט געהאַט, אַמעריקאַניש גערעדט, אַ וואַרעם ווינקעלע אין איר האַרץ פאַר אים. ווען עס איז דערגאַנגען צו איר, אַז סילוויאַ האָט אים פאַרלאָזן, האָט זי נישט געקענט אויס־באַהאַלטן די פרייד: — אָ, מר. בערנאַרדי! האָט זי אויסגערופן. — ווי צופרידן איך בין אייך צו זען! דער דיריגענט האָט זי שוואַכ־לעך געדענקט. ער האָט זיך אָבער אַצינד אויף אַרומגעכאַפּט מיט איר: — ס׳איז גוט זיך צו טרעפן מיט פריינד! — האָט ער געזאָגט אויפריכטיק. — ווּהין שפּאַצירט איר עס אַליין?

— נישט אין קיין באַשטימטן אָרט. אויב איר ווילט, — האָט זי אים פאָרגעלייגט, — קומט אַרויף צו מיר, איך וווין דאָ נישט ווייט.

ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט דער מוזיקער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, נאָר אַצינד האָט ער זיך אַפילו דערפרייט מיט דער פאַרבעטונג.

זי האָט באַוווינט אַ רחבותדיקע היים, רייך מעבלירט, וואָס איר פאַרמעגלעכער מאַן האָט איר געלאָזן. זי האָט נישט איין מאָל גע־חלומט צו האָבן דעם מוזיקער ביי זיך. און אָט זיצט ער לעבן איר אין דער אָוונטיקער טונקלקייט, הערט זיך צו צו בראַמס און שאָפּען פלאַטן, וואָס זי האָט געלאָזט שפּילן אויף איר סטערעאָפאָן און טרינקט איין „קאָקטייל״ נאָכן אַנדערן. צי טרינקט ער שוין נישט אַ ביסעלע צופיל? זי האָט אים אָפּגעפירט שפּעט ביינאַכט אין איר אויטאָ אַהיים. ער האָט ווינציק גערעדט און וואָס ער האָט געזאָגט האָט זיך נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. אויף מאָרגן האָט זי אים טעלעפאָנירט אַז זי קומט אים נעמען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. זי האָט עס געטאָן עטלעכע טעג כסדר. און ווען זי האָט באַמערקט זיין מאָדנע גרייטקייט און נייגער, ווי ער וואָלט בלויז אויף דעם געוואַרט, האָט זי אים איין מאָל געפרעגט, צי מיינט ער נישט, אַז ס׳איז שווער פאַר אים צו זיין אַליין, און צי וואָלט ער זיך נישט געפילט בעסער צו האָבן לעבן זיך אַ נאָענטן מענטשן, וואָס פאַרשטייט אים און שאַצט אים אָפּ? די פראַגע איז אים געשטעלט געוואָרן אינעם זעלביקן טאָג, ווען ער האָט באַקומען פון סילוויאַן דעם פאָרמעלן שיידונגס־דאָקומענט,

וועלכן זי האָט אַרויסגעקראָגן אין לאַס־וועגאַס. ער האָט נישט גע־ענטפערט, נאָר פּלוצעם אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין, האַלטנדיק מיט ביידע הענט פאַרשטעלט דאָס פּנים. ער האָט זיך געשפּירט שטאַרק פאַרשעמט וואָס ער קען זיך נישט קאָנטראָלירן...

די פרוי לאַזאַרוס האָט אָבער אַנדערש אויסגעטייטשט זיין „השתפכות”, נעמלעך, אַז ער איז טיף גערירט פון איר מיטגעפיל און פריינטשאַפט, איז זי ווייטער געגאַנגען ווי אויף אַ זיכערן בריק — צוליב וואָס זאָלן מיר וואַרטן, בערנאַרדי טייערער? מיר זענען שוין ביידע נישט קיין יונגינקע הינדעלעך! לאָמיר אַרויסנעמען פּאַפּירן און שטעלן אַ חופּה!...

אין אַ וואָך אַרום זענען זיי געווען אין דער „הייראַטס־ביוראָ” און שפּעטער ביי עפּעס אַ רבל, וועלכן סאַלי האָט פון פריִער באַ־שטעלט. בערנאַרדי האָט אויטאָמאַטיש אַלץ געטאָן, וואָס מ׳האָט פון אים פאַרלאַנגט. און ווען ער האָט אַריינגעבראַכט זיינע חפצים אין איר וווינונג, איז אים ווידער באַפאַלן אַ געוויין. היפּשלעך דערשראָקן, האָט זי נאָך אַלץ געמיינט, אַז די אָנפאַלן זענען אַ פועל־יוצא פון זיין פּלוצעם־געביטענעם אַרט לעבן. אָבער לחלוטין אומפאַרשטענדלעך איז פאַר איר געווען זיין נאָכאַנאַנדיק שטיקן זיך אין די נעכט, ווי אים וואָלט אויסגעפעלט לופט צום אָטעמען. זי איז מיט אים אַוועק צו אַ ספּעציאַליסט און יענער האָט פעסטגעשטעלט, אַז בערנאַרדי איז אָנגעגריפן פון עמפיזעמאַ. ער האָט אים פאַרבאָטן, פאַרשטייט זיך, צו רויכערן און רעקאָמענדירט, ער זאָל אַריין אויף עטלעכע טעג אין אַ שפּיטאָל אויף אָבסערוואַציע.

סאַלי האָט זיך דערפילט אַנטוישט, אַפילו אָפּגענאַרט. איר כעס האָט זיך געוואָרפן אָט אויף סילוויאַן, וועמען זי איז אַמאָל מקנא־געווען. יענע האָט געהאַט דעם מוזיקער בעת זיין נאָמען איז גרויס געווען און די גאַנצע שטאָט האָט געקלונגען מיט אים, אָט אויף בערנאַרדין, וואָס האָט פאַרשוויגן פאַר איר זיינע חולאתן. זי האָט נישט אויפגעהערט צו קלערן וועגן אַנולירן איר הייראַט מיט אים, ווייל נישט זי האָט געהאַט אַ פריידיקע מינוט מיט אים, נישט זי איז מחויב זיך צו ניאַנטשען אַצינד מיט אים. נאָך שטאַרקער איז געוואָרן איר באַשלוס, ווען ער האָט זיך קריקגעקערט פון שפּיטאָל און זי האָט נישט געזען ביי אים קיין פאַרבעסערונג. פאַרקערט! ער איז איצט אָפּטער אַריינגעפאַלן אין זיין היסטערישן צושטאַנד פון געוויין און געלעכטער. ס׳איז קלאָר געוואָרן פאַר איר, אַז ער האָט פאַרלאָרן

זיין גייסטיקן גלייכוואָג, און ס׳וועט איצט זיין פֿאַר איר גרינגער פּטור צו ווערן פֿון אים...

איין טאָג האָט זי אים אַוועקגעפֿירט אין אַ דערבייִיק שטעטל ווו ס׳געפֿינט זיך אַ „היים״ פֿאַר אינוואַלידן. ס׳רוב פֿון זיי האָבן שוין די עלטער און די פֿיזיש־גייסטיקע מיחושים געלאָזן אָן דעם מינדסטן סימן פֿון צלם־אלקים. זי האָט דאָרטן איבערגעגעבן זיין „סאָל־סעקיור־ריטי קאַרד״ (סאָציאַל־פֿאַרזיכערונג־פּאַפּיר), וואָס וועט צאָלן פֿאַר זיין אויפֿהאַלט. זי האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט אים, צוזאָגנדיק דעם צע־טומלטן און צערודערטן בערנאַרדי, אַז זי וועט אים אָפֿט באַזוכן, און זי האָט האַסטיק פֿאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט...

# דער קאַמף מיטן נעכטן

ס'איז אַ ביטערע איראָניע — נאָר מילדרעד קאָלער האָט ערשט אין איר פינפטן יאָרצענדליק אַנטדעקט דאָס אומרעכט, ניין! דאָס פאַרברעכן, וואָס ווערט קעגן איר באַגאַנגען טאָג־טעגלעך. און זאָל דאָ, אויפן אָרט, אגב, באַמערקט ווערן, אַז אָט די צאַרט־געבויטע פרוי, מיט די טונקל־שאַרפע אויגן, האָט אויפגענומען יעדע אומאַנגענעמלעכקייט, וועד רעדט שוין פון עפּעס ערגערס, ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג אָדער אָנגריף. ס'ווענדט זיך, פאַרשטייט זיך, אין דער מאָס און מדרגה פונעם אָפּגעטאָענעם שלעכטס...

די דערמאָנטע „אַנטדעקונג" האָט זי געמאַכט פּלוצעם, אומגערעכט. זי איז געזעסן אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג און באַטראַכט איר גרויסן אויפנעם־צימער, און זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס נייטיקט זיך אין אַ גרינטלעכער רעוויזיע. קודם־כל האָט זי געמוזט געפינען אַ מער פּאַסיקן אָרט פאַר די אומצייליקע „אַנטיקן", געבראַכט פון אַלע עקן וועלט. אמת, זיי האָבן אָפּט געוועקט ביי איר ליכטיקע זכרונות. אָבער אַצינד האָבן זיי זיך געלייגט שווער אויף איר געמיט. אויך די טונקל־פאַרביקע פאָרהאַנגען איבער די פענצטער האָבן זיך נישט געפּאַסט צו דעם טראָפּישן קלימאַט. און וואָס איז שייך די שטאַרק־ערנסטע מאָלערייען אויף די ווענט, האָבן זיי אַרויסגערופן אַ קרומען שמייכל אין דער מיליע פון זון, ים און פּאַלמעס. זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען אין אַ געוויסן קלאַסיקער־קינסטלער, וועמעס אַ רעפּליקאַ זי האָט געהאַט בדעה איינצוהאַנדלען, און וואָס זיין פאַמיליע־נאָמען הייבט זיך אָן מיטן ענגלישן אות (כאָטאָ). זי האָט זיך געווענדט צו איר מאַן וועגן דעם, נאָר יענער איז געלעגן אויף דער סאָפע און געדרעמלט.

זי האָט אַרויסגעקראָגן פון אַלמער אַ באַנד „אָקספאָרד" און גענומען געדולדיק נאָכזוכן דעם געגאַרטן נאָמען. און אַזוי בראָדזשענדיק איבערן קאָלום און איבער די שייכותדיקע רובריקן, האָט זי זיך אָנגעשטויסן, ס'ערשטע מאָל אין איר לעבן, אויף אַ צאָל דעפיניציעס,

וואָס אָט דער באַרימטער ווערטערבוך האָט וועגן דעם פאָלק, פון וועלכן זי שטאַמט אָפּ. און אַלע האָבן זיי געהאַט איין מיין, איין זין און איין טייטש, נעמלעך: — אַז דער ייִד — זי האָט נישט געגלייבט אירע אויגן! איז אַ שווינדלער, אַ פעלשער, אַ מאַניפּולאַטאָר. זי איז געווען אַזוי דערשטוינט און אויפגעבראַכט, אַז זי איז צו ערשט נישט מסוגל געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט, נאָר באַלד האָט זי זיך צע־שריען נישט מיט איר קול:

— דו הערסט, אַנאַטאָל, — האָט זי נישט אָפּגעריסן אירע בליקן פון די מיניאַטור־שורות. הערסט ווי מיר ווערן פאַרגעשטעלט פאַר דער וועלט? — און זי האָט איבערגעחזרט די פּריִערדיקע עפּיטעטן און אַרויסגעלייענט אַנדערע: — „דער ייִד איז אַן אויסנוצער, אַ וואָ־כערניק, אַ שאַכער־מאַכער". מילדרעד איז געשטאַנען איבער אים, ווי אַ פלאַקערדיקער שטורקאַץ און זיך נישט געקענט איינגעמען: — איך וועל זיי עס נישט שענקען! איך וועל זיי עס נישט פאַר־שווייגן! — האָט זיך געהויבן איר טעמפּעראַמענט. זיי וועלן עס מוזן קאָרעגירן, אָדער אַריינגעבן אַן אַנדער אויסטייטש. און הגם זי האָט זיך אָנגעטראָפן אויף געַנוג אַנטי־ייִדישע אויסדרוקן ביי די קלאַסיקער און ביי די היינטצייטיקע, האָט זי נישט דערוואַרט אַזאַ סוביעקטיוו־בייזוויליקע אינפאָרמאַציע אין אַ ווערטערבוך...

אַנאַטאָל, בדרך־כלל, אַ געלאַסענער און איינגעהאַלטענער, האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף זיין פרוי ווי אַלע מאָל, ווען זי האָט זיך אויפגערעגט איבער עפּעס אַן אומרעכט, מיט באַ־ווונדערונג, ווי זי וואָלט אויסגעדריקט איינצייטיק אויך זיין מיינונג. ער האָט געוווּסט, אַז זי וועט נישט בלייבן ביים רעדן. זי האָט זיך טאַקע גלייך געזעצט ביי דער שרייבמאַשינקע און האָט אָפּגעקלאַפּט דריי בריוו. צוויי צו ייִדישע אינסטאַנצן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אַזוינע ענינים, און די דריטע — צום נוגע־בדבר, דאָס הייסט, צו דער „קלערענדאָן פּרעס" אין אָקספאָרד, ענגלאַנד. — פאָדערנדיק אַן אויפקלערונג ביי איר אויף דער אָפּגעטאָענער נבלה... און איז גלייך אַוועק צום בריווקעסטל אויפן ראָג גאַס און זיי אָפּגעשיקט מיט דער „לופטפּאָסט".

ווען אַנאַטאָל קאָלער איז געבליבן אַליין, האָט ער זיך אויך פאַר־טיפט אינעם ייִדנפיינדלעכן שריפט, אָבער אויף אים האָט עס נישט געמאַכט אַזאַ אויפטרייסלנדיקן איינדרוק. ער האָט זיך אָנגעהערט לרוב פון זיינע אימיגראַנטישע עלטערן וועגן אויסנאָם־געזעצן, פאַר־

פאַלגונגען און פאָגראָמען אויף ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד. ער האָט זיך אַליין אויך אָנגעשטויסן דאָ־הי אין אוניווערסיטעט, ווו ער האָט שטודירט אויף אינזשעניער, אויף געגנוג שאַרפע נאָדלען אויפן חשבון פון זיין אָפּשטאַם. און שפּעטער, זייענדיק פאַרוואָרפן אויף די נאַפט־פעלדער אין טעקסאַס, האָט ער זיי אָפּט פאַרנומען פון זיינע קאָלעגן... און בכלל איז דען דאָס יידיש אויער געווען פאַרהיט פון אָט דעם שנאהדיקן קורס אין דער צייט פון דער היטלער־מגיפה? נישט אַזוי מילדרעד! — זי איז אַרויסגעקומען פון אַ קליין שטעטל אַרום באָס־טאָן פון אַן אַסימילירטער פאַמיליע, וועמעס זיידע האָט עמיגרירט אַהער פון האָלאַנד אין מיטן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ער האָט אין נייעם לאַנד געענדיקט אויף יוריסט, און אַזאַ פּראָפעסיע האָט זיך אויך אויסגעקליבן זיין זון, דאָס־הייסט, מילדרעדס פאָטער. אין שטוב האָט מען זעלטן געהערט דאָס וואָרט „ייד”. ערשט מיטן אויפ־קום פון מדינת ישראל, ווען די היגע פּרעסע איז פול געוואָרן מיט די דראַמאַטיקע פאַסירונגען, האָט זיך די משפּחה פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון יענעם לאַנד און מער פון אַלע גראָד די יונגע מילד־רעד. איר האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער אויסדויער און כאַראַקטער־פעסטקייט פון אירע איינוווינער, די דרייסטקייט און מוט פון אירע באַשיצער. זי האָט צוערשט געהאַלטן מיט דער קליינצאָליקער מחנה נישט ווי אַן אייגענע, נייערט ווי אַ זייטיקע, וואָס אָבסערווירט, למשל, אויפן עקראַן ווי צוויי נישט־גלייכע כוחות קעמפן צווישן זיך. אָבער וואָס ווייטער איז זי אַלץ מער מיטגעריסן געוואָרן, און ס'איז אין איר געוואַקסן אַ נייגער זיך צו באַקאָנען נענטער מיט יענעם קאַנט און וויסן מער וועגן דעם פאָלק, וואָס טראָגט דעם זעלביקן נאָמען.

אין אַכט־און־זעכציקסטן יאָר, אַ קורצע צייט נאָכן מערקווירדיקן נצחון איבער די אַראַבישע חיילות, איז זי געפאָרן אַהין מיט איר מאַן אויף אַ באַזוך מיט אַ היפּש ביסל קענטענישן וועגן לאַנד. און ווען זי האָט געשפּאַנט צי געקלעטערט, מיט אַנדערע טוריסטן, אויף די ערטער, וועלכע האָבן געלאָזן טיפע צייכנס אין דער יידישער גע־שיכטע, האָבן זיך די אַמאָליקע געשעענישן צונויפגעגאָסן מיט די היינטיקע און זי האָט אין זיי געזען אַ נישט־איבערגעריסענע קייט פון אומגעוויינטלעכע און איבערמענטשלעכע אַנטפּלעקונגען. און ווי עס טרעפט נישט זעלטן מיט מענטשן, איז זי פון אַ גלייכגילטיקן צד אַריבער, מיט דער צייט, צום אַנדערן עקסטרעם. און אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט ישראל און מיטן יידישן לעבן בכלל האָט באַקו־

מען אין אירע אויגן אַ פּיל העכערן ווערט און באַטײַט...

ווען עס זענען אַריבער אַ פּאָר וואָכן און זי האָט נישט געקראָגן קיין ענטפער אויף אירע בריוו, האָט זי באַשלאָסן אָפּצופליִען קיין לאָנדאָן און איבערנעמען דעם עסק אין אירע אייגענע הענט. אַז קיין פינאַנסן איז קיין מניעה נישט געווען. זי איז געווען באַזאָרגט מיט אַ שטענדיקן איינקונפט. אָט די מערקווירדיקע פרוי האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע פאַרשטענדעניש אין הייזער־געבוי. זי האָט אין אירע יינגערע יאָרן אָפּגעקויפט אַלטע, אָפּגעלאָזענע בנינים, האָט זיי געלאָזט רעמאָנטירן און באַנייען און זיי אָפּט פאַרהאַנדלט צו די פריִערדיקע באַלעבאַטים. ס׳איז ביי איר נישט געווען אַזוי דאָס לעכצן נאָך עשירות ווי אַ שאַרפער פאַרלאַנג צו זעלבשטענדיקייט. זי האָט דעם גרויסן און אָפּט לייכטן פאַרדינסט פאַרטיילט, פאַר־שווענדט און אַפילו צעטרענצלט אויף רייזעס אין ווייטע, עקזאָטישע לענדער, אויף נויטבאַדערפטיקע קרובים און פריינד, לטובת פריי־הייט־באַוועגונגען איבער דער וועלט: — זי האָט געשטיצט מיט אַ פולער האַנט די לאַיאַליסטן אין שפּאַניע, די אויפשטענדלער אין ביאַפראַ, אַ צייט די היגע נאָכפאָלגער פונעם שוואַרצן מאַרטירער, מאַרטין לוטער קינג...

אַנאַטאָל האָט נישט דערווידערט קעגן איר נסיעה. ער איז געווען געווינט צו אירע פּעריאָדישע אויפברויזן, דערצו האָט ער, זייט ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין פּראָפעסיע, אַלצאיינס געפירט אַליין די הויזווירטשאַפט.

מילדרעד קאָלער האָט זיך גלייך דערפילט היימיש אין לאָנדאָן. זי האָט נישט איין מאָל באַזוכט אַליין און מיט איר מאַן די גרויסע, גרויִע און אומהיימלעכע מעטראָפּאָליע. שוין אין די ערשטע טעג פון איר אָנקום האָט זי זיך דערוווסט פון דער פּרעסע — צו איר איבער־ראַשונג און פרייד, אַז איינער אַ טעקסטיל־סוחר, מאַרקוס סאַלאָמאָן, האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן די אייגנטימער פון „קלערענדאָן פּרעס״. זי האָט זיך געשטעלט אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט אים. און ער האָט זי אינפאָרמירט, אַז די פירמע, מיט וועלכע ער קאָרעספּאָנדירט שוין אַ לענגערע צייט, דאָס־הייסט, ער שרייבט און זי מיידט אויס אַ דירעקטן ענטפער אויפן „אָנגעוויטיקטן״ פּראָבלעם, האָט ער אָנגעקלאָגט אין געריכט און זוכט אַרויסצוקריגן אַן „אינ־דזשאָקשן״ (פאַרבאָט), זי זאָל איבערדרוקן די אויפהעצערישע טייטשן אין אירע נייע אויסגאַבן, און ער צווייפלט שטאַרק צי עס וועט אים

געלינגען. צום סוף האָט ער פֿאַרגעלייגט זיך צו טרעפֿן מיט איר אין זיין ביוראָ אָדער אין איר האָטעל, אויף ווייטערדיקע שמועסן וועגן דעם זעלביקן ענין.

מילדרעד האָט אָפּגעמאַכט זיך צו באַגעגענען מיט אים אין אַ קאַפֿע אין צענטער פֿון שטאָט. צו דער באַשטימטער שעה האָט זיך באַוויזן אַ מיטל־יאָריקער מאַן, מיט אַ לענגלעך־אָפּן, ערלעך און אַ ביסל אומעטיקלעך געשטאַלט. ער האָט אפשר אויסגעקוקט ווי אַ סוחר, אָבער ווי איינער, וואָס האָט אויך אַנדערע אינטערעסן. ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט און זי באַטראַכט מיט מיטגעפֿיל, ווי אויף נאָך אַ מיטקעמפֿערין אין אַ פֿאַרלאָרענער זאַך...

סאַלאָמאָן האָט ס׳רוב גערעדט. ער האָט איר אויסדערציילט פֿון די שוועריקייטן און קלעמענישן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, און ס׳האָט זיך געשפּירט אין זיינע רייד זאָרג וועגן דער יידישער צו־קונפֿט אין ענגלאַנד. פֿאַרן אַוועקגיין האָט ער איר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט אָנפֿירן דעם קאַמף, אויב נייטיק, אַליין. אָבער, האָט ער צוגעגעבן, ס׳וואָלט אפשר געהאַט אַ שטאַרקערן עפֿעקט ווען מען טוט עס בייינאַנד. — האָבן זיך זיינע בליקן פֿאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער אויף איר. און ווען זי האָט נישט רעאַגירט אויף זיינע לעצטע ווער־טער, האָט ער זי פּלוצעם אַ פֿרעג געטאָן: — און איר זייט עס טאַקע געקומען ספּעציעל פֿון אַמעריקע וועגן אָט דעם צוועק?

— אָט ווי איר זעט! — האָט זי געזאָגט פּשוט, אָן אָנשטעלן. און זי האָט באַלד מוסיף־געווען: — איר קאָנט זיך אפשר פֿאַרגינען מער צייט, אָבער איך בין דאָ אַ גאַסט און וועל מוזן האַנדלען שנעל און מער דירעקט.

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט זי געשריבן צום העכסטן ריכטער אין לאַנד, לאָרד היילשאַם, וועגן אַן אוידיענץ. אַ וואָך שפּעטער איז אָנגעקומען אַן ענטפֿער פֿון זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר, זי זאָל אָנגעבן שריפֿטלעך איר בקשה. עס האָט זיך אַוועקגעצויגן אַ מאָנאַט אָן רע־זולטאַטן. בעת־מעשה האָט זי זיך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיטן אַרציבישאָף פֿון קאַנטערבערי. אויך צו אים האָט זי נישט געהאַט קיין צוטריט, און זיינע פֿאַרטרעטער האָבן זי געזוכט אָפּפּטרן מיט פֿאַרשיידענע תירוצים. זי איז אַרומגעלאָפֿן פֿון איין רעדאַקציע אין דער אַנדערער, און אומעטום האָט מען זיך געוווּנדערט, וואָס זי, אַן אַמעריקאַנערין, פֿאַרנעמט זיך מיט אַן עסק פֿון בריטישן כאַראַקטער. אין דער „דיילי טעלעגראַף״ האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מ׳האָט שוין

געשריבן וועגן דעם ענין און אַפילו געהאַט ס׳בילד פונעם פּאַראינ־טערעסירטן צד. (מר. מאַרקוס סאָלאָמאָן).

איין טאָג האָט פאַרביטן אַ צווייטן. זי האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון אַ סך הויכגעשטעלטע לייט, פון וועלכע מ׳האָט געקאָנט דער־וואַרטן הילף. ביז איינמאָל — אומקערנדיק זיך אַ מידע, אַן אויס־געשעפּטע, אין האָטעל, האָט מען איר געלאָזט וויסן, אַז מר. אָווען, דעם לאָרדס סעקרעטאַר האָט טעלעפאָניש זי געבעטן צו קומען אין טשענסלאָרס ביוראָ. זי האָט גלייך אַוועקגעאיילט אַהין און נאָך אַ לאַנג וואַרטעניש, האָט זי אויפגענומען אַ דינער, אויסגעצויגענער בר־נש מיט אַ טרוקן, מעלאַנכאָליש פּנים. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויפן צוועק פון איר קומען קיין לאָנדאָן, אויף איר באַזונדער אינטערעס אין דער אַפּערע. צי זי פאַרטרעט אַ רעליגיעזע אָדער אַ סעקולערע גרופּע, צי אַ וויסנשאַפטלעכן צווייג. און צום סאַמע סוף האָט ער איר דערקלערט, אַז מען קען נישט אָפּשאַפן די דעפיניציעס אין אַ ווער־טערבוך. זיי זענען פאַרבליבענע רעליקוועס פון אַמאָל, און אין ענג־לאַנד, ווי זי ווייסט מסתמא, האָט מען גרויס אָפּשיי פאַר אַלטערטימ־לעכקייטן...

—אַפילו ווען זיי באַליידיקן אַ גרויסע צאָל פון אייערע בירגער?
— האָט זי אים איבערגעריסן. מר. אָווענס מעלאַנכאָליע איז געוואָרן טיפער. ער האָט נישט געקענט דערלאָזן, אַז אַן אויסלענדערין זאָל זיך נישט רעכענען מיט די אָנגענומענע טראַדיציעס, און ער האָט אומהעפלעך באַמערקט:

— אונדזער באַפעלקערונג פון יידישן גלויבן נייטיקט זיך נישט אין דרויסנדיקער אַריינמישונג — מיינט איר נישט אַזוי, מרס. קאָ־לער?

מילדרעד האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן און האָט אויס־געשריגן: — די עוולה, איידל געזאָגט, גייט פאַקטיש אַריבער די גרענעצן פון אייער לאַנד און ברענגט אומכבוד און דערנידערונג דעם יידישן קיבוץ איבער דער גאַנצער וועלט, ווייל די ווערטער־ביכער פון דער „קלערענדאָן פּרעס” ווערן גענוצט אין שולן, אוני־ווערסיטעטן און ביבליאָטעקן, קאָנט איר עס אָנרופן אָביעקטיווע אינפאָרמאַציע, סער?

דעם סעקרעטאַר איז מיטאַמאָל מיאוס געוואָרן דער אַרויפגע־צווונגענער שמועס, און אפשר האָט ער דערשפּירט אין דער דאָזיקער

פרעמדער פרוי אַ ניצוץ פונעם האַרטנעקיקן פאָלק, פון וועלכן די ביבל רעדט אַזוי אָפט, און ער האָט געזאָגט צו איר:

— מרס. קאָלער, מיר וועלן פאַרברענגען אייערע טענות פאַרן לאָרד טשענסלאָר, און מיר וועלן אייך לאָזן וויסן גאָר אין גיכן זיין מיינונג. — און ער האָט זיך אַ הייב געטאָן פון שטול, ווי אַ סימן אַז די אוידיענץ איז געענדיקט.

מילדרעד איז אַוועק פון אים אַ פאַרביטערטע אָבער מיטן פעסטן באַשלוס צו וואַרטן אויף אַן ענטפער ווי לאַנג ס'זאָל נישט נעמען. אין אַ צוויי וואָכן אַרום האָט זי באַקומען פון מר. אָוועז אַ קורצן צושריפט בזה הלשון: — „...אַזוי — ווי מאַרקוס סאָלאָמאָנס ענין געפינט זיך אַציַנד אין געריכט, האַלט זיין לאָרדשיפּ פאַר אומפּאַסיק זיך אַריינצומישן און אַרויסצוזאָגן פּריצייִטיק זיין דעה...״

מרס. קאָלער האָט געקריצט מיט די ציין און זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. זי האָט געוווּסט אַז מען וועט אַזוי לאַנג ציִען און פאַר־ציִען סאָלאָמאָנס פּראָצעס, ביז עס וועט גאָרנישט ווערן דערפון. און זי האָט דעם געדאַנק אַרויסגעזאָגט אין אַ בריוו צום לאָרדס סעקרע־טאַר. זי האָט אים אויך געוואָרנט, אויב די דערמאָנטע פירמע וועט נישט אַרויסווייזן קיין בויגזאַמקייט, וועט זי בקרוב האָבן אויף זיך אַ צוגאָב־עסק מצד דער „אַנטי־דעפאַמיישן ליג פון די בני־ברית״. (אין דער צווישנצייט האָט אַנאַטאָל איר צוגעשיקט אַ קאָמוניקאַט פון דער ליגע, פול מיט לויב און דערמוטיקונג אויף איר חשבון...)

ס'איז אַוועק אַ נייער חודש אין פיינלעכער וואַרטעניש. איין טאָג האָט מען זי גערופן אויף אַ זעונג אינעם לאָנדאָנער אָפיס פון דער „קלערענדאַן פרעס״. זי איז געגאַנגען אָן חשק און אָן האָפענונג, מיט אַן אָנגעקליבענעם געבייזער אים אויסצולאָזן אויף די דאָרטיקע לייט. אַזוי גיך ווי מ'האָט זיך דערוווּסט ווער זי איז, האָט מען זי אַריינגע־פירט צום הויפט־פאַרוואַלטער פונעם באַרימטן פאַרלאַג. דאָרטן האָט יענער מיט אַ פיל־באַטייטנדיקן שמייכל זי לאַנג באַטראַכט און איר ענדלעך געוויזן פריש־אָפּגעדרוקטע בלעטער פון אַ „רעווידירטער״ אויסגאַבע. אמת, אַלע פריִערדיקע ציטאַטן זענען טאַקע געבליבן אויף זייער אָרט, אָבער ביי דער זייט, אין קלאַמערן, איז אָנגעגעבן, אַז די טערמינען זענען אַן איבערבלייבעניש פון מיטל־עלטער און אפשר נאָך פון פריִער, און זיי ווערן גענוצט, ביי געוויסע געלעגנהייטן, פונעם פשוטן המון.

מילדרעד קאָלער איז אַרויס פונעם אָפיס אָן אַ „זיי־געזונט". זי איז גלייך אַוועק אין האָטעל און זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין, טראַכטנדיק דערביי: — הגם דער מענטש דערגרייכט שוין היינט טעכניש די לבנה און אַפילו העכער, שלעפּט זיך אים נאָך אַלץ גייס־טיק נאָך דער מאַלפּישער עק אויף דער ערד...

# דילעמע פון אַן אלמנה

שוין אין דער ערשטער וואָך פון אילאיס „אַוועקגיין", האָט זיך ראַשעל באַקלאָגט אויף איינזאַמקייט. די נאָענטע ווי די פריינד האָבן זיך דערפילט אומבאַקוועם, אַפילו פּאַראיבל געהאַט אויף איר, ווייל די אלמנה איז געווען אַרומגערינגלט, הן בעת איר מאַנס לאַנגער קראַנקייט, הן נאָך דעם, מיט אַ סך צערטלעכקייט און ליבשאַפט, און בכלל — האָט מען זיך געפרעגט: „ווי קריכן איר אין קאָפּ אַזוינע געדאַנקען"? דאָס פּאָרפּאָלק האָט אָפּגעלעבט העכער צוואַנציק יאָר אין זעלטענער האַרמאָניע. א י נ א י י נ ע ם דורכגעמאַכט דאָס ביסל פרייד און אַנטוישונגען, וואָס זענען אַ מענטשן באַשערט, און שוין מיט אָט די זכרונות וואָלט זי געקאָנט, זענען זיי זיכער געווען, אויס־לעבן אירע יאָרן, אָדער לכל הפחות אַ לאַנגע צייט און זיך נישט נייטיקן אין קיינעם.

לפנים איז ביי איר אַלץ געבליבן ביים פריִערדיקן: דער לוקסוס־אַפּאַרטאַמענט מיטן קאָסטפּולן מעבל. אילאיס באַליבטע ביכער, פּאָטאָ־גראַפיעס און קונסט־געמעלען, דער לאַנגער עלעגאַנט־געבעטער שטול ביי די ברייטע, רחבותדיקע שפּיגל־פענצטער, פון וואַנען ער האָט ליב געהאַט אַראָפּצוקוקן צו די בלוי־גרוילעכע וואַסערן פון „לייק" מישיגען.

די יונגע פרוי האָט זיך צו ביסלעך גענומען אין די הענט אַריין. זי איז דערגאַנגען, אַז אין שטאָט געפינען זיך פאַרשיידענע קלובן מיט געוויסע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס. איינער אַזאַ באַשטייט בלויז פון יחידים און כמעט אַלע זענען פּ׳ן איר עלטער. מען באַגעגנט זיך אין אַן אָוונט, אין די היימען, ווו עס ווערט געפלעגט אַ פריינדשאַפט, וואָס פאַרענדיקט זיך, ס׳רוב, מיט הייראַט...

אין עטלעכע וואָכן אַרום, איז אויך פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש פון די מענטשן ביי ראַשעלן אין הויז. און דאָרטן האָט ד״ר אָשר וויטנבערג, אַ ווינער פּליט, וועמעס גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין אוישוויץ, זיך אַ ביסל לענגער פאַרקוקט אויף דער באַלעבאָסטע

ווי ס׳איז דערלויבט. די אלמנה איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. ווען דער עולם איז זיך צוגאַנגען, האָט זי מיט פּאַראיבל געפרעגט: — דאַרף מען טאַקע פאַר אַלעמען דעמאָנסטרירן אונדזערע באַציונגען?

— למאי זיי פאַרבאָרגן? האָט ד״ר וויטנבערג נישט געקענט פאַרשטיין. — צוליב דעם צוועק טרעפן מיר זיך דאָך... און ווען ער האָט זי אַרומגענומען ביים געזעגענען, האָט זי אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ...

אָבער עס זענען געווען אָוונטן, ווען זי האָט נישט דערווידערט. דעמאָלט איז איר נאַכט געווען אַן אומרויִקע. אין די מינוטן פון שטיקלעך שלאָף, פון האַלב דרעמל, פלעגט זיך פּלוצעם דערהערן אַ שטאַרקער קלאַפּן פון אילאיס אַמפּוטירטן פוס און אַמאָל פלעגט ער אַנטפּלעקן פאַר איר די נישט־פאַרהיילטע ווונדן אויף זיין ברוסט... און ווען זי האָט זיך מער נישט געקענט ווערן קעגן די גרויל־זעונגען און שרעק־בילדער און אויסשרייען, אַ פאַרצווייפלטע, אין דער נאַכט: „וואָס ווילסטו פון מיר, אילאי, וואָס ווילסטו״? ערשט דעמאָלט פלעגן פאַרשווינדן דעם מאַנס ביטערניש און רוגזה, און אַ רו, אַ פאַרדעכ־טיקע רו, ווי פאַר אַ שטורעם, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף איר. עס האָט שוין דעמאָלט געגרויט אין פענצטער, און ראַשעל איז אויפ־געשטאַנען אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע און אַ צעשראָקענע צו אַ נייעם טאָג פון פיין און יסורים...

ס׳איז געווען אין אַ פרייטיק. ראַשעל איז אַוועק איינקויפן די נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן פאַרן סוף־וואָך. זי האָט נאָכדעם אויפגע־ראַמט דאָס הויז, האָט אָפּגעשטויבט דאָס מעבל, האָט אַרומגעווישט אילאיס שרייבטיש, זיין שרייבגעצייג, זיין מיניאַטור־קאַלענדאַר, ווו די דאַטע איז געבליבן די זעלביקע ווי אינעם טאָג פון זיין פּטירה. און מיט אַמאָל איז איר בליק געפאַלן אויף אַ פּעקל דאָקומענטן פון אַ באַנק, מיט וועלכער ער האָט אַ צייט־לאַנג געפירט טראַנזאַקציעס, און איר איז איינגעפאַלן זיך צו ווענדן צו דער באַנק וועגן אַ שטעלע, ווייל זי האָט געהאַט אַ געוויסע דערפאַרונג אין די זאַכן נאָך פון אירע מיידלשע יאָרן.

ראַשעלס נאָמען איז דאָרטן געווען באַקאַנט און געוווּסט האָט מען אויך פון איר אבדה. און ווען מ׳האָט זיך מישב־געווען מיט איר אין וועלכער אָפּטיילונג זי צו באַשטימען, האָט זי איילִיק געזאָגט: — מיר איז נישט קיין אונטערשיד... איך מוז זיין באַשעפטיקט! און

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן... און דער צער אין אירע אויגן האָט גערעדט מער ווי איר שווייגן.

די יונגע פרוי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אַ באַזונדער ברען און אייפער. די זיבן־אַכט שעה ביים שרייבטיש האָבן זיך שנעל אַוועקגערוקט. זי האָט געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז עפּעס שטילט זיך איין אין איר, אַז נייע כוחות וואַכן אויף אין איר. זי האָט אויך באַמערקט אַן ערנסטערע באַציונג צו איר מצד די אָנגעשטעלטע און פון די העכערע באַאַמטע. און ווען עס האָט זיך אָפּגעליידיקט, מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, דער הויפּט־פּאָסטן אינעם זיכערקייט־דעפּאַרטאַמענט — איז ראַשעל רעקאָמענדירט גע־וואָרן אַהין.

די העכערע פּאָזיציע און דער צוטרוי מצד דער באַנק־אַדמיניס־טראַציע האָבן זי געשטאַרקט און דערהויבן אין אירע אייגענע אויגן. זי האָט ווייטער באַזוכט די וועכנטלעכע מסיבות אין די היימען, און פאַררופן די נייע ידידים צו זיך. אַצינד זענען שוין די אַמאָליקע פריינד געווען זיכער, אַז ראַשעל האָט אויף ס'ניי מקבר־געווען איר מאַן, אָבער דאָס מאָל אַ סך טיפער און גרינטלעכער...

נאָר מערקווירדיק — די טויטע לאָזן זיך נישט אַזוי שנעל פאַרגעסן !...

ס'איז געווען אַ קלאָרע, אויסגעשטערנטע נאַכט. פונעם גרויסן וואַסער־אויסשפּרייט האָבן זיך געטראָגן קילע ווינטעלעך, ווי שליחים פון טרייסט און מנוחה. צוויי מענטשן זענען אַרויס פון אַן אויטאָ און שפּאַצירט פּאַזע דעם זאַמדיקן ברעג. די יונגע פרוי האָט גע־האַלטן פאַרריסן איר קעפּל, ווי אַ זונבלום, צו די ווייטע הייכן. ד"ר וויטנבערג האָט געטראַכט, אַז איצט איז די פּאַסיקע צייט צו רעדן צו איר קלאָר און אָפן און מאַכן אַ סוף צו זייער ביידנס עלנט. אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגערירט דעם ענין, האָט זי אַרויפגעלייגט אירע פינגער אויף זיין מויל. און ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום בנין, וווּ ס'האָט זיך געפונען איר וווינונג, האָט זי אים צוגעוואָרפן אַ בליק פול מיט אומעט און בענקעניש, און איז נישט געוואָרן...

זי האָט זיך גיך איבערגעטאָן און איז אַריין אין בעט. זי האָט געהאַט געציילטע שעהען זיך אָפּצורוען און זי איז פעסט איינגעשלאָפן. פונעם צווייטן צימער האָט זיך אַריינגערוקט אילאיס ווייך־געבעטער שטול. זיינע גרויסע, אויפגעריסענע אויגן זענען געווען פאַרצויגן מיט צער: — פאַרוואָס האָסטו נישט דערציילט דיין נייעם פריינד ווי אַזוי

מיר האָבן זיך באַקאַנט? — האָט ער געפרעגט. וואָס ווייטער זענען זיינע רייד געוואָרן אומקלאָרער, ביז זיי זענען אַריבער אין אַ שעפּ־טשען. דאָס פלעגט געשען אַלע מאָל ווען ער איז געווען אויפגערעגט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אַ קאַלטן שווייס און איז אָפּגעלעגן אַ וואָכע ביזן פרימאָרגן...

ראַשעל איז געווען ניינצן יאָר, ווען זי, דאָס איינציק מיידל, איז אָנגעקומען אויפן מאַטעמאַטישן קורס אין אַ מיטל־מערבדיקער הויכ־שול. קיינער האָט אַ צייט נישט געוווּסט די סיבה למאי זי האָט אויסגעקליבן אָט דעם „נישט־פעמיניסטישן" געגנשטאַנד, אַפילו נישט די עלטערן. אויפן קעמפּוס איז זי גיך דערגאַנגען „ווער איז ווער"? איר האַרץ און געמיט האָט פאַרכאַפּט אילאַי בערגטאַל, אַ יונג מיט בלאָנדע קוטשערן, דער בעסטער מאַטעמאַטיקער אין קלאַס. זי האָט געקוקט מער אויף אים ווי אין די טעקסט־ און־רעכן ביכער. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אויסנאַמיקער! נישט אַזוי אין איר וויסנ־שאַפטלעכער דערגרייכונג, ווי אין דער ראָמאַנטישער ספערע. דאָס פּאָרל האָט זיך אַזוי ווייט פאַרגעסן, אַז עס פלעגט פאַרטאַכלעווען אַ סך צייט אין איר צימער. אַ גליק וואָס זיין שאַרפער זיכרון האָט זיך נישט געניייטיקט אין הכנות...

אין אינטימערע מינוטן האָט ראַשעל, ווי ס'רוב פון איר גלייכן, זיך געוואָלט באַוואָרענען: „אילאַי, וועסט שטענדיק געדענקען מיך, אַפילו ווען איך וועל שוין נישט זיין"?... „שטענדיק"? ער איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער. „שטענדיק" איז אַ לאַנגער טערמין, טייערע"! „זאָג עס מיר צו, אילאַי, האָט זי געפּאָדערט. איך מוז עס וויסן"! „נו, גוט, האָט ער געשמייכלט. איך זאָג דיר צו"! „און ביי מיר מאָנסטו גאָרנישט, אילאַי"? „איך קען נישט מאָנען דאָס אומ־מעגלעכע! האָט אַ טרויער זיך געלייגט אויף זיין פּנים. איך קאָן דערוואַרטן געטריישאַפט ביי מיין לעבן, האָט ער צוגעגעבן אַ ביסל פאַרשעמט. און זאָלסט מיך געדענקען כאָטש ס'ערשטע יאָר נאָך מיין... אָבער למאי רעדן מיר אַזוינע נאַרישקייטן"?...

די יונגע פרוי איז אויף מאָרגן געווען שטאַרק צערודערט. אין אָוונט האָט זי זיך געדאַרפט טרעפן מיטן ד"ר וויטנבערג. אָט דער בר־נש וועט איר וואָס ווייטער אַלץ נענטער, אָבער נישט גענוג נאָענט, ער זאָל זי קאָנען באַפרייען פון די נאַכט־קאָשמאַרן. דערצו קומען אים אויף דער צונג אָפּט אומפּאַסיקע רייד, וועלכע באַליידיקן.

ווען זי האָט בעת דער באַגעגעניש צו לאַנג געשוויגן, איז ער אַרויס פון געדולד:

— נישט שוין זשע איז פאַר אייך נישט קלאָר אונדזער לאַגע? די צייט רעכנט זיך נישט מיט אונדז, דאָרט אַ נייער קנייטש ביי די אויגן, אַרום מויל און ווו נישט? הגם ער האָט גערעדט בלשון רבים, האָט ער, ווי ס׳רוב מענטשן, געמיינט דעם צד שכנגד...

ראַשעל האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. זי איז געווען פאַרכאַפּט, ווי אין אַ צוואַנג, פון צוויי קעגנגעזעצטע כוחות. איינער, וואָס געהערט שוין צו דער וועלט פון שאָטנס, דער אַנדערער...

— סוף יולי קומט פאַר אַ בעטהאָווען־פעסטיוואַל אינעם קאַנאַדישן שטעטל „ס״ — האָט זי זיך ענדלעך אָפּגערופן, און זיך אַליין דערשראָקן פאַר אירע רייד. צוויי שטאַרקע אָרעמס האָבן זי געהאַלטן פעסט אַרומגענומען. ער האָט זי נישט געלאָזט ווייטער רעדן. ער האָט שוין פאַרשטאַנען דעם מיין פונעם געזאָגטן.

— דו וועסט נישט חרטה האָבן? איז ער פּלוצעם איבערגעגאַנגען אויף „דו״, און איז געוואָרן ווידער ערנסט און אומגעדולדיק.

— מיר וועלן אַרויספאָרן אין מיין אויטאָ, האָט זי אים געשעפּטשעט אין אויער, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן, עמעצער זאָל זי דערהערן — און אין אַכט שעה אַרום וועלן מיר אָנקומען אַהין...

— דערציייל מיר מער וועגן דעם!... איז ער געווען נייגעריק.

— מיט איין תנאי! — האָט זי זיך געבעטן. — צווישן מענטשן לאָמיר זיין אַ ביסל איינגעהאַלטן מיט רייד, כ׳מיין, מיט צו פאַמיליאַרע רייד...

אויפן וועג אַהיים איז איר פּלוצעם אַנטקעגן געקומען אילאיס קראַנקן־שוועסטער, סטעלאַ צווייג. זי האָט זי נישט געהאַט געזען זייט איר מאַנס פּטירה. יענע האָט זי געוואָלט פאַרבייגיין, נאָר ראַשעל האָט זי פאַרהאַלטן און זיי זענען ביידע אַריין אין אַ קאָנדיטעריי אַ ביס־ און אַ שמועס טאָן. ביים טישל איז אַוועק אַ גערייד וועגן אַלץ און אַלעמען און איז אַרויף אויפן יונג־פאַרשטאָרבענעם אילאי.

— און איך זאָג דיר, ראַשעל אַז ער וואָלט נאָך היינט געלעבט ווען...

— ווען וואָס? — איז די אלמנה בלייך געוואָרן. — מיט אַן אַמפּוטירטן פוס און מיט צוויי לונגען־אָפּעראַציעס?

— ער האָט געהאַט אַ מערקווירדיק־שטאַרקן אָרגאַניזם און אַ

סטאַיִשן כאַראַקטער. יאָ, ער וואָלט נאָך היינט געלעבט! — איז די שוועסטער באַשטאַנען אויף אירס. — ווען...

— ווען וואָס? — האָט ראַשעל ווידער געפרעגט. זי האָט אומ־רויִק געקלאַפּט מיט אַ פינגער אין טישל און געוואַרט...

— געדענקסט יענעם פּאַרנאַכט, ווען איך בין אַרויס אויף אַ מינוט פון זיין קראַנקן־צימער? וואָס האָב איך דיך געבעטן?...

— איך בין נעכט נישט געשלאָפן! — האָט ראַשעל זיך פאַר־ענטפערט — וואָס האָט געקענט טרעפן אין יענער מינוט? — האָט די אַלמנה כמעט אויסגעשריען.

— איינע פון יענע אומגעריכטע זאַכן! אַ בלוט־גליוזער ביים האַרצן! ווען מ'וואָלט זיך געכאַפּט אין צייט, וואָלט מען אים געקאָנט ראַטעווען...

ראַשעל האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ פאַרצווייפלטע און אַ — שולדיקע. זי האָט באַשלאָסן מער נישט צו זען דעם ד״ר וויטנבערג, גלייך ער וואָלט געווען שולדיק אין אַלע אירע צרות.

אַ זייגער צען אין דער פרי האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. אויפן שוועל איז געשטאַנען איר נייער פריינד. די יונגע פרוי האָט אים באַטראַכט מיט גרויס חידוש, ווי ער וואָלט געווען אַ באַשעפעניש פון אַן אַנדער פּלאַנעט. זי האָט געוואָלט פרעגן: „ווי קומט איר אַהער? אָבער געזאָגט האָט זי: „וואָס שטייט איר ביי דער טיר? קומט אַריין!" באַלד האָט זיך דערטראָגן פון קיך דער אַראָמאַט פון פריש־פאַרבריטער קאַווע, אייער־קוכנס און אַנדערע פרישטיק־מאַר־צעפּאַנעס, וואָס דער אומגעריכטער אורח האָט שוין לאַנג נישט פאַר־זוכט. אָבער מער פון אַלץ איז אים ליב געווען, וואָס ער זיצט ביים טיש נישט אַליין...

ד״ר וויטנבערג איז אַ ביסל שפּעטער, שטיין געבליבן ביי אילאיס פּאָטאָס, ער האָט זיי לאַנג באַטראַכט און געזאָגט: — ער איז געווען, אָן ספק, אַ שיינער מאַנספּאַרשוין, אָבער ווי אַ לאַנג־יאָריקער מעדי־קער קאָן איך דיר זאָגן, אַז זיין איבערוואָג האָט אים פאַרקירצט די יאָרן...

ראַשעל האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן: — וועגן וועמען רעדט איר, ד״ר וויטנבערג?

— אָדער דו ביסט אַ נאַיִווער מענטש, ראַשעל, אָדער דו ביסט געבליבן דיין גאַנץ לעבן אַ קליין מיידעלע. זי האָט נישט געענטפערט. זי האָט אויסגעזען זייער אומגליקלעך, און ווען איר גאַסט האָט זיך

געהאַלטן ביים זעצן אויף אילאיס שטול, איז זי געוואָרן כמעט היס־טעריש: — נאָר נישט אויף דעם אָרט, איך בעט אייך!

ד"ר וויטנבערג האָט אויסגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר פאַרוווּנ־דערטע אויגן: — ווי איך זע, וועט גאָרנישט ווערן פון אייער צוזאָג צו באַזוכן דעם פעסטיוואַל! — האָט ער זי געבומען ווידער „אירצן" און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר.

זיין פּלוצעם געביטענער טאָן האָט זי אויסגעניכטערט: — אויב איר ווילט גיין, ד"ר וויטנבערג, גייט! אָבער נישט פריִער ווי איר וועט אויסהערן, וואָס נעכטן איז געשען...

— וואָס איז נעכטן געשען, ראַשעל?

זי האָט אים דערציילט פון איר באַגעגעניש מיט דער קראַנקן־שוועסטער און פאַרענדיקט: איך בין אין אַ געוויסן זין שולדיק אין זיין טויט... גאָט זאָל זיך מרחם־זיין אויף מיר!... דאָס איז דאָס אמתע געשטאַלט פון אייער פריינדין... איר ווילט נאָך פאָרן מיט מיר צום פעסטיוואַל?

— אויף מיר דיינע זינד! — האָט ד"ר וויטנבערג געזאָגט. — וואָלט ער געהאַט ווינציקער וואָג און מער יאָרן, ווי מיין מאַמע וואָלט זיך אויסגעדריקט, וואָלט ער נאָך געלעבט!

יענעם טאָג האָט זי באַשלאָסן צו זוכן אַן אַנדער וווינונג, אַ סך ווייטער פון דעם געגנט, און אויב מעגלעך, אויך אין אַן אַנדער שטאָט־טייל. ווען זי האָט צופעליק אויפגעהויבן אירע בליקן אויפן קאַלענדאַר, איז זי פאַרציטערט געוואָרן און דערפילט אַ קעלט איבער איר חוט־השדרה, עס איז גראָד אויסגעפאַלן איליאיס ערשטע יאָרצייט...

# אויף קבר־אָבות פון דער יוגנט...

ס׳איז געווען אַ גליקלעכער צופאַל און אַ גאַנץ נישקשהדיקער מסחר איינצוהאַנדלען, מיט אַ יאָר פופציק צוריק, ביי אַ פּאַראָרעמטן פאַרמער זיין זאַמדיק־שטייניקן באָדן און אים פאַרוואַנדלען אין אַ זומער־קאָלאָניע. די פאַרם האָט זיך געפונען אַ פּאָר הונדערט מייל פון דער גרויסער שטאָט, ביי אַ רחבותדיק־גראַנדיעזן וואַסער, וועלכן מ׳רופט דאָ באַשיידן מישיגען־לייק.

די דריי לאַנד־סוחרים האָבן צוגעטיילט עטלעכע פרייע אַקער צו אַ באַקאַנטער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע פאַר אַ קינדער־קעמפּ מיטן חשבון, אַז די עלטערן וועלן זיין נאָענט צו זייער קליינוואַרג, און וועלן זיך דאָרטן איינשאַפן זומער־היימען. און — כך הווה: אין גיכן איז אויפגעקומען אַ ישוב מיט אַלע שטאָטישע באַקוועמלעכ־קייטן, אָבער אָן דעם טומל, געפילדער און רויכיקן אומצוכט...

משה נחמני, פון די ערשטע תושבים, איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגער מאַן, אַ נישט־לאַנג אַריבערגעקומענער פון דער ליטע. ער איז געווען אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט און קוים מפרנס געווען זיין קליינע משפחה. זיין פרוי, שבע, אַ נייטאָרין, האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה און דערמעגלעכט, אַז זייערע צוויי קונדסים זאָלן קאָנען ווײַלן זומער אינעם ניי־געשאַפענעם קעמפּ.

די עלטערן און שול־פריינד אין נחמניס יאָרן און אויך אימיג־ראַנטן, האָבן פאָרמירט נאָענט אַ קאָלאָניע, וואָס האָט געטראָגן מער אַ כאַראַקטער פון אַ פאַמיליע־געמיינשאַפט. מ׳האָט איינער דעם אַנ־דערן באַזוכט אין די אָוונטן, אין די סוף־וואָכן. מ׳האָט מיט דער צייט איינגעאָרדנט לייען־קרייזן, אַ כאָר, אַ טעאַטער־גרופּע. מ׳האָט דיס־קוטירט, געפירט וויכוחים, זיך אָפט געקריגט, אָבער שטענדיק גע־בליבן גוטע פריינד...

די זומערדיקע באַגעגענישן האָבן גורם געווען, מ׳זאָל זיך אויך טרעפן מיט אַ סך אין שטאָט, אין די היימען, ביי שמחות, און — חלילה — אין טעג פון טרויער. און די פריינדשאַפט ביי די מענטשן

איז געוואַקסן מיט די יאָרן און פאַרקניפּט אין אַ בונד פון אומגע־וויינטלעכער ידידות...

נחמני, בטבע אַן אומרויִקער אָבער תמיד רייך אין איינפאַלן, איז דער רוח־חיים פון דער גרופּע, געווען אינספּירירט די פּראָגראַמען און זיי געהאָלפן דורכפירן. אַליין אַ קענער פון ליטעראַטור האָט ער אָפט פאַר איר רעפערירט וועגן באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שריפט־שטעלערס. ער האָט ביי אַ געלעגנהייט פאָרגעשלאָגן מ׳זאָל די קאָ־לאָניע רופן „אונדזער האָפענונג". און ווען נייגעריקע האָבן דווקא געוואָלט וויסן פאַרוואָס גראָד אַזאַ נאָמען (?) האָט דער בעל־חלום געענטפערט — אונדזער האָפענונג איז, מענטשן זאָלן זיך פאַרקוקן און שאַפן אַזעלכע פריינדשאַפט־קאָלאָניעס ווי אונדזערע!...

משה נחמני האָט, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זיין מאַטער־יעלער מעמד האָט זיך פאַרבעסערט, געטיילט די ווינטער־חדשים צווישן דער מלאכים־שטאָט ביים פּאַציפיק און דער עיר־הבירה אין פלאָרידע. ער איז אויך ביי די דאָרטיקע קלובן און חברים געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט, און האָט פאַר זיי געשילדערט די צילן און אויפטוען פון זיין קליינעם ישוב. אָבער מיטן אָנקום פון זומער האָט ער זיך פאַרבענקט אומגעקערט אין דער קאָלאָניע. און זיין ערשטע און באַליבטע עובדה איז געווען זיך אַרויסצולאָזן איבער די באַנגאַ־לאָס, געוויר צו ווערן וואָס עס מאַכן אירע איינוווינער, גלייך ער וואָלט געטראָגן די אחריות פאַר זייער וווילזיין.

איין טאָג האָבן צוויי אומגליקן אויפגעטרייסלט „אונדזער האָ־פענונג": — שבע איז געפאַלן אין מיטן גאַס פון אַ האַרץ־אַטאַק און איז אויסגעגאַנגען אין שפּיטאָל. און ביי אַ שותף, וואָס האָט פאַר־טראַכט דעם קאָלאָניע־פּראָיעקט, האָבן די דאָקטוירים אויסגעפונען קאַנסער אויף אַ לונג...

די קאָלאָניע־לייט זענען געוואָרן נידערגעשלאָגן, פאַרצווייפלט. זיי האָבן זיך מיט אַמאָל געכאַפּט, אַז די פרייד און די זאָרגלאָזיקייט, וועלכע האָבן געהערשט אַזאַ לאַנגע צייט אין זייער מיט איז פאַר־שוווּנדן. און דאגות וועגן געזונט, וועגן דער דערציִונג פונעם יונגן דור, האָבן אָפּגעשטופּט אין אַ זייט די פריִערדיקע אינטערעסן. אמת, מ׳האָט נאָך ווען־נישט־ווען געזונגען, געפירט וויכוחים, אַפילו גע־שפּילט טעאַטער, אָבער אָן דעם אַמאָליקן אייפער און חשק...

נחמני, מער פאַר אַנדערע, האָט גענומען אַלץ אָפטער אויספעלן, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, אין דער קאָלאָניע. ער האָט זיך פאַר־

האַלטן לענגער אין לאָס אַנדזשעלעס, אין מיאַמי ביטש, האָט געמאַכט נסיעות אין מדינת ישראל. און ווען ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ זומער אין „אונדזער האָפענונג", האָט ער באַמערקט, צו זיין צער, ווי די מיטליאָריקייט האָט געלאָזן בולטע סימנים אויף די מענטשן: קנייטשלעך אונטער די אויגן, גרויע האָר, שטיקלעך אָדער גאַנצע פּליכעס אויפן שאַרבן, און אַנדערע האָט ער שוין נישט געפונען אינעם ספר־החיים...

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די דאָרפישע געסלעך און זיך געערגערט. אַוודאי איז געווען די סיבה פון דעם וואָס אויך ער האָט נישט אויסגעמיטן די ירידה. ביי די מסיבות האָט מען פאַר־שטייט זיך, וועגן דעם נישט גערעדט. מען האָט איינער דעם אַנדערן באַטראַכט מיט אַ געוויסער פרייד, וואָס מען איז נאָך דאָ אויף גאָטס ערד, און זיך פאַרנומען מיט זכרונות וועגן די ערשטע טעג פון דער קאָלאָניע. אין די אָוונטן האָט מען נאָך ווייטער געצויגן די היימישע ניגונים, אָבער שוין מיט אַ היפּשער דאָזע פון זאָרג און טרויער...

דער קאָרעער־קריג איז דעמאָלט געווען אין פולן גאַנג. די נעכ־טיקע קעמפּ־קינדער זענען שוין היינט געווען ראוי פאַרן שלאַכט־פעלד. עלטערן האָבן געקריצט מיט די ציין. זיי האָבן נישט געזען קיין זין, קיין צוועק און קיין תכלית אין אָט דער מלחמה. די רעגירונג האָט אָפּגעריסן דאָס יונגוואַרג פון דער שולבאַנק און זי מאָביליזירט. ס'האָבן געגומען אָנקומען ידיעות וועגן פאַרווונדעטע און אומגעקו־מענע זעלנער. אַ יאוש האָט אַרומגעכאַפּט „אונדזער האָפענונג". אַ צאָל קאָלאָניע־גלידער האָט פאַרקויפט אירע נחלות און זיך אינגאַנצן אָפּגעטראָגן אין שטאָט אַריין.

אין שטאָט גופא איז די שוואַרצע באַפעלקערונג דעמאָלט גע־וואַקסן, פאַרפלייצט, ווי רעשיקע שטראָמען כמעט אַלע געגנטן. יעדן טאָג האָבן די צייטונגען געמאָלדן וועגן אָנפאַלן, רויבערייען, הריגות, ס'רוב מצד די „קאָלירטע". די גאַסן־געשעענישן האָבן באַווירקט אין אַ גרויסער מאָס דאָס שוואַרצע קליינוואַרג אין די פאָלקסשולן. יידישע קינדער האָבן זיך דאָרטן דערפילט אומבאַקוועם, ענג, אומזיכער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע „עמיגראַציע" צום ווייטן צפון פון שטאָט. אַנדערע האָבן פאַרלאָזן די מיטל־מערבדיקע מעטראָפּאָליע און זענען אַוועק צו די פּאַציפישע ברעגן און צו די ישובים אין פלאָרידע.

נחמני האָט באַגעגנט אַ צאָל פון זיינע פריינד אין די נייע וווינ־ערטער. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז אַקלימאַטירט און געפּרוּווט ממשיך זיין זייערע פריִערדיקע טוונגען, ס׳איז נישט געגאַנגען! ס׳האָט ביי זיי געפעלט די אַמאָליקע התלהבות און דער עיקר — גלויבן! מחמת ס׳איז אַ דבר־ידוע, אַז מיטן איבערוואַנדערן אין אַ נייעם מקום, לאָזט מען איבער אין דער איינגעזעסענער היים נישט נאָר אַ שטיק פונעם אייגענעם לעבן, נייערט אויך אַ טייל פון דער איינגעוואָרצלטער יידישקייט...

טאַקע דאָרטן, אין דער ווייטער פרעמד, האָט זיך נחמני דער־וווסט, אַז די שול־אָרגאַניזאַציע האָט צוליב דוחק אין קינדער, צי מחמת שלעכטער געשעפט־פירונג, אָדער צוליבביידע סיבות, פאַר־קויפט דעם קעמפּ און די נייע בעלעבאטים האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ ספּאָרטקלוב, און פון די תושבים אין „אונדזער האָפענונג״ איז כמעט קיינער נישט געבליבן.

דער בעל־חלום האָט געזען ווי זיין חלום איז אויסגערונען. ער האָט זיך דערפילט באַליידיקט, פאַרשעמט ווי מ׳וואָלט אים אָפּגעטאָן אַ פערזענלעכע נבלה. אים האָט גענומען ציִען דווקא אַצינד צוריק „אַהיים״: דאָס הייסט, אין דער קאָלאָניע. און מערקווירדיק, וואָס שטאַרקער די בענקשאַפט איז געוואָרן אַלץ אויף שפּעטער האָט ער אָפּגעלייגט די צייט פון אומקער.

ער האָט דעמאָלט אונטערגענומען אַ רייזע קיין מדינת ישראל, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן פון זיך אַליין. און הגם ער האָט דאָרטן מיטגעמאַכט די שרעקלעכע וואָכן און מאָנאַטן פונעם יום־כיפור קריג און זיינע טראַגישע נאָכווייענישן, האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן דאָס פאַרלאָפענע אין דאָרף. און נאָך זיין קומען אין די שטאַטן, איז ער אָוועק אויף אַ באַזוך, שיער געזאָגט „אויף קבר־אָבות״ אין דער קאָלאָניע...

ער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פרעמדער אויף דער אייגענער ערד. ער האָט געזען ווי ס׳רוב הייזער זענען פאַרקלאַפּט און פאַר־ריגלט, מיט אַראָפּגעצויגענע ראָלעטן איבער די פענצטער, מיט שילדלעך צום פאַרקויף. דאָס איבערגעוואַקסן גראָז ביי די שוועלן און אַריינגאַנגען האָבן דערציילט, אַז שוין לאַנג האָט דאָ נישט גע־טראָטן אַ מענטשלעכער פוס. און אויב ער האָט ווו־נישט־ווו אָנגע־טראָפן אויף אַ בר־נש, איז ער, אָדער זי, געווען אומבאַקאַנט. עס האָט אפשר געקאָנט זיין אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ פריִערדיקן תושב און אויב

ס׳האָט זיך באַוויזן אַ היימישער מענטש, איז יענעם געווען שווער צו דערקענען. די יאָרן און צרות האָבן אים אַלט און שוואַך געמאַכט. אַ פּנים אויך ער אַליין האָט נישט בעסער אויסגעזען, ווייל אויך ביי אים האָט מען זיך נאָכגעפרעגט ווער ער איז... זיינע מידע אויגן האָבן הילפלאָז געבלאַנדזשעט איבער געסלעך און שטיבער. און ס׳האָט זיך אים אומהיימלעך געטראַכט: אָט פון דאָרטן האָבן זיך אַמאָל געטראָגן קלאַנגען פון יידישע לידער. אויף יענער וועראַנדע האָט מען אין די שבת־פאַרנאַכטן געלייענט קאַפּיטלעך פון יידישע קלאַסיקער, און אין דער שטוב האָט מען רעציטירט, ביי געפּאַקטע מסיבות, די פּאָעטישע ווערק פון יידישע דיכטער.

ביי איין טיר איז געזעסן לייב לעווינסאָן, דער לעצטער פון די שותפים. ער איז געווען אויסגעבויגן ווי אַ האַלבע רייף און אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. ווען נחמני האָט דערמאָנט זיין נאָמען, האָט זיך לעווינסאָן שטאַרק דערפרייט. ער האָט אויפגעהויבן שווערלעך דעם קאָפּ צום גאַסט און פּאַמעלעך אויסדערציילט וועגן זיינע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך...

— איר געדענקט כאָטש ווי מיר האָבן דאָ אַמאָל געקערט וועלטן?

— האָט נחמני אים איבערגעריסן. אָבער לעווינסאָן האָט אים נישט געהערט, צי נישט געוואָלט הערן. ער האָט פאָרגעזעצט די מעשׂיות פון זיין פּילצאָליקן נאָכוווקס. נאָר פּלוצעם האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, נחמני, צוליב וואָס זייט איר צוריק געקומען אין דער קאָלאָניע, וואָס איז מער נישט קיין קאָלאָניע, און „אונדזערע האָפנונגען״ ליגן דאָ באַגראָבן טיף, טיף אין דער ערד?

— איך בין געקומען אויף קבר־אָבות פון מיין יוגנט, פון אונדזער אַלעמענס יוגנט! — האָט נחמני אַרויסגעזאָגט מיט אַ ציטער אין קול, און זיך פאַרקוקט צום מערב, וווּ די זון איז געזונקען פּאַמעלעך אין העלישע פלאַמען...

1

# און די טיר האָט זיך נישט געעפנט...

צווישן די דריי צענדליק שכנים פונעם קאָנדאָמיניום האָט זיך ראַלף ראַסין אויסגעטיילט סיי מיט זיין אויסקוק און הלבשה סיי מיט זיין כאַראַקטער און פירונג.

אַ הויכער, מיט אַ קיילעכיק־שוואַרץ־גרוילעכער באָרד פון אויער־צו־אויער, איז זי אים אַזש פאַרקראָכן, די באָרד, מיט איר געדיכט־קייט צו די קליינע האַפערדיקע אייגעלעך און האָט אים צוגעגעבן, להכעיס זיינע מעטריקעס, אַוודאי אַ צענדליק יאָר.

אים האָט עס נישט געאַרט, ווי ס׳האָט אים נישט געאַרט, וואָס ער גייט אום כמעט אַ גאַנץ יאָר מיט אַן אָפן העמדל און קורצע הייזלעך. הגם אין דער עיר הבירה איז עס נישט קיין נאָווינע, האָבן לייט פון דעסט וועגן אונטערגעשמייכלט, ווייל זיין הילוך האָט אַנט־פּלעקט אַ גרוילעך־פאַרוואָקסענע ברוסט און אַ ביסל קרומלעכע פיס. און ווען ער האָט אין די זומערדיקע טעג אויך פאַרוואָרפן די שיך, האָט די הוילקייט אומהיימלעך אַראָפּגעשריען פון אים...

צוריקגעשמועסט, איז לפי ראַסינס דעה נישט געווען פאַר וועמען זיך צו פוצן און צירן, מיט ציליאַן, זיין ווייבל ווי מיט זיינע אייגענע בכלל, האָט ער געהאַט אַ קנאַפּן מגע־ומשא און זיי קוים באַמערקט. זיין גאווה און גדלות האָבן אָפּט איבערשטיגן אַלע פּראָפּאָרציעס. ער האָט געהויערט איבער דעם רוב מענטשן מיט זיין וווקס און מיט זיין צונג. און ווען ער האָט זיך אַמאָל אָנגעשטויסן אויף זיינס אַ גלייכן, דאָס הייסט, אויף אַ פאַרשוין מיט הערשערישע נטיות, האָט ער געוווּסט ווי אים אַרומצוגיין און אויספּועלן אַלצאיינס ביי אים, וואָס ער האָט געוואָלט.

נאָר פאַר איין בר־נש האָט ראַסין געהאַט, ווי אומגלייבלעך עס זאָל נישט קלינגען, אַ שטילן דרך־ארץ, אַפילו אַ ביסעלע מורא, נעמלעך — פאַר זיין בן־יחיד, אילאַי, אַן אַדוואָקאַט. דער זון האָט

ווינציק גערירשנט פונעם פאָטערס כאַראַקטער. ס׳האָט זיך גיכער געמערקט ביי אים פון זיין מוטערס אײדלקייט און קרבנות־גרייטקייט. אילאַי און זיין פרוי מאַרטאַ האָבן באַזוכט זיינע עלטערן אַ פּאָר מאָל אין חודש, פאַרברענגענדיק די מערסטע צייט מיט דער מאַמען. ער האָט אַרויסגעהערט פון איר שווייגן די אָנגעקליבענע פאַרדראָסן, ערגערנישן און קריוודעס. אילאַי האָט נישט איינמאָל געפּרוּווט אַ רעד טאָן מיטן טאַטן וועגן דעם ענין און וועגן אַנדערע ענינים און עס האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט, און אפשר האָט דער אַלטער ראַסין אַזוי מאַנעווורירט, עס זאָל צו דעם נישט קומען.

דעם אמת געזאָגט, האָט דער שווער־באַבערדלטער פאָטער נישט צו שטאַרק געבענקט נאָכן זון, און האָט אויך נישט גערן געהאַט צו זען די שנור, און יעדן פון זיי צוליב אַן אַנדער סיבה. אילאַי האָט אים שטענדיק דערמאָנט אין זיין פריידלאָזער און סומנער יוגנט, ווען ער, אַן אימיגראַנטיש יינגל, האָט זיך אַרומגעטראָגן איבער די ניו־יאָרקער גאַסן אין געיעג נאָך עפּעס אַ טוונג, ס׳האָט אים דערמאָנט אין זיינע לעבן־דורכפאַלן, שוין דעמאָלט, בעת ער איז אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, אַריינגעפאַלן אין דער „אָוונטשול״, און באַלד ביי די ערשטע ווערטער פונעם אינסטרוקטאָר איינגעדרעמלט; דערמאָנט אים, ווען ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק און געלערנט אין די אָוונטן אין „קופּער־יוניען״ און געמוזט עס אויפגעבן צוליב זיין שוואַכן געזונט...

מיט דער שנור, אַט די יונגע פרוי מיטן פאַרטייעטן גלי אין אירע פאַרזשמורעטע אויגן, מיטן האַלבן שמייכל אויפן קליינעם מויל. האָט ער זיך דערפילט געפאַלן, ווען ער האָט זי דערזען. אים האָט זיך דעמאָלט ביז ווייטיק געטראַכט, אַז ער האָט אויסגעביטן זיין לעבן אויף פוסטע אילוזיעס, און צוזאָגן...

ציליאַס עלטערן האָבן זיך געאיילט אויסצוגעבן זייער איינציקע טאָכטער. זי איז געווען ווייט פון אַ יפת־תואר, און זיי האָבן געוואָלט קאָמפּענסירן זייער קינפטיקן איידעם מיט דער אָנפירונג פון זייער זיידפאַבריק און שפּעטער אים אַריינגעמען אַלס שותף. אָבער פוןביידע צוזאָגן האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזן — די פירמע האָט אין גיכן באַנקראָטירט.

ראַלף ראַסין איז געבליבן ביים דלות, ביים דלות ממש, הן אין מאַטעריעלן זין, הן ווען ער טראַכט וועגן ציליאַן... און הגם אַ שלל מיט יאָרן זענען פון דעמאָלט פאַרלאָפן, וויל זיך דער ווייטיק נישט

איינשטילן. און ווען די שנור באַוויַזט זיך, ווערט ער נאָך טיפער, שמערצלעכער... און די זכרונות באַפאַלן אים גראָד דעמאָלט, ווי אַ טשאַטע הינט און מאַטערן אים, למאי ער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן. עס פאַלן אים איין דווקא דעמאָלט פאַרשיידענע פלענער און המצאות ווי זיך צו באַפרייען פון איר, נאָר אַלע זיינע ווילע מחשבות, שטויסן זיך אָן אויפן זונס פאַרנעמיקער פאָזיציע אין שטאָט, ווייל וואָס צע־וואַקסענער דעם זונס לאַר־פירמע ווערט, אַלץ שווערער איז זיי צו רעאַליזירן. אילאַי איז, אָן פשרות, אויף דער מאַמעס זייט...

אויב ראַלף ראַסין האָט נישט געקענט דערגרייכן אַ פּראָפעסיאָ־נעלן סטאַזש ווי דער זון, און נישט קיין געשעפטלעכן ווי זיין שווער, האָט ער געזוכט פּרעסטיזש און אָנזען, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אויף אַן אַנדער געביט. נעמלעך, אויפן ספּאָרטפעלד. ער איז שוין דעמאָלט געווען באַזאָרגט פון דער רעגירונג, ווי אַנדערע לייט פון זיין עלטער, מיט אַ באַשטימטן חודשלעכן איינקונפט, און מיטן ביסל אָפּגעשפּאָרטן געלט אין באַנק, האָט ער מער נישט געהאַט קיין דאגות פרנסה.

ווען ער האָט זיך אַרויסגעלאָזן אין אַ פּרימאָרגן אויפן געגאַרטן אָרט, האָט זיך דערשפּירט אַן אויפרודער אין אַ סך שטיבער פונעם הויף־שטאָקיקן מויער. מען האָט אַרויסגעקוקט דורך פענצטער, דורך טירן, פון באַלקאָנען. ווער עס איז אים מקנא געווען, וואָס עס קריכן אים נאָך אין קאָפּ, ביי אַזאַ עלטער, אַזוינע שאַלעמויזן, און ווער ס׳האָט פשוט חוזק געמאַכט, אָפּגעשפּאָט, אים געמאַכט צו בלאָטע. זיי האָבן אים אַזוי נאָכגעפאָלגט יעדן טאָג, ווי אַ מין שפּיל־ריטואַל, ביז ער איז פאַרשוווּנדן פון אויג...

ראַסין האָט געשפּאַנט פאָרויס מיט זיינע לאַנגע פיס, און ציליאַ האָט אים, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, נאָכגעאיילט מיט אַ פּעקעלע עסן, טאָמער וועט אים דאָרטן אַ קלעם טאָן דאָס האַרץ. אויפן שפּילפּלאַץ האָט ער געוועלטיקט ביד־חזקה, דאָס־הייסט, מיט אַלע זיינע פעיִקייטן און טאַלאַנטן. היות ווי ער איז געווען הויך געוואָקסן, האָט ער געקאָנט פלינקער און געשיקטער אַריינהאַקן דעם באָלעם אין לעכערדיקן קאָשעק און אָנקלייבן אויף זיין חשבון אַ סך געווין־פּונקטן און זיי אויסבייטן ביים סוף פון שפּיל, אויף מזומנים — כאָטש לפי די פּאַרק־רעגולאַציעס איז עס געווען פאַרבאָטן. די שפּיל אין „קאָשעק־באָלעם" האָט ציליאַן אויסגעקוקט קאָמיש, אַפילו קינדיש, על־כל־פּנים פאַר

איינעם מיט אַ שווערער באָרד און אָן אַ סימן פון גוטמוטיקייט. זי איז געזעסן קעגנאיבער אויף אַ באַנק און זיך געוואַרעמט אויף דער זון. זי איז געווען צופרידן וואָס זי דאַרף נישט אַרומשפּרינגען, ווי אַ ציג, אַרום אַ לעכערדיקן זאַק. אָבער אינגאַנצן פריי איז זי פּאָרט נישט געווען. דאָס אויסגעצערט ווייבעלע האָט געדאַרפט אָפּזוכן דעם באַלעם ווען ער האָט זיך פּאַרקייקלט ווייט פונעם שפּילפּלאַץ, און אים צוריקברענגען צו איר האַר און געביטער...

פּאַרנאַכט איז ראַסין געגאַנגען אַהיים אַ ביסל אַ מידער און דאָס רוב אַ שטאָלצער, אַ טריומפירנדיקער. ער האָט זיינע אָפּאָ־נענטן, צוריקגעצויגענע געשעפטסלייט, פּענסיאָנירטע פּראָפעסיאָנאַלן, באַזיגט, זיי געלאָזן מיט ליידיקע קעשענעס. נאָכן אָוונט־מאָלצייט איז ער אָפּט אַריין צום שכן מיט וועמען ער האָט אָנגעהאַלטן, צוליב געוויסע חשבונות, פריינדלעכע באַציונגען, און איז אָפּגעזעסן ביי יענעמס טעלעוויזיע ביז האַלבער נאַכט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין דער ווינונג, איז שוין ציליאַ געשלאָפן, דאָס געפעס איז געווען אויסגעוואַשן און צעשטעלט, דאָס זעקעלע מיסט אַרויסגעטראָגן, און דער טיש געגרייט פאַרן מאָרגנדיקן פרישטיק...

2

איינמאָל אין אַ נאָך מיטאָג האָט אילאַי פאָרגעשלאָגן דעם פאָטער זיך מיט אים דורכצושפּאַצירן פאַזע דעם ים־ברעג. דאָס וואָס דער זון האָט עס באַשלאָסן צו טאָן דווקא אין אַ וואָכעדיקן טאָג, איז געווען אַ שלעכטער סימן פאַר ראַסין. דער עלטערער מאַן איז צוליב אים אַריין אין אַ פּאָר לאַנגע פּלודערן און האָט אַפילו אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פרישׁ העמדל. ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם און האָט עשקנותדיק געשוויגן.

— ווייסט, פאַ, אַז די מאַמע איז זייער קראַנק? — האָט ער פּלוצעם געפרעגט.

— ניין, כ׳ווייס נישט! — דעם פאָטערס קול איז געווען אי פאַר־חידושט, אי כלומרשט באַזאָרגט. — פון וואַנען ביסטו עס אַזוי זיכער?

— זי האָט זיך באַקלאָגט פאַר מיר, האָב איך זי גענומען צו מיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטאָר.

—אַזוי־אָ, הינטער מיינע פּלייצעס? — האָט דער פאָטער גע־מאַכט אַן ערנסטן אָנשטעל.

— די מאַמע האָט דיך נישט געוואָלט מצער־זיין, פאַ. — האָט

אילאַי זי פאַרענטפערט. — דו דאַרפסט זי שוינען, פאַ! באַשטעל עמעצן, וואָס זאָל טאָן די שטוביקע זאַכן. — האָט דער זון זיך ביי אים כמעט געבעטן. — אויב ס׳פעלט דיר אויף דער הוצאה — קאָנסטו זיך פאַרלאָזן אויף מיר. — און ער האָט אים דערלאַנגט אַ צוגעגרייטן טשעק.

ראַסין האָט זיך אָנגעשטויסן אויפן כאַראַקטער פון זיין ווייבס חולאת. ער האָט מער נישט איבערגעפרעגט. ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם טשעק אין קעשענע. און האָט זיך שטילערהייט געטרייסט, אַז דאָס וואָס ער האָט נישט געקענט דערגרייכן, צוליבן זון, געזעצ־לעך, וועט אפשר געלייזט ווערן אויף אַ „נאַטירלעכן" וועג...

ציליאַ האָט זיך געפילט צו שוואַך צו באַגלייטן איר מאַן אויפן ספּאָרטפעלד. זי האָט צוערשט גענומען איבערהיפּערן טעג. ביז זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו גיין. די רפואות, וועלכע די דאָקטוירים האָבן איר פאַרשריבן, האָבן קנאַפּ געהאָלפן. פון דער ראַסין־דירה האָבן זיך בשעתו אָפט געהערט פאַרשטיקטע און הייזעריקע כריפּלען און קולות און נישט זעלטן רוגזדיקע געשרייען. אָנשטאָט דרויסנ־דיקער הילף, ווי דער זון האָט פאַרלאַנגט, האָט ראַלף אַליין אָנגעפירט מיט דער באַלעבאַטישקייט. קיין סך מי האָט ער דערביי נישט געדאַרפט פאַרווענדן, ווייל ציליאַ האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן, און ווען זי איז נישט געלעגן, האָט זי זיך נישט געניטיקט אין קיי־נעמס הילף. זי האָט זיך נישט באַקלאָגט פאַרן זון אויפן טעלעפאָן ווען ער האָט גערופן, און נישט בעת ער איז זי געקומען באַזוכן...

אילאַי איז דעמאָלט געווען אַריינגעצויגן אין אַן עסק, וואָס איז אים נישט געווען צום האַרצן. נאָר דער פאָטער זיינער איז שטאַרק באַשטאַנען, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אים. עס האָט זיך, נעמלעך, געהאַנדלט וועגן אַ פּליט, וועלכער האָט זיך אַריינגעשמוגלט אומלע־גאַל אין לאַנד, דאָס הייסט, אויף אַ פאַלשן פּאַספּאָרט. מען האָט אים געמסרט און נאָך יאָרן פון באַהעלטעניש איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן פון די אימיגראַציע־אויטאָריטעטן און איז אַצינד געווען אין געפאַר מען זאָל אים דעפּאָרטירן. און הגם דער אַדוואָקאַט האָט געזאָרגט, מ׳זאָל דעם פרעמדן פריילאָזן ביזן פּראָצעס, זענען געווען אַ סך פונקטן פאַר אים קשה: אויב דער פּליט האָט זיך מאַסקירט אונטער אַזאַ נישט־יידישן נאָמען, ווי סערגיי זיעליאַנקאַ, האָט ער, לפי דער פאָטאָגראַפיע אין זיין באַזיץ, אויך נישט קיין יידישן פּרצוף־פּנים. פאַרקערט! קלאַנגען האָבן אים דערגרייכט, אַז בעתן קריג האָט יענער

פֿאַרשווין גאָר געהאָלפֿן די נאַציס. און נאָך אַ זאַך האָט דעם זון שטאַרק געוווּנדערט, למאי דער פֿאָטער שטעלט זיך איין אַזוי איי־פּערדיק פֿאַר אים?

עס איז געווען אַ רעגנדיקער אָוונט אין סעפּטעמבער. די גאַסן אין דרום־טייל פֿון שטאָט זענען געווען פֿאַרפּלייצט. ציליאַ איז גע־לעגן אין שלאָפֿצימער און שטיל געקרעכצט. איר מאַן האָט נאָכ־געפֿאָלגט די טעלעוויזיע ביים שכן און געהאַלטן אַ וואַך אויער אויף דער טיר פֿון זיין וווינונג. צוויי מענטשן האָבן אָנגעקלונגען ביי אים. ער איז אַרויס צו זיי און זיי אַריינגעפֿירט אין אַן אינעווייניקסטן חדר. ס'איז קאָנטיק, געווען אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. דער עלטערער האָט געטראָגן אַ בערדל און צוגעשאָרענע פּאות, ווי ס'איז די מאָדע היינט. די צווייטע פּערזאָן האָט ער פֿאָרגעשטעלט ווי זיין שטיפֿ־טאָכטער. דער פֿרעמדער האָט גערעדט אַ שוואַכן ענגליש. זיינע רייד זענען געווען ווי אַ המשך פֿון אַן איבערגעריסענעם שמועס:

— ווי איך האָב אייך דערקלערט אויפֿן טעלעפֿאָן, מר. ראַסין, בין איך אַ קרבן פֿון ביידע זייטן פֿלויט. מיינע פּאַפּירן ווייזן, אַז איך בין אַ ייד. אָבער אין געטאָ האָט מען מיך געהאַלטן פֿאַר אַ „זייעריקן". די יידן האָבן מיך גערופֿן: „גוי", „נאַצי", „מסור". מען איז מיר שטילערהייט דערגאַנגען די יאָרן. איך האָב זיך געבעטן ביי זיי: „פּרוּווט מיך אויס!, כ'וועל אויספֿירן אַלע שליחותן". מ'האָט מיך געטריבן פֿון זיך...

ווען זעליאָנקאַ האָט גערעדט זענען אים געשטאַנען טרערן אין די אויגן און אַזוי אויך ביי דעם מיידל. ביידע האָבן געדאַרפֿט זיין געניטע מאַרעוויכערס, אויב זיי האָבן געקאָנט אַריינגנאַרן אין זאַק אַזאַ אויסגערויכערטע ליולקע, ווי ראַלף ראַסין. און אפֿשר האָט דער אַלטער פֿוקס זיי פֿאָרט געגלייבט. אַזוי צי אַנדערש. דער פֿרעמדער האָט אים נישט געלאָזן לאַנג טראַכטן. ער האָט געפֿרעגט:

— וואָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן בין איך באַגאַנגען? אַ סך האָבן זיך אַריינגעמאַכט אַהער אומלעגאַל. איך האָב פֿאַרלאָרן מיין גאַנצע פֿאַ־מיליע ביי היטלערן. כ'האָב דאָ ווידער געהייראַט. בין באַשעפֿטיקט ביי אַ לעגאַלער אַרבעט און פֿיר אַן אָנשטענדיקן לעבן ווי יעדער אַמעריקאַנער, און זי — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ סך צאַרטקייט אויפֿן מיידל, איז מיין שטיפֿטאָכטער...

ביי די ווערטער האָט דאָס מיידל אויפֿגעהויבן אויפֿן אַלטן אַ פּאָר שעמעוודיקע אויגן, וואָס בלויז ביי זיין שנור האָט ער אַזוינע געזען.

— וואָס קאָן איך דען טאָן מער פאַר אייך ווי איך האָב שוין געטאָן? — האָט ראַסין געפרעגט.

— איר קאָנט אונטעראיילן אונדזער ענין, מר. ראַסין. אייער זון איז אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט אין שטאָט. ער קאָן פאַר אונדז אַ סך טאָן!...

ראַלף האָט זיך פאַרטראַכט. פון צווייטן חדר האָט דעם ווייבס נאָכאַנאַנדיק כריפּלען געעקבערט זיין אויער, האָט אים באַלד דער־מאָנט אין אַ נאָגנדיקן צאָן־ווייטיק. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זעליאָנקאָס באַגלייטערין און זיך נאָך אַ מאָל אָנגעטראָפן אויף איר שעמעוודיקן בליק. ער האָט געזאָגט, נישט וויסנדיק, צי ער קאָן דעקן דעם צוזאָג:

— איך וועל ווידער אַ רעד טאָן מיט מיין זון. ער איז זיכער גוט באַהאַוונט אין זיין פאַך. אויב ער קאָן וועט ער זיכער... ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם זאַץ, ווי דער פליט האָט אים אַרומגעכאַפּט און געוומען דריקן די האַנט: — איר וועט זיך פאַר־דינען אַ גרויסע „מיצוואַ”, — האָט דאָס יידיש וואָרט געקלונגען פרעמד אין זיין מויל. אויך די שטיפטאָכטער איז נישט אָפּגעשטאַנען מיט איר דאַנקשאַפט צו ראַלפן. זי האָט אָפּגעדרוקט אַ קוש אויף דער באָרדיקער באַק, און מחמת נערוועזיטעט, צי איילעניש, האָבן זיך אירע ליפּן אַ גליטש געטאָן אויף ויינע...

3

דער באַזוך ביים זון אין אָפיס, אויף איינע פון די פּאָרנעמע גאַסן פון דער עיר־הבירה, איז געווען פאַרן עלטערן ראַסין אַן אָפּ־קומעניש. די הכנות האָבן ביי אים פאַרנומען אַ לאַנגע צייט. ער האָט נאָך מיט שעהען פריִער טעלעפאָנירט וועגן זיין קומען, און איז גע־ווען, ווי שטענדיק, ביי אַזאַ באַגעגעניש, אומרויִק, אומגעדולדיק, אומצופרידן...

אילאַי האָט געהאַלטן די פיס אַמעריקאַניש־פאַרוואָרפן אויפן רחבותדיקן שרייבטיש און געשמייכלט צום אַריינקומענדיקן פאָטער. צוערשט האָט ער זיך, ווי געוויינטלעך, נאָכגעפרעגט אויף דער מוטער, און איז גלייך צוגעטראָטן צום ענין:

— פּאַ איך צווייפל שטאַרק, צי דער זעליאָנקאַ האָט דיר דער־ציילט דעם גאַנצן אמת.

— כ׳האָב דיר איבערגעגעבן אויפן טעלעפאָן בלויז אַ פראַג־

מענט פון זיין געשיכטע. ווען דו וועסט אים זען און הערן, וועסטו אים אויך גלייבן. — איז דער פּאָטער באַשטאַנען אויף זיינס.

— כ'וועל זיך נישט צורירן צו דער „קייס" (פּראָצעס), ביז כ'וועל נישט האָבן קיין שמועס מיט אים, אַלע דאָקומענטן פאַר מיר און די עדות, וועלכע זענען נאָך דאָ... — האָט דער אַדוואָקאַט גערעדט קלאָר און קאַטעגאָריש.

— געוויס מיין זון! — איז דער עלטערער ראַסין מסכים געווען, עס מעג נעמען וויפל עס וועט נעמען!

ס'איז אים איבערגעלאָפן אַן אָנגענעמען ציטער איבערן חוט־השדרה. — צייט דאַרף נישט זיין קיין מניעה. כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דער דעפּאָרטיר־טערמין ענדיקט זיך אין אַ דריי, צי פיר חדשים אַרום. בעתן רעדן האָט זיך כסדר געמינערט פאַר אים, ווי פייערלעך אין דער נאַכט, דאָס געשטאַלט פונעם מיידל...

— אָבער זאָג מיר, פּאַ, וואָס ביסטו אַזוי ספּעציעל פאַראינטערעסירט אין אים? — האָט דער זון נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

— וואָס מיינסטו „ספּעציעל"? — האָט זיך ראַלף אַזש באַליידיקט. — וואָס־זשע דו לייענסט נישט קיין צייטונגען? ער איז אַ ייד — צי נישט? דאַרף מען אים העלפן!

— איך וועל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם!...

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז סערגיי זעליאָנקאַ געזעסן מיט זיין שטיפטאָכטער אינעם זעלביקן אָפיס. אילאַי האָט אים אויסגעפרעגט:

— ווי קומט עס, וואָס איר האָט זיך גראָד געווענדט צו מיר מיט אייער ענין?

— מיר ווינען מיט אייער פאָטער אויף איין גאַס, נו, דאָס אי־בעריקע איז שוין גרינג צו פאַרשטיין.

— האָט איר געפּרוּווט פּריִער מיט אַנדערע אַדוואָקאַטן? — האָט יענער געוואָלט וויסן.

— געפּרוּווט, מר. ראַסין, געפּרוּווט! — האָט דער פּליכטלינג גערעדט מיט ביטערניש. — עס פאַרפאָלגן אונדזערע מענטשן תמיד בלבולים, אויסטראַכטענישן און פּשוט בייזוויליקע ליגנס. אַנדערע פון אייער פּראָפעסיע ווערן פון זיי באַאיינפלוסט...

הגם אילאַי האָט שוין וועגן דעם געהערט פון זיין פאָטער, האָט ער פון דעסט וועגן געפרעגט:

— וועלכע ליגנס, למשל? — ביים פרעמדן האָט זיך געוויזן אַן אויסדרוק פון אומגעדולד:

— כ׳האָב זיי שוין אוודאי איבערגעחזרט אַ צענדליק מאָל, וויפל איז דער שיעור? אייך, מר. ראַסין, האַלט מען פאַר אַן אָרנטלעכן מענטשן!...

— יאָ, אויך דער קליענט דאַרף געהערן צו דער קאַטעגאָריע. — האָט דער יוריסט אים דורכגענומען מיט זיין בליק. ביי אים איז געבליבן אַ שלעכטער נאָך־טעם סיי פונעם פּאָטערס רייד, סיי פון זעליאָנקאָס טענות. ס׳איז אויסגעקומען, אַז ביידע פאַרבאָרגן עפּעס פון אים...

אילאַי ראַסין האָט זיך נישט געאיילט מיטן ענטפער צום פרעמדן. די זאָרג איבער זיין מוטערס געזונט האָט פאַרנומען דאָס רוב פון זיין צייט. זי איז שוין אַצינד געלעגן אין אַן איזאָלירטן צימער אין שפּיטאָל אויף אָבסערוואַציע. לויט די דאָקטוירים זענען אירע וואָכן געציילטע. ווען זי האָט דערזען דעם זון, צי די שנור, האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף איר געלבלעך־אויסגעצערט פּנים. דעם מאַן האָט זי קוים דערקאָנט. אילאַי האָט אים, אמת, דאָרטן אָפּט געטראָפן, ער האָט אים דערמאָנט אין אַ פּאַסאַזשיר, וואָס וואַרט אומגעדולדיק אויפן אָנקומען פון אַ צוג...

אין יענע טעג האָט מען אַרויסגערופן דעם אַדוואָקאַט אויף אַ קאָנפערענץ קיין לאָנדאָן. ער האָט זיך געזוכט אַרויסדרייען און גע־האָפט, אַז אַן אַנדערער וועט אים פאַרבייטן. אָבער עס איז נישט מעגלעך געווען. מ׳האָט זיך געניטיקט אין זיין עקספּערטיזע. עס האָט זיך נעמלעך געהאַנדלט אין די אַנטשעדיקונגס־געלטער, וועלכע יידישע אינסטאַנצן האָבן געפאָדערט פון עסטרייך פאַר די אומגע־בראַכטע יידישע לעבנס און צוגערויבט יידיש אייגנטום, בעת דאָס לאַנד איז געווען אַ טייל פונעם דייטשן רייך.

אילאַי האָט זיך געגרייט צום אָפּפלי מיט אַ שווער האַרץ. ער האָט געהאַט אָפּגעמאַכט מיט זיין פרוי, זי זאָל באַזוכן דעם שפּיטאָל יעדן טאָג און בלייבן ביי דער מוטער אַזוי לאַנג ווי מעגלעך און ער וועט שטיין טעלעפאָניש אין פאַרבינדונג מיט איר. ער האָט גערעכנט, אַז מער ווי אַ דריי טעג וועט די באַראַטונג נישט נעמען.

זי האָט זיך אָבער פאַרצויגן. מאַרטאַ האָט זיך געוויזן ביי דער קראַנקער אינדערפרי און איז פאַרבליבן ביי איר ביזן אָוונט. דעם שווער האָט זי עקשנותדיק אויסגעמיטן. זי האָט שוין פון אַ צייט געשפּירט זיינע פריקרע־זוכערישע און באַלעסטיקנדיקע בליקן

און זיי האָבן זי געשראָקן... זי האָט אָבער פֿאַרשוויגן אירע געפֿילן פֿאַרן מאַן פֿריִער און אַוודאי אַצינד, ווען די מוטער איז געווען אַ חולה־מסוכן.

ציליאַס אומפֿאַרמיידלעכער סוף איז געקומען אין אַ פֿאַרטאָג. זי איז אויסגעגאַנגען שטיל און אומבאַמערקט, ווי זי האָט געלעבט. ווען די שנור איז אַריין אין איר צימער האָט זי דאָרטן געפֿונען ראַלפֿן. ער איז געווען שטאַרק פֿאַרהאַוועט. ער האָט איר געלאָזט וויסן אין איילעניש, אַז ס'איז געווען דער מוטערס לעצטער ווונטש, מ'זאָל איר קערפּער איבערגעבן דעם אַנאַטאָמישן אָפּטייל פֿון שפּיטאָל אויף ווייטערדיקער פֿאָרשונג. דאָס איז געווען איר בייטראָג פֿאַר דער מעדיצינישער וויסנשאַפֿט, האָט ער צוגעגעבן פֿון זיין זייט מיט אַ גרינג געמיט, ווי ער וואָלט פֿאַרענדיקט אַ געשעפֿטלעכן באַריכט.

נאָך ציליאַס טויט איז וועראַ זעליאָנקאַ, דעם פּליטס שטיפֿטאָכ־טער, געוואָרן אַ מער אָפּטע אַריינגייערין אין ראַלף ראַסינס וווינונג. מען האָט זיי אַפֿילו געזען ביינאַנד אויפֿן שפּילפֿעלד. און כאָטש ער האָט זיך אונטערגעשוירן די באָרד און געטראָגן ריינערע בגדים, האָט מען זיך דאָך ביי אים נאָכגעפֿרעגט, צי דאָס מיידל, וואָס באַגלייט אים, איז זיין אייניקל...

ווען אַ פּאָר וואָכן זענען אַוועק און זעליאָנקאַ האָט נישט געהערט פֿונעם אַדוואָקאַט, האָט ער געוואָלט אָפּשטעלן וועראַס באַזוכן. נאָר דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פֿויגל פֿון זיין אייגענעם מין, פּשוטער גערעדט: דער עלטערער ראַסין האָט אים גענומען סטראַשען מיט אַלע פֿון אים געהערטע און אַליין־צוגעטראַכטע מעשיות, וועלכע וואָלטן געקענט געווען אויף נישט איין דעפּאָרטאַציע...

דער פֿרעמדער האָט פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. ער האָט מיט סטאָיִשן געדולד אויסגעפֿאָלגט דעם אַלטנס תאוות און קאַפּריזן, און בעת־מעשה געזוכט אַ טרעפֿונג מיטן זון. ער האָט טעלעפֿאָניש אָפּגעשלאָגן, אַזוי־צו־זאָגן, די שוועלן ביים אַדוואָקאַט, מיטן תּירוץ, אַז ער האָט נייע באַווייזן וועגן זיין „ענין". נאָך פֿיל אָפּזאָגן, האָט אילאַי ענדלעך באַוויליקט אַ באַגעגעניש. און אָט זיצט ער, דער אומ־געבעטענער אורח, פֿול מיט הכנעה און שנאה אין די קליינע אייגעלעך און...

— ווו זענען די נייע באַווייזן, מר. זעליאָנקאַ? — איז דער אַד־וואָקאַט געווען פֿול מיט צווייפֿל און פֿאַרדאַכטן. דער פֿרעמדער האָט לאַנג געבריעט און איז געקומען צו איין מסקנה, אַז אַלע האָבן אים

גענאַרט. יאָ, אויך דעם אַדוואָקאַטס פּאָטער... יאָ, פּשוט אָפּגענאַרט!...

— איך ווייס נישט און וויל נישט וויסן וואָס פֿאַר אַ געשעפֿטן איר האָט געפֿירט מיט אַנדרעע... ווו זענען די נייע דאָקומענטן, וואָס איר האָט צוגעזאָגט?

— מר. ראַסין, אייער פּאָטער האָט מיר פֿאַרשפּראָכן צו דער־לייזיקן מיין עסק דורך אייך, אויב... ער האָט מיך פֿאַרפֿירט און אויך פֿאַרפֿירט מיין שטיפֿטאָכטער... — האָט זיך ביי זעליאָנקאָן אָנגעצונדן דער פּרצוף מיט רציחה, די רעפּאָרטערס וועלן נישט דורכלאָזן אַזאַ פּיקאַנט שטיקל נייעס. סיידן...

— איר רעדט נאַרישקייטן, זעליאָנקאָ! איר טראַכט אויס אַ בלבול אויף אַן אומשולדיקן מענטשן. פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכן גייט מען אין געפֿענקעניש אין אַמעריקע. האָט איר פֿאַרשטאַנען?

אַוודאי האָט ער פֿאַרשטאַנען! נאָר דער צאָרן האָט שוין איבער־וועלטיקט זיין פֿאַרשטאַנד און די צונג האָט אים מער נישט געדינט. ער האָט ווייטער שאַנטאַזשירט: — אַפֿילו אָן עדות קאָן אַזאַ אַפּערע אייך ברענגען שאָדן, מר. ראַסין, סיידן...

4

אילאַי איז געווען פֿאַרביטערט אויפֿן פּאָטער צוליב אַ סך טעמים, אָבער דער עיקר, למאי ער האָט נישט געזאָרגט, אַז די מאַמע, וואָס האָט נישט געהאַט, דאַכט זיך, קיין איין רויִקן טאָג ביים לעבן זאָל כאָטש אַצינד האָבן מנוחה. ער האָט שטאַרק געספּקט, צי זי, די טויט־קראַנקע, האָט טאַקע נישט געהאַט אין זינען קיין אַנדער זאַך, ווי אָפּצושרייבן איר אויסגעמוטשעטן גוף פֿאַר מעדיצינישע צוועקן, און דער זון האָט באַשלאָסן צו דערגיין דעם אמת...

ער האָט, קודם־כּל, געוואָלט וויסן אויף זיכער, צי די חתימה אויפֿן דאָקומענט איז דער מאַמעס. אָבער... איידער ער פֿאַרנעמט זיך אויף אָט דעם וועג, האָט ער גערעכנט צו האָבן אַן אויג־אויף־אויג שמועס מיטן פּאָטער, נישט ביי זיך אין אָפֿיס, ווו מען קען אים אפשר שטערן און אויך נישט אין הויז, ווייל מאַרטאַ האָט שוין צו אָפֿן אַרויסגעוויזן איר אומצופֿרידנקייט מיטן שווער, נייערט ביי ראַלפֿן אין שטוב.

ווען דעם אַדוואָקאַטס אויטאָ איז פֿאַרפֿאָרן פֿאַרן קאָנדאָמיניום, האָט פֿון דאָרטן אַרויסגעאײַלט זעליאָנקאָס שטיפֿטאָכטער, וועראָ. ער

האָט זי גלייך דערקאָנט. דאָס יונג מיידל האָט אים צוגעוואָרפן אַ שעלמישן ווונק מיטן אַמעריקאַנישן זאָג: — „הי איז אָל יורס״!, וואָס אויף פּשוטן לשון מיינט עס: „אַצינד קאָנט איר אים האָבן. ער איז אינגאַנצן אייערער״! און איז נישט געוואָרן...

אילאַי איז געבליבן געפּלעפּט! די גאַנצע סצענע איז אים פאַר־געקומען, ווי עמעצער וואָלט זי אינסצענירט פאַר עפּעס אַ צוועק. ער האָט שוין אייגנטלעך נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן מיטן פאָטער. ס׳איז ביי אים קיין צווייפל נישט געווען, אַז יענער האָט אָפּגעטאָן אַ מעשה־סדום, וואָס מען געפינט אפשר אין שרעק־ביכלעך אָבער נישט אין רעאַלן לעבן. דער אַלטער האָט, משמעות, געשווינט די לוויה־קאָסטן, און אפשר האָט ער זיי געהאַלטן פּשוט פאַר איבעריק, ווען מען קען פּטור ווערן פונעם מת אויף אַזאַ גרינגן אופן...

ווען עס איז אַוועק אַ וואָך און ווראַ האָט זיך נישט באַוויזן, האָט ראַלף ראַסין אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן מיטן זון און אונטערצואיילן זעליאָנקאָס דעפּאָרטאַציע. ער איז געווען צערייצט, עקזאַלטירט. אים איז געגאַנגען אין לעבן אָנצולערנען דעם פרעמדן. ער איז געווען אויך זיכער, אַז אילאַי וועט זיין צופרידן, וואָס ער טיילט ענדלעך זיין מיינונג וועגן דעם פאַרדעכטיקן פאַרשוין. ער האָט גלייך אָפּ־גערופן דעם זון אין אָפיס מיט יענער פאַרנעמיקייט, מיט וועלכער מען גייט אָנזאָגן אַ וויכטיקע געשעעניש, אָבער פון דאָרטן האָט מען אים געלאָזט וויסן, אַז דער אַדוואָקאַט איז פאַרנומען — אַן אַנדערש מאָל — אַז ער איז אויסערן שטאָט. ענלעכע ענטפערס האָט ער געקראָגן פונעם שטובמיידל. אַזוי האָט זיך עס איבערגעחזרט עט־לעכע טעג כסדר. ראַלף איז געווען פאַרצווייפלט. אינעם שלל באַ־פאַלענע געפילן און געדאַנקען, איז אים שווער געווען זיך פונאַנ־דערצוקלייבן צווישן זיין פאַסיע צום מיידל און זיינע נקמה־לעכצן, וועלכע ער האָט געזוכט אויסצופירן אויף זעליאָנקאַן...

דעם זונס שטרענגער שווייגן אין אָפיס און אין דער היים איז פאַר ראַלפן געווען אַ רעטעניש, סיידן, האָט אים פּלוצעם אַ פּיק געטאָן אין מוח, דער פרעמדער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג... אויב אַזוי מוז ער דאָך אַוודאי זען דעם זון און אים אַלץ אויפקלערן. ער האָט פאַרבויגן זיין שטאָלץ און איז אַוועק צו אילאַיען אין דער פרי, איידער יענער פאַרלאָזט דאָס הויז.

ער האָט אָנגעקלונגען. ער איז געווען גרייט צו געבן דעם זון אַ פאָרציע מוסר פאַר זיין אומפאַראַנטוואָרטלעכן און אומפאַרציילעכן

אויפפיר. ווען קיינער האָט נישט געענטפערט, האָט ער גענומען קלינגען אָפּט און נאָכאַנאַנדיק, קלאַפּן מיטביידע הענט, רופן אויפן קול דעם זון, די שנור, דאָס שטובמיידל. ער האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט אַ פאַרלאָרענער ביי דער טיר —

און די טיר האָט זיך נישט געעפנט...

# דער מאַטעמאַטיקער האָט געמאַכט
# אַ טעות אין חשבון

אויב דער צונאָמען „אַפּאָלאָ" האָט אַרויסגערופן אַ ספק־שמייכל ביי די בחורים, זענען אָבער אַלע מסכים געווען, אַז דער הויכלעכער עפּי שאַליט מיטן בלאָנדן שויבער, איז דער בעסטער קענער פון מאַטעמאַטיק אין קלאַס...

שאַליט האָט זיך נישט אונטערגעגעבן די קאָמפּלימענטן. ער האָט זיך געהאַלטן פריינדלעך, כאָטש נישט מיט די סטודענטן. ער האָט זיך, פון דעסט וועגן, קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו העלפן אַ חבר אין קלעם. דעם מיידלשן מין אָבער האָט ער ווי ווייט מעגלעך אויס־געמיטן, באַזונדערס טאַקע סוזאַן שירער, וואָס האָט אים מזכה־געווען מיטן דערמאָנטן „שם־טוב". ער האָט זי בשעתו באַטראַכט מיט פאַר־איבל, און די ווייכע בלויקייט אין זיינע גרויסע אויגן זענען מאָ־מענטנווייז איבערגעגאַנגען אין אַ שאַרפן גרין. ער האָט דעמאָלט געוואָלט בייטן דעם שמועס און נישט געפונען דאָס פּאַסיקע וואָרט.

סוזאַן, דאָס איינציקע מיידל אויפן מאַטעמאַטישן קורס, האָט זיך נישט גענייטיקט אין זיין הילף. זי האָט מיט אַ זעקסטן חוש דער־שנאַפּט, אַז הגם ער קוקט זעלטן אין איר זייט, הערט ער זיך צו צו איר אין קלאַס, ווי דאָס פראַנצויזיש ווערטל גילט: — מיט אַלע אויערן! מעגלעך, אַז איר אויסלענדישער אַקצענט האָט אים פאַר־כאַפּט, און אפשר איר „אַליינקייט" אין אַ דורכויס בחורישער סביבה. אַזוי צו אַנדערש, אויף זיין לענגלעך־אָוואַלן געזיכט האָט דעמאָלט געשוועבט אַ קוים מערקבאַרער שמייכל פון באַוווּנדערונג...

פון סוזאַנס אָפּטן געהיימניספולן שווייגן, האָבן זיך אירע עלטערן אָנגעשטויסן, אַז זייער יינגסטע טאָכטער האָט זיך אין אַ נאָווינע „פאַר־קאָכט" אין אַ נייעם בחור. נאָר דאָס מאָל אַ סך ערנסטער און אַ סך לענגער. און זיי האָבן געדולדיק געוואַרט אויף וויטערדיקע אַנט־וויקלונגען.

די שירערס זענען געווען נייע מענטשן אין לאַנד. זיי האָבן זיך

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַרויסגעראַטעוועט פון ווישי־פראַנקרייך. און הגם דער פאָטער איז געווען אַ מעטאַלורגיע־אינזשיניער האָט ער, צוליב שפּראַכלעכע שוועריקייטן, געמוזט אַ צייט זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע טוונגען, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענער שמעלץ־פאַבריק אין אַ שטעטל נישט ווייט פון דעטרויט. — פאַרבעט אים אַמאָל אין הויז אַריין! — האָט שירער פאָרגעלייגט גאָר אומ־געריכט זיין פאַרטרוימטער טאָכטער. סוזאַן האָט שוין וועגן דעם געטראַכט. אָבער ווי פועלט מען עס ביים צווייטן צד? אגב, האַלטן די סטודענטינס אַ וואַך אויג אויף אים און דערלאָזן נישט, איינע די אַנדערע, ווי ס׳וואָלט זיין געווענדעט בלויז אין זיי, צו אַ ממשות־דיקער נאָענטקייט. ווי יונג סוזאַן איז געווען, האָט זי שוין פאַרשטאַ־נען, אַז ס׳איז נישטאָ אַ מענטש אויף דער וועלט מ׳זאָל נישט געפינען אַ צוטריט צו אים. זי האָט, איין מאָל, אַ נעם געטאָן דעם טעלעפאָן און אים אָפּגערופן:

— יעס, פּליז! כ׳וויל רעדן צו עפּין. ס׳איז זייער נייטיק! — זי האָט ענדלעך דערהערט דעם יונגס פלעגמאַטיש קול: — וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר?

— פאַר מיר גאָרנישט. — האָט זי געענטפערט געלאַסן.

— איז פאַר וועמען? — איז יענער געווען אומגעדולדיק.

— כ׳מיין, פאַר זיך אַליין... מיר האָבן אַרייגעקראָגן פראַנצויזישע פּלאַטן. — האָט איר אויסלענדישער אַקצענט געגלעט זיין אויער. — אויב דו ביסט פאַראינטערע...

— ברענג זיי אין קלוב אַריין! — האָט ער עס געמאַכט קורץ און שאַרף.

— פאַמעלעך! נישט אַזוי געאיילט!... מיין פּאַפּאַ דערלויבט זיי נישט אַרויסצונעמען פון הויז... זיי זענען פון די אַמאָליקע... — זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער שלאָגט זיך דאָרטן מיט דער דעה, ווייל נישט ער ענטפערט, נישט ער הענגט אויף... — ווילסט אַריבערקומען?

— איך וועל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם! — שוין אין די געציילטע ווערטער איז געלעגן אַ פּאָזיטיווער ענטפער. — אָט האָסטו מיין אַדרעס.

אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג איז ער, נישט אָפּרופנדיק פריִער, אַריין. עס זענען גראָד אַלע געווען אין דער היים: טאַטע־מאַמע, די עלטערע שוועסטער, קלער און — סוזאַן. אַלע האָבן געהאַלטן עפּעס אין טאָן. דער אינזשעניער האָט געשריבן אַ בריוו, האָט זיך די פּען אַרויס־

געגליטשט ביי אים פון דער האַנט. די פרוי שירער האָט אויסגעגייט מאַנאָגראַמען אויף סערוועטקעס, האָט זי דערשפּירט אַ שטאָך אין אַ פינגער. קלער איז דעמאָלט געווען פאַרטיפט אין לייענען, האָט זי זיך אָפּגעריסן פון בוך, ווי עמעצער וואָלט זי געצוווּנגען דערצו, און זיך פאַרקוקט אויף דער טיר. און סוזאַן? דאָס מיידל איז אומ־געלומפּערט אַראָפּ פון דער סאָפע און זיך אַ טראָג געטאָן אַ צע־פלאַמטע, אַנטקעגן דעם בחור...

דער גאַסט אַליין האָט פאַרלאָרן געשמייכלט מיט אַ קינדערשן שמייכל אויפן קליינעם מויל. עס האָט זיך אַלעמען געדאַכט, אַז אין צימער איז פּלוצעם ליכטיקער געוואָרן. סוזאַן, קאָנענדיק שוין אַ ביסל דעם סוביעקט האָט גלייך אַוועקגעאײַלט נאָך די פּלאַטן. דערווייל האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס צווישן די בני־בית, אויף פּראָנצויזיש, פאַרשטייט זיך וועגן דעם אומגעריכטן אורח. הגם ער האָט זיך נישט געדאַרפט שטאַרק מיִען, אַז דער מדובר איז וועגן אים, האָט ער זיך נישט באַליידיקט. דער קלאַנג פונעם פרעמדן לשון האָט אים באַ־פליגלט און אים פאַרטראָגן אין אַן אַנדערער וועלט. אַלץ איז אין דעם הויז געווען אַנדערש: — די מענטשן, זייער קליידונג, דער סטיל פונעם מעבל און אַפילו דער שטוב־גערוך. אַנשטאָט אויסצוהערן עט־לעכע פּלאַטן און פאַרשווינדן ווי ער האָט גערעכנט, איז ער זיך, קעגן זיין ווילן פאַרזעסן. פרוי שירער האָט דערלאַנגט כיבוד אין קרישטאָלענע שעלעכלעך. דער מאַכל האָט געהאַט אַ פרעמדלענדישן טעם און אַראָמאַט. און דער געטראַנק, סערווירט אין געשליפענע גלעזער האָט אויסטערליש געקילט דעם גומען און שלונג, און האָט אַרויסגערופן ביי אים מאָדנע אַסאָציאַציעס מיט באַלזאַקס שריפטן, וואָס ער האָט אַנומלט געלייענט אין אַן ענגלישער איבערזעצונג.

עמנואל שירער האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז אַזאַ איינער ווי דער גאַסט, וואָלט אים געווען שטאַרק צום האַרצן צו האָבן פאַר אַן איידעם. ער האָט געוווּסט, אַז עפּיס פאָטער איז אַ יוּוועליר און האָט זיין גע־וועלב אין אַן אָרעמען געגנט, און אַז דער יונג האָט געוווּנען אַ סטיפּענדיע און שטודירט אויפן יורידישן פאַקולטעט.

— וואָלט איר נישט גערנער אַריבער אויף אַן אינזשיניערישן קורס, מר. שאַליט — האָט ער פּלוצעם אַ פרעג געטאָן דעם יונגן מאַן.

ביי עפּין האָט זיך אַזש ס׳גאַנצע פּנים צעלויכטן פון חידוש: — פאַרוואָס זאָל ער טאָן אַזאַ זאַך?

אַלע אין שטוב האָבן זיך נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן אויפן

פּאָטערס פראַגע. בלויז סוזאַן האָט עפּעס דערשנאַפּט אין זיינע רייד, און זי האָט אים צוגעשיקט אַ דאַנקפולן בליק.



די שטענדיקע דחקות אין הויז האָבן סוגערירט עפּין ער זאָל זיך דערנענטערן צו די שירערס, בפרט ווען דאָס מיידל האָט ביי אים און ביי דער מוטער אויסגענומען. יעקב שאַליט איז זיכער געווען, אַז זיין בן־יחיד קאָן בעסערס דערגרייכן. ער האָט זיך אָבער נישט קעגנגעשטעלט. „עני חשוב כמת!״, עס איז ביטער צו זיין אַן אָרעמאַן, האָט ער רעזיגנירט. איבעריקנס, האָבן אים מענטשן ווינציק אינטערעסירט. ווען ס׳וואָלט זיך געווענדט אין אים אַליין, וואָלט ער זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ וואַלד און געלעבט אין אַ געצעלט אויף גרינסן און קרייטעכצער.

עפּי האָט עס נישט איין מאָל געהערט פון אים און זיך געפילט געקרענקט און פאַרשעמט. ער, וואָס איז געווען נישט נאָר פיזיש ענלעך אין דער מוטער, האָט געהאַט איר ליידנשאַפטלעכן לוסט און באַגער צום לעבן, צו רייזן, אָנצוקוקן די וועלט און צו געניסן פון אירע תענוגים. ער איז נאָכן גראַדויִרן אָנגעקומען צו אַ באַרימטן אַדוואָקאַט אַלס געהילף. ער האָט אָבער ווייטער ממשיך געווען זיין שטודיום און גראָד אין אַזאַ אומשייכותדיקן צווייג ווי — מעטאַלורגיע.

דער אינזשיניער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ בר־מזל. ער האָט מנצח־געווען דעם בערלינער מנוול, האָט אַרויסגעקראָגן זיין פאַמיליע פונעם אייראָפּעישן גיהנום. זיין פאַבריק וואַקסט און פּראָספּערירט. און אַט האָט ער אַ שידוך געטאָן מיטן געראָטנסטן יונגן מאַן פון דער סביבה. ווי פּראַקטיש און ווייטזיכטיק שירער איז געווען, האָט ער אָבער נישט געקענט זיין צו ווייטזיכטיק, און אפשר איז עס גאָרנישט מעגלעך געווען ביי יענע אומשטענדן. כל־זמן די מלחמה האָט אָנגעהאַלטן האָט מען איבערגעשמאָלצן ביי אים דעם מעטאַלענעם אָפּפאַל און אים גענוצט פאַר קריגס־צוועקן. מיט די ערשטע שלום־קלאַנגען האָבן זיך די באַשטעלונגען אָפּגעשטעלט. אויף עפּיס עצה איז דער שווער אַריבער אויף מכשירים פון פרידלעכן געברויך. דער יונג האָט דעמאָלט פאַרבראַכט פיל שעהען ביי סטאַטיסטישע

ציפערן און חשבונות. ס'איז אָבער דערפֿון גאָרנישט געוואָרן, די פֿאַבריק האָט זיך געמוזט שליסן...

עפּי האָט סטאַיִש אַראָפּגעשלונגען זיין ערשטן דורכפֿאַל. ער האָט זיך צונויפֿגערעדט מיט אַ פּאָר פֿון זיינע אַמאָליקע קלאַס־חברים — אַדוואָקאַטן. זיי האָבן געעפֿנט בשותפֿות אַ „לאָו־אָפֿיס" אין דעטרויט, נאָר אַנשטאָט זיך אָפּצוגעבן מיט ריין אַדוואָקאַטישע ענינים, האָבן זיי זיך פֿאַרנומען מיט קויפֿן לאַנד און טראַנזאַקציעס. אויפֿן האָריזאָנט האָבן זיך דעמאָלט געוויזן סימנים פֿון אַ נייער בוי־אידעע, אונטער דער פּרעמדלענדישער מאַרקע „קאָנדאָמיניום". די דריי שותּפֿים האָבן אינוועסטירט אין איר אייגענע און פֿרעמדע קאַפּיטאַלן, און זענען גאָר גיך באַלוינט געוואָרן מיט גרויסע רווחים. ווייל מענטשן ווערן, בדרך־כּלל, פֿאַרכאַפּט אַפֿילו פֿון נייע ווינט־מאָדעס...

די דריי חברים האָבן זיך אויך פֿאַראינטערעסירט אין אַ געוויסן געגנט אויפֿן ווייטן מערב, וואָס זייערע אימיגראַנטישע עלטערן וואָלטן אַוודאי באַצייכנט פֿאַר „קרקע בתולה", דאָס הייסט, נישט באַרירט פֿון אַ מענטשלעכן פֿוס, און ווי מען האָט געקאָנט פֿאַרלייגן אַ גאַנץ שטעטל. דער הויכפּונקט דאָרטן זענען געווען די וואַסער־שטראָמען, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ אָנהייב פֿרילינג פֿון די אַרומיקע בערג, און אַנשטאָט זיי זאָלן פֿאַרלאָרן גיין, האָט מען זיי געקאָנט קירעווען אין איין ריכטונג און זיי פֿאַרהאַלטן, און ס'וואָלט זיך דאָרטן, מיט דער צייט, פֿאָרמירט אַ ברייט־פֿאַרנעמיקע אָזערע. און פֿאַר די אָנגעזאַמלטע זומפּן האָט עפּי און זיינע שותּפֿים גערעכנט אָנצוווענדן דעם חלוצישן מיטל מיט דער אַמאָליקער פּאַלעסטינע, נעמלעך — באַזעצן יענעם געגנט מיט עקאַליפּטוס־ביימער... דער באַפּרייטער באָדן וואָלט צו־געצויגן אַ שלל מיט מענטשן, וועלכע זוכן זיך צו בויען אַ היים ווייט פֿון די געדיכטע, רוישיקע און אומציכטיקע שטעט...

ביי אָט די אַלע טוונגען און פּלענער, האָט עפּי איינגעזען, אַז ער טאָר נישט זיין אָפּהענגיק פֿון זייטיקע אָדער אייגענע לייט, מעג עס אַפֿילו זיין זיין רייכער שווער. ער איז אויך שנעל געקומען צו דער מסקנה, אַז דער גרויסער איינקונפֿט, וואָס איז איצט אַריינגע־פֿלאָסן, האָט דעמאָלט אַ ווערט אויב מען געניסט דערפֿון. און געניסן קאָן איינער, האָט ער שוין דעמאָלט באַנומען, ווען ער איז ביי די פֿיזישע און גייסטיקע כּוחות. ער האָט געהאַט אַלע מאָל פֿאַר די אויגן די איינגעהויקערטע פֿיגור פֿון זיין פֿאָטער, מיט זיינע ישיבֿה־בחורישע נטיות און השגות, און זיי האָבן אים געשראָקן און פֿאַרפֿאָלגט...

עפּי איז אויפגעשטאַנען יעדן פרימאָרגן פאַר זיבן און צו סוזאַנס כמעט שטענדיקן ווונדער, זיך אַרויסגעלאָזן איבער די שטילע, נאָך־שלאָפנדיקע גאַסן פונעם פאָרשטעטל. ער איז געלאָפן אָן אָפּשטעל ביי אַ שעה און אומקערנדיק זיך אַ היים, גענומען אַ קאַלטן טוש, און שפּעטער זיך לאַנג געאיבט אַ הוילער ביים אָפענעם פענצטער.

איין מאָל האָט סוזאַן, פאַרבייגייענדיק, געפרעגט אַ דערשטוינטע:

— אין אַזאַ וועטער ,עפּי טייערער? ס׳איז דעמאָלט געווען אַ גרוי־קאַלטער דעצעמבער באַגינען. — וועסט זיך נאָך, חלילה, פאַרקילן!.

— ווי קאָן איך? — האָט ער זי אָנגעקוקט מיט חידוש. מיין קערפּער איז ווי געקאָוועט פון שטאָל. געפּין נאָך עמעצן צווישן אונדזערע באַקאַנטע, האָט ער געזאָגט כמעט באַרימעריש, וואָס זאָל האָבן אַזוינע מוסקולן! — און האָט איר געוויזן זיינע אָרעמס און ברוסטקאַסטן...

— ווילסט ווערן דער שטאַרקסטער מענטש אויף דער וועלט?

— איז אין איר שפּאַס געלעגן אַ טראָפּעלע קנאה.

— פאַר וואָס נישט? דו ווייסט נישט, אַז איך קלייב זיך צו לעבן אַ הונדערט יאָר און מער? ס׳איז שווער געווען אויף דער רגע צו כאַפּן, צי ער איז ממשיך דעם שפּאַס, אָדער ער מיינט עס טאַקע ערנסט. „עס ווענדט זיך בלויז אין דיר, נישט אמת?“ — האָט זי אים צוגעוואָרפן אַ סאַרקאַסטישן קוק.

דער מיליאָן טונקל־פאַרביקע אין דעטרויט האָט אָנגעהערט צו פאַרשיידענע גרופּעס און פאַרטייען. אַ געוויסע צאָל צום „בלעק פּאַוער“ און צו אַנדערע עקסטרעמען. אָבער ס׳רוב האָט זיך געהאַלטן אין אַ זייט. אָט דער פּאַסיווער עלעמענט האָט געהאַט צוויי הויפּט ווונטשן: — אַרבעט און בעסערע וווינונגען. זייערע ווונטשן זענען געווען ווי נעבעכדיקע בעטלערייד, אין פאַרגלייך מיטן לאַנגן צעטל פאָדערונגען פון די מיליטאַנטן. ס׳איז דעמאָלט נישט אַוועק דער מעת־לעת עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין דעמאָנסטראַציעס, אָפּט ביינאַנד מיט ווייסע, אין די גאַסן, אין די פּאַרקן אויף די קעמפּוסן מיט שרייעוודיקע מאָנונגען צו פּראָגרעסירן די צאָל שוואַרצע סטו־דענטן, שוואַרצע לערערס, שוואַרצע קאָנגרעסלייט, סענאַטאָרן און ריכטערס... אַ היים־צו־ברענגען די יינגלעך פון וויעטנאַם, צו „אימ־פּיטשן“ פּרעזידענט דשאָנסאָן... אומעטום האָבן געלויערט אָנפאַלערס, מערדערס. מ׳האָט נישט געקענט אַרויסשטעלן אַ פוס אין אָוונט. מ׳האָט אויסגערויבט געשעפטן, ס׳רוב יידישע, אין מיטן העלן טאָג...

די שטאַט־אַדמיניסטראַציע האָט געוואָלט איינשטעלן די אויפ־געברויזטע געמיטער, און כאָטש אַ מינימום פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג אַריבערפירן אין נייע דירות. האָט זי, מיט דער הילף פון דער פעדעראַלער רעגירונג באַשלאָסן אויפצושטעלן נייע קוואַר־טאַלן מיט ביליקן דירה־געלט. אַ טייל פון די בוי־קאָנטראַקטן זענען אַריינגעפאַלן צו די דריי שותפים.

עפּי האָט אויסגעחשבונט, אַז די „אינעוויניקסטע" מאַטעריאַלן קאָנען צוגעשטעלט ווערן פון צווייט־האַנטיקע הענדלערס, וועלן זיי אויסטראָגן ביליקער. און ער האָט זיך ס׳ערשטע מאָל אָנגעשלאָגן אויף אַ קעגנערשאַפט מצד זיינע חברים.

— ווי קאָן מען אַזוינס טאָן צו אָט די מענטשן? — האָט איינער פון זיי געטענהט. — קאַרג האָבן זיי זיך אָנגעליטן אין די געטאָס? דערצו איז דאָ אַ געפאַר, די רעגירונג זאָל עס אויסגעפינען... — די רעגירונג האָט וועגן בילכערע זאַכן צו זאָרגן! — האָט עפּי גערעדט אַ צערייצטער. (מיט אַ טאָג פריִער האָבן שוואַרצע היצליעס חרוב געמאַכט זיין פאָטערס יוועליר־קראָם און אים שטאַרק צעהרגעט). ווי לאַנג מיינסטו וועט אָנהאַלטן די נייקייט און די גאַנצקייט פון זייערע היימען? דו קאָנסט נישט די שוואַרצע טייוואָלים?

— ס׳איז אַ ביסל מאָדנע צו הערן אַזוינע רייד פון אַ יידיש מויל! — האָט דער שותף זיך געוווּנדערט. דער אַנדערער האָט גע־שוויגן. און עפּי האָט עס אָנגענומען, אַז ער איז מסכים מיט זיין חבר האָט ער אויסגערופן אַן אויפגערעגטער צו ביידן: —אייך ווילט זיך זיין נאָבעל און גרויסמוטיק, טוט עס אויף אייער אייגענער קע־שענע! — און ער האָט אין יענער רגע באַשלאָסן, הגם ער האָט שוין לאַנג געטראַכט וועגן דעם, זיך צו באַפרייען פון זיינע שותפים...

אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט, ווען די אַרכיטעקטן זענען געווען פאַרטאָן אין די „בלוט־פרינטס", און די טעלעפאָן דראָטן האָבן געברענט אונטער די הענט, האָט עפּי, פאַרוואַרפנדיק די פיס אויפן שרייבטיש, זיך פּלוצעם אָפּגערופן צו זייע מיטאַרבעטער: — כ׳וועל אַ פלי טאָן אויף עטלעכע טעג קיין עספּין, קאָלאָראַדאָ, און באַמערקנ־דיק זייער באַוווּנדערונג און פאַרדרוס, האָט ער גלייך צוגעגעבן: — מען דאַרף דאָך אַ מאָל כאַפּן אַ קוק אויף די לענדערייען דאָרטן, נישט ווייט! נישט אמת?...

יענע, זייענדיק באַקאַנט מיט זיינע אָפטע קאַפּריזן, האָבן נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, ווי מען ווייס נישט דעם ענטפער אויף

די בלינדע כוחות פון דער נאַטור. אין הויז ביי אים זענען די רייד געווען ס׳רוב וועגן די קלימאַטישע מעלות פונעם באַרג־שטעטל. עפּי האָט געגומען זיין נאָך שוואַכן פאָטער און איז אָפּגעפלויגן מיט אים קיין מערב, האָפנדיק, אויב אַלץ זאָל גיין בסדר וועט ער אַריבערברענגען די פרוי און די מוטער און זיך דאָרטן באַזעצן.

אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן, האָבן זיך ביידע מענער אומגעקערט אָפּגעפרישטע און פאַרברוינטע. עפּי האָט מער נישט דערמאָנט דאָס שטעטל, גלייך פאַרשוווּנדן פון דער מאַפּע. דער יונגער מאַן האָט זיך אויפסניי אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. דער נעגערשער קוואַרטאַל האָט געהאַלטן ביים רעאַליזירט ווערן. עס זענען אויפגעקומען בנינים פון איין הייך, איין פאַרב און איין אויסזען, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. מיט דער זעלביקער צאָל פענצטער צו אַלע פיר ווינקלען פון דער שטאָט. דער שוואַרצער עולם האָט זיך געגומען אַריינקלייבן. ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צייט, און עס האָבן זיך געוויזן אויסגעהאַקטע שויבן, בערגלעך מיסט ביי די אַריינגאַנגען, טיטשקעס יונגען און מוידן אויף די ראָגן. די געשרייען און דער ליאַרעם האָבן זיך גע־טראָגן עד לב השמים...

די לופט אין שטאָט איז דעמאָלט פיל געווען מיט גרויליקע קלאַנגען, אַז די „פּאַנטערס״ שטעלן אַרויס אַן אייגענעם מעיאָר־קאַנדידאַט, נאָך מער! זיי האַלטן אין פאַרכאַפּן דעם „סיטי־האָל״ און גרייטן צו אַן איבערקערעניש אין דער מוניציפּאַליטעט. די פּרעסע איז פול געווען מיט באַריכטן, ווי שוואַרצע, פּאָליטישע פאַרברעכער מאַכן סקאַנדאַלן אין די פעדעראַלע געריכטן. בעת אַ פאַרהער האָט אַנדזשעלאַ דייוויס און אירע פריינד פשוט אויסגעלאַכט דעם ריכטער און איינער פון זיי האָט אַפילו געשאָסן אויף אים. אין די טעגלעכע מאַניפעסטאַציעס זענען צוגעקומען אַלץ שאַרפערע אָנקלאַגעס און באַ־שולדיקונגען, נעמלעך, אַז דזשאָנסאָן איז שולדיק אין מיליאָנען פאַר־שניטענע לעבנס. מ׳האָט אים ציניש־גיפטיק געפרעגט — „וויפל קינדער האָסטו היינט אומגעבראַכט אין וויעטנאַם, מר. פּרעזידענט?״ ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער אין־תוך סענסיטיווער מענטש אין ווייסן הויז, האָט עס מער נישט געקענט אויסהאַלטן, און ער האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז ער וועט מער נישט קאַנדידירן אויף אַ צווייטן טערמין...

אין זונטיק האָבן די יינגערע שאַליטס, די גאַנצע משפחה אויף מיטאָג. שוין ביים עסן האָט זיך געשפּירט, אַז עפּי קלייבט זיך מיט

עפּעס מרעיש־עולם צו זיין זיינע געסט. מען האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם נאָכשפּייז, ווי דער יונגער מאַן האָט מודיע־געווען:

— סוזאַן און איך האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און מאַכן אונדזער היים אין ניו־זעלאַנד!...

— אין ניו־זעלאַנד? — האָבן אַלע אויסגערופן איבעראַשטע.

— ס׳איז אַ לאַנד ווייט פון אַלע פּאָליטישע און ראַסן־מהומות.

— האָט ער גערעדט מיט זיכערקייט עס האָט נאָך נישט פאַרלאָרן איר אַגראַר־כאַראַקטער אַפילו אין די שטעט. ס׳איז...

— פון אַמעריקע ווילסטו אַנטלויפן? — האָט אים דער שווער איבערגעריסן. די גאַנצע וועלט רייסט זיך אַהער... זענען אים מיט אַמאָל באַפאַלן שרעקן און פּחדים, איבערגעלעבטע אונטער פּעטענס ממשלה. דער פאָטער האָט געזאָגט אַ פאַרטראַכטער:

— פון אַמעריקע, מיין זון, איז נישטאָ וווהין צו פאָרן, סיידן... קיין ישראל!...

— וואָס? פון איין פייער אין אַן אַנדערן? — האָט זיך עפּי אויפגערעגט. — האָסט פאַרגעסן, פּאַ, אַז דער אַראַבער־פּראָבלעם איז, ווי מ׳רופט עס טאַקע דאָרטן „אַ געוויין אויף דורות!”

די פרויען האָבן געשוויגן. זיי האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז עפּי וועט איבערלאָזן אַזוינע פּראָפיט־געשעפטן און זיך אַוועקלאָזן ערגעץ אין אַ מדינה, וואָס זיי האָבן זעלטן געהערט פון איר...

— דאָס איבערפלאַנצן זיך וועט נישט אָנקומען שווער. — האָט עפּי זיך געטענהט זיינס, — ווייל ס׳הערשט דאָרטן, ווי איר ווייסט מסתמא, די זעלביקע אַנגלאָ־זאַקסישע קולטור און שפּראַך.

— איך זאָג נאָך אַלץ, אַז עס איז נישטאָ קיין גרינדלעכע סיבה פאַר אַזאַ האַנדלונג! — האָט דער שווער זיך געקלאָגט. די שוויגער, עלזאַ שירער, האָט ביי די ווערטער באַרירט מיט דער סערוועטקע די אויגן. זי האָט איינגעזען, אַז דער ענין ווערט טאַקע אמת ערנסט. און קלער האָט לאַנג נישט אַרויסגעלאָזן די שוועסטער פון אירע אָרעמס...

די שאַליטס, די ייִנגערע און די עלטערע, זענען אָנגעקומען אין נייעם לאַנד אָנהייב פרילינג. עפּי איז געווען פּאָרזיכטיק גענוג נישט צו ליקווידירן פריִער די געשעפטן אין די שטאַטן. זיינע בריוו צום שווער זענען געווען פול מיט באַגייסטערונג. זיי האָבן יעדעס מאָל אַנטפּלעקט נייע וווּנדער און חידושים. עפּי האָט אָפּגעקויפט אַ רחבותדיק הויז, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו עפּעס אַ פּריץ, און

ביידע פאַמיליעס האָבן זיך אַהין אַריינגעקליבן. ער האָט זיך ווייטער פּאַרנומען מיט זיין ספּעציאַליטעט, דאָס הייסט מיט הייזערבוי און לאַנדהאַנדל. און סוזאַן האָט זיך נישט איין מאָל געפרעגט איר פּאָטערס פראַגע — צוליב וואָס האָט מען געדאַרפט אויסבייטן דאָס אייגענע לאַנד אויף אַ פרעמדס? סיידן צוליב דער עצם אַוואַנטורע? — אגב, האָט אויך אַצינד עפּי נישט איינגערוט. ער האָט אָפּט אַרומגערייזט מיט פרוי און מוטער צו די נאָענטע און ווייטע שטעט פון לאַנד, האָט באַזוכט אויסטראַליע און דרום אַפריקע, און זיך שוין געגרייט אויף ווייטערדיקע נסיעות. ער האָט וועגן זיי געשריבן מיט די קלענסטע פּרטים צום עלטערן שירער און דערביי צוגעגעבן, ווי זאָרגלאָז און מנוחהדיק זיי לעבט זיך אַצינד, האָט ער אַלעמען אַריינגענומען אין קאָן. ווי ריין, קלאָר און זויבער די לופט און די וואַסערן זענען... ווי —

מיטאַמאָל האָבן זיך זיינע בריוו איבערגעריסן. אַנשטאָט אים, האָט זיי די טאָכטער ממשיך געווען, מיט אַ תוכן ווייט פון היימלעכקייט. ס׳האָט זיך נעמלעך אַרויסגעשטעלט, אַז עפּי האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אויפן לינקן פוס, ווייל אונטער זיין טראָט האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט אַן אָנוווקס — אַ בייזוויליקער טומאָר, וואָס מ׳האָט געמוזט גלייך אויסשניידן, פּינקטלעכער — אַמפּוטירן דעם פוס ביזן קנעכל...

ס׳איז געווען אַזוי אומגעריכט, פּלוצעם און פּשוט אומגלייבלעך, אַז ער, דער זעקס־פוסיקער, קרעפּטיקער יונג, מיטן ראָזלעכן געשטאַלט, וואָס איז קיינמאָל אין לעבן נישט קראַנק געווען, אַז אים גראָד זאָל באַפאַלן אַזאַ חולאת, וועלכע מען שרעקט זיך צו ברענגען אויף די ליפּן. עפּי אַליין האָט געשמייכלט און אַלעמען איבערצייגט, אַז ביים מצב פון דער היינטיקער מעדיצין איז פּשוט אַן אומזין צו מאַכן דערפון אַ וועזן. מען וועט אים צופּאַסן אַ קינסטלעכן טייל פוס און אַ פּאַסיקן שוך, און דער ענין וועט זיין דערליידיקט. די פאַמיליע האָט באַוווּנדערט זיין מוט, זיין קוראַזש, זיין אויפּפיר. דאָס שפּיטאָל־צימער איז פול געווען מיט בלומען, געשיקט פון דער משפחה, פון די שירערס, פון די געוועזענע שותפים, פון קליענטן, פריינד און באַקאַנטע.

אין אַ חודש אַרום איז ער שוין אַרומגעגאַנגען. זעלטן ווער ס׳האָט דערקאָנט זיין פעלער. זיין אומגעוויינטלעכע האַלטונג האָט משפּיע

געווען אַפּילו די סאַמע נאָענטסטע, און מ׳האָט, ווי ער, גענומען גלייבן, אַז ער איז אויסער אַ געפֿאַר...

גראָד די דאָקטוירים האָבן עפּנטלעך נישט געטיילט אַזאַ מיינונג. זיי האָבן פֿאַראָרדנט עפּין צו קומען יעדע דריי חדשים אויף אַן אונ־טערזוכונג, בכדי פעסטצושטעלן צי די אַנדערע אברים ווערן נישט אָנגעגריפֿן פֿון דער פּאַרטייעטער קרענק. פּונקט צום יאָר פֿון דער פּוס־אָפּעראַציע, האָט ער אָנגעהויבן פֿאַרדעכטיק אונטערהוסטן. און ווי ביי יעדער געשעעניש פֿון דעם מין, עס געמאַכט צו קליינגעלט, אַז ס׳איז לפּי זיין שטרענגער קאַלקולאַציע, פּשוט אַ פֿאַרקילונג אָבער ס׳האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן, אַז דער חשד האָט אַ גרונט...

ס׳איז געווען אין מיטן אַפּריל, עטלעכע טעג פֿאַר עפּיס פֿופֿציק־יאָריקן געבוירן־טאָג. סוזאַן האָט געהאַט באַשטעלט, נאָך מיט אַ חודש פריִער, אין אַ באַוווּסטן רעסטאָראַן אַ באַזונדער צימער פֿאַר פֿופֿציק געקליבענע געסט. ס׳האָט געדאַרפֿט זיין אַן איבעררעאַשונג פֿאַר איר מאַן. פֿאַרבעטונגען זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מיט דער „שטרענ־גער וואָרענונג״, עס זאָל בלייבן דיסקרעט פֿאַרן יובילאַר. זי האָט דערציילט עפּין וועגן רעסטאָראַן, האָט אָבער פֿאַרשוויגן וועגן דעם אמתן כאַראַקטער פֿון דער מסיבה.

און אַנשטאָט זיך גרייטן צו דער שמחה, האָט מען זי געדאַרפֿט אָפּרופֿן, און מאַכן די גייטיקע הכנות אין שפּיטאָל אויף דורכצופֿירן אַ צווייטע אָפּעראַציע, דאָס מאָל אויף דער לינקער לונג, וווּהין די אינפֿעקציע האָט זיך פֿאַרקליבן. אָ, דאָס זענען געווען אומרויִק־אַנגסטיקע טעג און פּיינפֿולע שעהען ביז מ׳האָט דערלעבט צו זען דעם חולה אַרויסגעפֿירט פֿונעם כירורגישן אָפּטייל און צוריקגעלייגט אויף זיין געלעגער:

— דו זעסט כאָטש, סוזאַן, וואָס פֿאַראַ שיינע מתנה איך האָב גע־קראָגן צו מיין געבוירן־טאָג? — האָט ער זיך געוויצלט. די יונגע פרוי האָט געשמייכלט דורך טרערן — ווי ער האָט עס געדענקט דעם טאָג.

הגם עפּיס קומען צו זיך איז ווידער צוגעגאַנגען איבעררעאַשנ־דיק שנעל, האָט זיך די שרעק פֿאַרן מאָרגן נישט אָפּגעטאָן ביי די דריי משפּחות. אויך אין עפּיס רייד און האַנדלונגען האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַן אומזיכערקייט. אמת, ער האָט נאָך אַלץ געמאַכט פּלענער פֿאַר נייע און ווייטע נסיעות. און ביי אַ געלעגנהייט דער־ציילט די וווּנדער פֿון די ערטער, וועלכע ער און סוזאַן האָבן באַזוכט. ס׳האָט אָבער שוין געפֿעלט אין זיי די פֿריִערדיקע האָפֿערדיקייט.

# דער ווייטער אָפּרוף

בען אַשוויל איז געווען פּאַרטאָן אין זיינע אומציייליקע אַדוואָקאַ־טישע געשעפטן, וואָס דער רוב האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין שייכות מיט דער עצם פּראָפעסיע. אַזוי, למשל, האָט זיך איין אָפּטייל פון דער גרויסער פירמע, „אַשוויל און קאָמפּ״. אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט לאַנד־מסחרים, אַן אַנדערע — מיט הייזערבוי, אַ דריטע... אין די רחבותדיקע אָפּיסן האָט געקישעט מיט קליענטן, מיט אַגענטן, מיט סתם באַזוכער. עס זענען דאָרט געווען גענוג אָנגעשטעלטע אויף פאַרענטפערן אַ סך פראַגן. און ווען מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שווערפּונקט, וואָס אויך די שותפים האָבן נישט געקענט איינבייסן, האָט מען זיך געווענדעט צום „טשיף״, דאָס הייסט, צו בען אַשוויל אַליין... אַשוויל האָט פאַרנומען אַ סוויטע פון צימערן, ווו ס׳האָבן זיך געפונען זיינע געהילפן און סעקרעטאַרינס. די ווענט האָבן באַ־צירט צענדליקער צייכענונגען און גראַווירונגען, די אַרבעט פון זיין פרוי, אַדעל, און פון אַנדערע קינסטלער. אַ דריק פון קנעפּל האָט צונויפגעבראַכט דעם פּערסאָנאַל, די דריי פּאַרטנערן. אַלע האָבן אַרויפגעקוקט צום זעקס־פוסיקן אַדוואָקאַט און זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין דעה. זיין שווערער קערפּער האָט קיינעם נישט איבערגע־שראָקן. ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַן אומגעווייניטלעכן געשטאַלט, וואָס האָט געוווּנען מענטשן אַפילו מיט קעגנגעזעצטע מיינונגען. די אויגן — גרויסע, ליכטיק־בלויע האָבן געוועקט צוטרוי, און דער הויכער שטערן האָט צוגעזאָגט צו לייזן די פאַרוויקלטסטע, די קאָמפּ־ליצירטסטע פּראָבלעמען...

די אַשווילס האָבן באַוווינט אַ רחבותדיקע היים אין דער עיר הבירה... פון די פענצטער האָט זיך געזען דער אַטלאַנטיק אין זיין אומענדלעכקייט, אין זיין אייביק־סודותדיקייט. אין דער נידער האָט זיך געשפּרייט אויף איין זייט דער שמאָלער פּאַס לאַנד פון דער פיל־גערימטער מיאַמי ביטש, און אויף יענער זייט ביסקעין איינגוס —

די עלטערע שטאָט, מיאַמי גופא, מיט אירע אומבאַגרענעצטע שטרע־קעס, וועלכע זענען מיט יעדן יאָר אַלץ מער באַדעקט געוואָרן מיט הויך־גאָרנדיקע בנינים, קאָנדאָמס און האָטעלן. ווו דאָס אויג איז געפאַלן האָט די אַשוויל קאָמפּאַניע געהאַט עפּעס אַ דירעקטן שייכות. רווחים זענען געוואַקסן אַפילו אין די רעסעסיע־יאָרן. בענס איינציקע שוועסטער, ראָזליך, אַן עלטער מיידל, אַ לערערין אין אַ שטאָט־ישן קאָלעדזש, האָט געהאַט איין ענטפער אויף אַלע זיינע דערפאָלגן: „דו ביסט מזלדיק, מיין ברודער, פּשוט מזלדיק!" ביי זיך האָט זי אָבער געוווסט, פּונקט ווי די אַנדערע אין דער משפּחה, אַז ס'איז נישט אַזוי. זיינע אַנאַליטישע פעיִקייטן, געירשנט פון פאָטער און זיידן, וועלכע האָבן געשאַרפט זייערע מוחות אויף די בלעטער פון דער גמרא, האָט ער פאַרווענדט אין די פּיל־פאַרנעמיקע געשעפטן. ווען ס'איז אַוועק אַ טאָג אין „סטאַטוס קוואָ", האָט ער געפילט ווי אַ טאָג איז אים פאַרלאָרן געגאַנגען...

בען אַשוויל האָט פּלאַנירט די מערסטע אונטערנעמונגען, און זיינע שותּפים האָבן דורכגעפירט די פּראַקטישע אַרבעט. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם תּלמודישן פּאַרזאַג: „גדול המעשה יותר מן העושה" (גרעסער איז דער וואָס מאַכט אַנדערע צו טאָן!) ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן אויף אַ פּאָר שעה אין אָפיס, אַ שמעק טאָן צי אַלץ איז בסדר און — נישט ווערן... זיינער אַ פאַרגעניגן איז געווען — אַ באַזוך מיט אַדעלן צו אַ קונסט־אויסשטעל, אַ קאָנצערט, צו „פאַר־לאָרן ווערן" אויף אַ פּאָר טעג ערגעץ אין אַ רעזאָרט. צוויי מאָל אין יאָר האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן מיט איר אויף לוסטרייזעס. אַדעל, וואָס האָט זיך נישט גערן געשיידט מיט איר היים, האָט אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן: „וואָס וועסטו טאָן, מיין מאַן, ווען ס'וועלן זיך דיר אויסלאָזן די אַלע לענדער"?

„וועלן מיר אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי"! — האָט ער געענטפערט מיטן ענטפער פון דורות־יידן, ווען זיי האָבן פאַרענדיקט דעם ספר „דברים". מ'האָט געהאַט דעם מאָדנעם איינדרוק, ווי גערן ער האָט מענטשן, איז דער באַגער ביי אים צו זיין וואָס ווייטער פון זיי — אַ מאָל נאָך שטאַרקער...

בען אַשוויל האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אין פלוג צוויי היפּוכ־דיקע כאַראַקטערן, נעמלעך — דעם פּראַקטיש־אויסגערעכנטן בר־נש, און דעם בעל־חלום, וואָס קאָן פלוצעם פאַרכאַפּט ווערן פון אַ קונסט־ווערק, פון אַ לאַנדשאַפט, פון אַ זונפאַרגאַנג...

ווען ס'האָט זיך דערנענטערט דער זומער האָט אַשוויל, צו אַלע־מענס חידוש, אָפּגעלייגט זיין נסיעה אויף שפּעטער. אַ נייער שטראָם קובאַנער אימיגראַנטן האָט פאַרפלייצט דעם פלאָרידער האַלבאינדזל, דער עיקר — די עיר הבירה. דאָס הייזערבוי איז זיך צעוואַקסן, האָט באַקומען אַ רעשיקן אימפּעט, ס'איז געווען מאָדנע צו זען, ווי אַ שטילע אַמעריקאַנער פּראָווינץ־שטאָט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ האַוואַנאַ־מאָדעל, מיט פאַרוויל־פּלעצער און קאַפע־רעסטאָראַנען, פון וועלכע עס טראָגן זיך שאַרפע, בייסיקע ריחות פון זייערע שפּייזן, ווי דער שטאָט־צענטער האָט פאַרטריבן דאָס היגע לשון, און אין דעם רוב קראָמען קנאַלט דאָס שפּאַניש, וואָס ווערט גערעדט, ניין! „געשאָסן" ווי פון אַ מאַשינביקס אויפן שכנישן אינדזל.

ס'איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז געראַטעוועט פון קובאַ האָט זיך דער פאַרמעגלעכער מענטש און ער האָט באַנייט זיין לעבן אויף דער פרעמדער ערד אַ סך לייכטער און שנעלער ווי אַנדערע עטנישע גרופּן, אַוודאי צוליב קלימאַטישע תנאים און נישט ווינציקער האָט געווירקט די פריינדלעכע סביבה, וואָס האָט אים געהאָלפן אין דעם פּראָצעס.

אין אַשווילס קאַבינעט זענען געווען אַצינד פאַרקליבן די שות־פים: אָנגעזעענע אַרכיטעקטן און אַ צאָל לייט מיט בוי־דערפאַרונג. דער מדובר האָט זיך געדרייט אַרום דעם ענין ווי צו געווינען דעם נייעם קליענט, וועלכער הילט זיך אין אימיגראַנטישע נויטן און פאָ־דערט טוריסטישע לוקסוסן; ביי ווען עס פעלט די ווערט פון אַ וואָרט, און דער „מאָרגן" קאָן אויך זיין ביי אים מיט עטלעכע טעג שפּעטער. אויסהערנדיק אַ פּאָר שעה אָפּט סותרדיקע מיינונגען, האָט אַשוויל זיך אָפּגערופן: „די לאָגישע זאַך וואָלט געווען, ווען מיר גיבן איבער די דירעקטע פאַרהאַנדלונגען מיט יענע לייט צו אַזוינע, וועלכע אָריענטירן זיך בעסער אין זייער אַרט לעבן און פירונג, מיט אַנדערע ווערטער, צו מענטשן פון זייער אייגענער סביבה, אָבער מיט אַ לאַנגער איינגעזעסנקייט דאָ אין לאַנד".

מיטאַמאָל האָט אים געלאָזט וויסן זיין פּריוואַטע סעקרעטאַרין, אַז איינער אַ מאָלער פרעגט זיך נאָך עקשנותדיק אויף אים און קען לענגער נישט וואַרטן. אַשוויל האָט, צו אַלעמענס איבערראַשונג, אים געהייסן אַריינגיין. און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ דין־אויסגעצויגענער פאַרשוין מיט לאַנגע האָר און מיט אַן „אָנקל סעם" בערדל. אין האַנט

האָט ער געהאַלטן אַ פֿאַרדעקטן לייוונט און האָט צעטראָגן געשוויגן.

— וואָס קאָן איך טאָן פֿאַר אייך?

דער גאַסט האָט מיט ציטערדיקע פֿינגער באַפֿרייט זיין בילד פֿונעם טוך. ער האָט דערמאָנט אַ נאָמען וואָס האָט אים רעקאָמענ־דירט צום אַדוואָקאַט און געוואַרט. אַשוויל האָט לאַנג באַטראַכט דעם פּרעמדנס אַרבעט: — אונטער אַ לויטערן הימל האָבן זיך געשפּרייט פֿעלדער מיט אויפֿגעגאַנגענער תבואה. דאָ און־דאָרט האָבן זיך געזען איינציקע ביימער באַלאָדן מיט געדיכטע בלעטער.

די געסט, וואָס האָבן די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען די פֿיינדלעכע בליקן פֿונעם אומגעריכטן אַריינדרינגער, האָבן נישט אַרויס־געוויזן די מינדסטע פֿאַרשטענדעניש און אַוודאי נישט דעם קלענסטן אינטערעס פֿאַר אים, דער באַלעבאָס האָט אַרויסגעטראָגן זיין פּסק־דין:

— ס׳טוט מיר לייד, נאָר איך קען אייער בילד נישט קויפֿן.

— פֿאַר וואָס? — האָט דער אומבאַקאַנטער קינסטלער געפֿרעגט, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע אין צימער פֿרעגן, אָן אַ פֿאַרוואָס, די זעלביקע פֿראַגע.

— אייער קינסטלערישע אינטואיציע האָט אייך געמעגט אונ־טערזאָגן, — האָט דער אַדוואָקאַט אים געגעבן אַ לעקציע אין מאָלע־רישער טעכניק: — ווי שטיל דער דרויסן זאָל נישט זיין, וועלן אין אָפֿענעם פֿעלד די זאַנגען זיך באַוועגן, און ביי אייך, מיין פֿריינד, שטייען זיי גלייך, ווי אויסגעמושטירטע סאָלדאַטן! ווען דער מאָלער איז אַרויס, האָבן אַלע פֿרייער אָפּגעאָטעמט און מ׳האָט זיך גענומען פֿאַרן איבערגעריסענעם שמועס. אָבער אַשוויל איז געבליבן זיצן אַ פֿאַרטראַכטער און אַ היפּש ביסל נערוועז. ער האָט פּלוצעם אָנגעקלונ־גען צו אַ געהילף און אים געהייסן צוריקברענגען דעם אומגעבעטע־נעם אורח. ער האָט געבעטן יענעם איבערצולאָזן זיין בילד און צום מאָלערס פֿאַרווּנדערונג אים דערלאַנגט אַ פֿון פֿריִער צוגעגרייטן טשעק.

נאָך דער אסיפֿה האָט איינער פֿון די שותּפֿים אים געפֿרעגט דעם שׂכל פֿון זיין סתּירותדיקער האַנדלונג: — ווי קומט עס, בען, וואָס איר האָט אַזוי שנעל געביטן אייער מיינונג?

ער האָט געענטפֿערט קוקנדיק אין זייט: — איך האָב באַמערקט ביים אַרויסגיין דעם מצב פֿון זיינע שיך...



שפּעט אין מאַי זענען געקומען אַשווילס צוויי זינדלעך אַהיים,

אויף זומער־אַרבעט. זיי האָבן שטודירט אין צוויי באַזונדערע הויכ־שולן אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד. דער ייִנגערער, קלמן, וועמען אַלע האָבן גערופן „קאַל" איז געווען פעיִק, שאַרפזיניק און אַגרעסיוו. ער איז געווען אַ געוויסע צייט פאַרכאַפּט פון דער טעאָריע פון „ביוקלעאַרע פיזיק". נישט געקוקט אויף זיינע יינגע יאָר האָט ער גערעדט ווי אַ באַיאָרנטער און געוווּסט פון אַ סך סודות, וואָס אַזאַ בר־נש איז גענייגט צו וויסן. דער פאָטער האָט אים געהאַלטן וואָס ווייטער פונעם ברודער. הגם מיט אַ פּאָר יאָר עלטער, איז ער געווען אונטער דעם ייִנגערנס השפּעה...

אַרבעטן אין די זומער־חדשים איז געווען אַשווילס איינפאַל. אויך ער אַליין איז געווען אַלס סטודענט באַשעפטיקט וואַקאַציע־צייט און אסור צי ס'האָט אים געשאַדט. אָבער ווער וואָלט זיך עס פאָרגעשטעלט די צוויי זאָלן ווערן אַזוי צוגעזאָגטן צו פיזישער מי? אמת, ס'איז דעמאָלט געווען אַ דוחק אין אַרבעטס־הענט און מ'האָט גוט באַלוינט.

דער פאָטער איז דערגאַנגען דורך זייטיקע, אַז זיינע זין ווילן אויפגעבן דאָס לערנען. זיין פאַרדראָס איז געווען אין־לשער. מילא דער עלטערער, דעני, האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין צו גרויסן חשק. אָבער אויף קאַלן האָט ער געלייגט גרויסע האָפענונגען. ער איז געווען אַ נאָמען נאָך זיין זיידן, „ר' קלמן דיין פון טשערנאָביל". דאָס וואָס דער זיידע האָט דערגרייכט אין דער פרומער סביבה, האָט דער פאָטער געהאָפט, וועט זיין זון באַווייזן אין דער וועלט פון וויסנשאַפט.

די צוויי בחורים זענען געזעסן אין אַשווילס קאַבינעט צוגעגרייט מיט אַ שלל אָפּשלאָג־טענות. עס איז אָבער צו דעם נישט געקומען. יענער האָט גערעדט וועגן אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט וועגן זייער לערנען. דער פאָטער, האָט ווי דרך אגב, זיי דערציילט וועגן זיינע סטודענטישע יאָרן, וועגן די שכנישע יונגען, וועלכע האָבן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין ספּאָרט, וועגן קאָרייער־קריג, ווו זיי און ער זענען מאָביליזירט געוואָרן, און ווען מען איז ענדלעך אַרויס פון דער אַרמיי, איז פאַר אַ סך פון זיי געווען שווער צו געפינען עפּעס אַ טווּנג, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין פאַך און נישט קיין בילדונג, און זיי זענען אַוועק אויף שוואַרצע אַרבעט, צוערשט האָבן זיי גוט פאַרדינט, אָבער דערנאָך האָט מען זיי אָפּגעזאָגט, און זיי האָבן געליטן נויט און דחקות...

— איר זייט שויןביידע דערוואַקסענע מענטשן! — האָט אַשוויל איבערגעריסן און האָט אָנגעשטעלט אויף זיי זיינע גרויסע, ליכ־טיקע אויגן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרענדיקן מיט זייער צוויבער זיין אַרגומענטאַציע. — איך וויל אייך נישט געבן קיין עצות. אָבער איין זאַך וויל איך איר זאָלט מיר צוזאָגן —
— מיר וועלן צוזאָגן, פּאַ! — האָט זיך גלייך אָפּגערופן דעני.
— און דו שוויגסט, קאַל?
— איך... — האָט דער יינגערער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. — וויל צוערשט הערן אויף וואָס דו דאַרפסט מיין צוזאָג...
— הערט! — האָט דער פאָטער געזאָגט אַן ערנסטער. — אַ מענטש, ווי איר שטויסט זיך אָן, לעבט נישט אייביק, איז כּל־זמן איך דריי זיך נאָך אום אויף דער דאָזיקער ערד, וויל איך אייער וואָרט, אַז איר וועט פאַרזעצן דאָס לערנען אָן איבעררייסן, סיידן אין די זומער־מאָנאַטן. נאָך מיין אַוועקגיין — קאָנט איר טאָן ווי אייך געפעלט. גיט איר מיר אייער צוזאָג?
אויף אַזאַ איינשטעל איז אַפילו קאַל איינגעגאַנגען, ווייל אין זיינע, ווי אין די אויגן פון זיינס גלייכן, איז אַ מענטש פון פופציק שוין באַטראַכט געוואָרן ווי אַ באַיאָרנטער...
ווען די צוויי בחורים זענען אַרויס, האָט זיך בען אַשוויל אויפ־געהויבן אין זיין גאַנצער גרויס פאַרן קעגנאיבערדיקן שפּיגל און איז געבליבן שטיין אַ לענגערע צייט פאַרקוקט אויף זיך. די לעצטע רייד צו די קינדער האָבן אָנגעוויזט אַן אומעט אויף אים. דער שפּיגל האָט דווקא געוויזן אַ ביז גאָר געזונטן בר־נש מיט שאַרפע באַגערן און לעבסנלוסטן כאָטש, ווי שוין דערמאָנט, שטאַרק איבערוואָגיק. אים האָבן זיך דערמאָנט די ווערטער פונעם דאָקטאָר, זיינער אַ פּער־זענלעכער פריינד, בעת זיין לעצטן באַזוך ביי אים: — „בען, האָסט אַ האַרץ פון אַן אָקס, זיי מוחל פאַרן פאַרגלייך! אויב עס קאָן טראָגן אַזאַ שווערן גוף ווי דיינעם"...
אַדעל איז אַריין אין קאַבינעט. הגם זי איז תּמיד געווען פאַר־כאַפּט פון פאַרשיידענע סוזשעטן, אימאַזשן, עטיודן, האָט אַצינד דער גורל פון אירע צוויי יינגלעך זי שטאַרק באַאומרויִקט:
— נו, וואָס האָסטו אויסגעמאַכט מיט קאַלן? — האָט זי געפרעגט וויסנדיק, אַז מיטן עלטערן איז גרינגער דורכצוקומען. ער האָט איר דערציילט פון זיין איינפאַל און ווידער איז אים באַפאַלן דער פריִער־דיקער אומעט. אויך אַדעל האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם פון זיין

ענטפער. און זי האָט פּלוצעם געזאָגט: — „בען, האָסט געדאַרפט אומבאַדינגט פאַרלירן אַ ביסל וואָג״!...

די שוועסטער, וואָס האָט געוווינט אין אַ פאָרשטעטל, נאָענט צום קאָלעדזש, ווו זי איז געווען אַן אינסטרוקטאָרין פון דער ענגלישער ליטעראַטור, האָט אים איין מאָל אָפּגערופן אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, אַז זי האָט זיך באַקאַנט מיט אַ מעדיצינער, וואָס ווייסט פון אַ מעטאָד, וואָס קאָן רעדוצירן וואָג. דאָס ווערט נישט געטאָן, פאַרשטייט זיך, איבער נאַכט. עס פאָדערט זיך צייט, אַ סך צייט. ס׳איז אויך נישט אָפּהענגיק אין גאַנצן פון דער דיעטע. ס׳איז אַ קאָמבינאַציע פון פיל זאַכן: פון וויטאַמינען, שפּייז און איבונגען. די דיעטע רופט אַרויס ביי איר אַ געלעכטער! ווער האָט עס געהערט מ׳זאָל עלימינירן פון דער מעניו פרוכטן און גרינסן?

בען איז געווען באַזאָרגט, וואָס די שוועסטער איז נישט פאַר־הייראַט. אמת, זי האָט אויסגעזען יוגנטלעך. די פערציק יאָר האָבן זיך נישט אָנגעזען אויף איר. די קאָלעדזש־אַדמיניסטראַציע האָט, צוליב דעם דוחק אין לערער בשעתם, פאַרקוקט איר דעפעקט און זיך געהאַלטן מיט איר...

בכדי צו דערמוטיקן ראָזאַלין און איר עקספּערימענט, האָט בען אַשוויל צוגעזאָגט אויסצופּרוּוון דעם מעטאָד. ער האָט זיך צוערשט געהיט מיט יעדן ביסן און ווען ער איז פאָרט געבליבן ביי דער זעלביקער וואָג, האָט ער אים לסוף פאַרוואָרפן. דערצו האָט אים אויסגעפּעלט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזאַ „קלייניקייט״. אין יענע טעג זענען אויפגעשטאַנען קעגן אים זיינע קאָנקורענטן. עטלעכע בוי־פירמעס האָבן זיך פאַראייניקט טאַקע אונטערן נאָמען „פאַראיי־ניקטע בויערס״. זיי האָבן פאָרגעלייגט די קויפערס גינסטיקערע באַדינגונגען, באַקוועמערע וווינונגען, פאַרשיידענע אַטראַקציעס. זיי האָבן פאַרפּלייצט מיט זייערע רעקלאַמעס די גאַנצע מעדיאַ: ראַדיאָ, טעלעוויזיע, די וויכטיקסטע פּובליקאַציעס...

די אַשוויל־שותפים זענען געווען אַלאַרמירט. ס׳האָט זיך געפּאָ־דערט אַ שנעלע האַנדלונג, און דאָ האָט זיך דער „טשיף״, ווי אויף צו להכעיס, שוין צוויי טעג נישט געוויזן אין אָפיס. אויף די אָפטע טעלעפאָנישע אָנפראַגעס, האָט אַדעל אומוויליק און אומגעדולדיק געענטפערט, און אויף די באַזוכן פון די שותפים, האָט זי קאַטעגאָריש פאַרלייקנט די ערנסטקייט פון זיין קראַנקייט, כאָטש ער איז שוין

דעמאָלט געווען טעג אין שפּיטאָל. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רעכטע לונג פונקציאָנירט נישט ווי געהעריק און מען וועט אים מוזן אָפּערירן...

אַ חודש נאָך דער אָפּעראַציע האָט זיך אַשוויל באַוויזן אין אָפיס, ווי גאָרנישט וואָלט געשען. ס׳איז געווען אַ גרויסע איבערראַשונג פאַר אַלעמען. און היות ווי ער האָט מיט גאָרנישט מרמז־געווען וועגן דער סיבה פון זיין לאַנגן אויספעלן, הגם דאָס רוב איז שוין געהאַט דערגאַנגען די סיבה, האָט מען נישט איבערגעפרעגט.

דער „טשיף״ האָט גלייך פאַררופן די שותפים צו אַ קאָנפערענץ וועגן דעם „אַנגעווייטיקטן״ פּראָבלעם. ער האָט פאָרגעלייגט אויפ־צושטעלן בנינים פאַרן שוואַרצן קליענטעל אויפן באָדן, וואָס גרע־נעצט זיך מיטן אייפערדיקן קאָנקורענט. די דירות זאָלן זיין געבויט פאַרן גוטס און געשמאַק פונעם נעגערישן באַווינער, דאָס הייסט, מיט היימיש־שמאָלע געסלעך, מיט קעגנאיבערדיקע אַריינגאַנגען, בכדי דער טומל און געפּילדער פון זייער קליינוואַרג זאָל זיין וואָס גרעסער און קאָנצענטרירטער, און זאָל האָבן אַ פּעולה אויף די שכנישע קאָנדאָמיניומס. יענע וועלן זיך לסוף צעלויפן און קיין נייע בעלנים וועלן נישט צוקומען...

אַשווילס פּראָיעקט האָט נושא־חן געווען, און מען איז צוגעטראָטן אים צו פאַרווירקלעכן. און דווקא דעמאָלט ווען די פירמע האָט גע־נומען ווייזן וויטאַליטעט, נייעם כוח און איינפאַלערישקייט, האָט מען אַשווילן געדאַרפט אָפּערירן אויף דער צווייטער לונג.

ס׳האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אַ שווערער וואָלקן אויף זיין היים, אויף דער פירמע. אַצינד איז שוין פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז דער „טשיף״ איז אַ חולה־מסוכן. עס זענען אַוועק טעג. אַשוויל איז געלעגן אין אַ שפּיטאָל אין דער קאַנסער־אָפּטיילונג, איזאָלירט פון דער וועלט, אָפּט ליידנדיק טיפע ווייטיקן און יסורים. ערגעץ אין לאַבאָראַטאָריעס האָט מען יאָרן־לאַנג עקספּערימענטירט מיט בלוט־פּלאַזמעס. ס׳איז איצט געווען די מיינונג פון ספּעציאַליסטן, אַז משפּחה־גלידער זאָלן לאָזן אַנאַליזירן זייער בלוט, אפשר וועט מען געפינען אין זייערע ווייסע צעלן דעם סערום, וואָס אימוניזירט, וואָס האָט אין זיך דעם כוח צו פאַרהאַלטן דעם פּראָגרעס פון אָט דעם מין אכזריותדיקער קראַנקייט.

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון פאָרענישן, פּינקטלעכער, פון פליִענישן פון נאָענט און פון ווייט קיין קאָלאָמבוס, אָהייאָ, ווו

אַזאַ לאַבאָראַטאָריע געפינט זיך. צוערשט זענען אַוועק אַהין אַדעל, די מוטער, ראָזאַליק, און זיי האָבן נאָכגעפאָלגט די צוויי זינדלעך. אין גיכן האָבן זיך דאָרטן באַוויזן די שותפים, פריינד און אַפילו געוויסע קליענטן...

און ס׳איז אָנגעקומען די צווייטע טייל פון דער סדרה, נעמ־לעך — דאָס פיינפולע וואַרטן אויף די רעזולטאַטן. יעדעס שטיקל נייעס פון יענער שטאָט, איז געווען געבונדן מיט אַ פלאַטערדיקן אומגעדולד און מיט אַ האַרץ־קלאַפעניש, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין גרענעץ...

ס׳האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט, צו אַלעמענס חידוש, אויף קאַלם סערום. פאַר בען אַשוויל איז עס געווען סימבאָליש! ער האָט זיך דערמאָנט אויפן קראַנקן בעט, ווי ער פלעגט אַמאָל צופירן דאָס יינגל קליינערהייט צום זיידנס פאָרטרעט און אים אָנווייזן אויפן פאַטריאַרכאַלן געשטאַלט מיטן ברייטן, לומדישן שטערן, מיט דער לאַנגער, גרויילעכער באָרד, פאַרענדיקט מיט אַ שפּיץ און זאָגן: — „זעסט, מיין קינד, אָט דער מאַן האָט אין זיך אַ גרויסן כוח, אָבער מען דאַרף זיין דערוואַקסן אים צו פאַרשטיין״!...

אַוודאי האָט עס דער קליינער נישט פאַרשטאַנען! אָבער דאָס אָפּבילד פונעם גרייז־גרויען זיידן איז אים געבליבן שטעקן אין געדעכעניש, אים צייטנווייז פאַרפאָלגט, געשראָקן, און גערייצט...

ווען ער איז אונטערגעוואַקסן האָט ער, ווי אָפּטוענדיק עמעצן אויף צו להכעיס, גערנער פאַרבראַכט מיט גאַסן־יינגלעך. ער האָט זיך מער געפונען אויסערן קלאַס און זיך איינגאַנצן פאַרלאָזן אויף זיין אינטויִציע, פאַרנאַכלעסנדיק די גרונט־לימודים אין שול...

ער האָט ערב דער אָפּעראַציע פּלוצעם גערופן צו זיך אין שפּי־טאָל איינעם פון זיינע שותפים און האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, מ׳זאָל זיך אָפּהאַלטן פון דורכפירן דעם ערשט־דערמאָנטן בוי־פּראָיעקט, ביז ער וועט זיך אומקערן אַהיים, און דערנאָך וועט מען ווייטער זען...

ווען די צוויי בחורים זענען אַריין מבקר־חולה זיין דעם פאָטער, האָט אַשוויל געזען ביים עלטערן שרעק, מיטלייד, פאַרלאָרנקייט; קאַל האָט געהאַלטן פאַרבאָרגן זיינע געפילן. ס׳איז געווען אַ חשד, אַז ער וואַרט אומגעדולדיק אויף איינצומאָנען זיין „וועקסל״. אָבער אומגעריכט האָט ער זיך אָפּגערופן: „פּאַ, אויב עס קאָן דיר העלפן געזונט־ווערן און טאָמער אַפילו, חלילה, נישט — האָט ער געהאַלטן

אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, — „גיב איך דיר מיין וואָרט, אַז איך וועל פאַרזעצן דאָס לערנען״ !...

דעני האָט זיך געאיילט אונטערצוהאַלטן דעם ברודער: — פּאַ, מיר וועלן ביידע דערפילן דיין ווונטש — האָסט אונדזער צוזאָג!

דער פאָטער האָט קוים, קוים געשמייכלט צו זיינע ייִנגלעך, און וואָלט ער געוועזן ביי אַ בעסער געמיט, וואָלט ער זיי אויסגעדריקט אויף עפּעס אַן אופן יישר־כוח. ער האָט אויך געהאַט אַ געפיל פון טיפער דאַנקשאַפט צו יענעם פאַרהייליקטן געשטאַלט פונעם ווייטן עבר...

# אַ ייִנגל מיטן נאָמען דזשאָי

ווען די פינף־און־צוואַנציק יאָריקע סוזאַן האָט פינף יאָר נאָך דער חתונה נישט מזכה־געווען איר טאַטן מיט אַן אייניקל, האָט איר אומגעדולדיקער פּאָטער, סעמועל פרידמאַן, אַ צוריקגעצויגענער אַד־וואָקאַט, איר געעצהט צו באַזוכן אַ ספּעציאַליסט. דער דאָקטאָר האָט זי נאָך אַ גרינטלעכער אונטערזוכונג געלאָזט וויסן, אַז צוליב געוויסע אינערלעכע שטערונגען, קען זי קיין קינדער נישט האָבן.

דעם אמת געזאָגט, האָט נישט זי און אַוודאי נישט איר מאַן, הענרי קאָרנבליט, דעמאָלט געזאָרגט וועגן אַזאַ ענין. ער האָט נישט לאַנג צוריק גראַדויִרט פונעם דענטיסטן־קאָלעדזש, און איז געווען פאַרנומען איבערן קאָפּ מיטן איינאָרדענען זיך אין אַן אייגענעם קאַבינעט.

פאַרדאגהט זענען גראָד געווען סוזאַנס עלטערן, דער עיקר — דער פּאָטער. ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז הגם זיין בת־יחידה איז אי חנעוודיק, אי קלוג, וועלן אָט די מעלות נישט קענעןביישטיין די נסיונות, אויף וועלכע דער יונגער ציין־דאָקטאָר וועט זיך אָנ־שטויסן אין זיין פּראַקטיק. געוויס, אין גאַנצן באַוואָרנט קען מען אַפילו מיט קליינוואַרג אויך נישט זיין, אַ פּשיטא נאָך אָן זיי. האָט ער געגומען איינרעדן דעם יונגן פּאָרפאָלק צו אַדאָפּטירן אַ קינד. מיט דער טאָכטער האָט ער נישט געהאַט קיין שוועריקייטן. זי האָט פאַרמאָגט געגוג פרייע צייט און זייער אָפּט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיך. דעם פאַרהאַוועטן איידעם האָט ער דרך־אגבדיק אָנ־געוווּנקען, אַז פאַר אַ יונג ווייבל איז געזינטער צו האָבן עפּעס אַ טוונג... און וואָס ס׳איז שייך די אַדאָפּטירונג, האָט ער אים באַ־רוּיִקט, וועט ער פינאַנסירן פון זיין אייגענער קעשענע.

הענרי איז געווען גערירט הלמאי דער שווער אַליין האָט אים אָנגעוויזן מיט דינע רמזים אויף אַ מעגלעכער סיטואַציע, דערצו נאָך וויל ער אַליין לייזן אַזוי גרויסמוטיק די דילעמע. בקיצור — ער האָט געגעבן זיין הסכמה.

דאָס אַדאָפּטירטע ערשט־געבאָרן עופהלע האָט אַריינגעבראַכט אַ היפּש ביסל פרייד אינעם לעבן פונעם פּאָרפאָלק און היות, ווי דער דענטיסט איז שוין דעמאָלט געווען, מער־ווייניק, איינגעזעסן אינעם געגנט און זיין קליענטעלע איז געוואַקסן, האָט מען די הצלחה צו־געשריבן צום ניי־צוגעקומענעם גליד אין דער משפּחה. דער עלטערער פריד האָט געהאַלטן, אַז די מצווה פון געבן אַ היים אַן אומגעוואָלטן קינד איז גרויס, און די געטלעכקייט באַלוינט דערפאַר מיט דער פולער האַנט.

יאַקי אָדער יעקב, ווי מ׳האָט אים גערופן נאָך העגריס פאָטער, האָט געהאַט בלויע אייגעלעך און אַ חן־גריבעלע און להיפּוך צום רוב קינדער איז ער געווען שטיל און האָט זעלטן געוויינט. די יונגע פרוי איז געווען אַנטציקט און זיך נישט געקענט אָפּלויבן פון אים. און זי האָט צו זיין געבוירן־טאָג אויסגעדריקט אַ ווונטש אים מהנה־צו־זיין מיט אַ שוועסטערל. און מיטן מיידעלע, איז זי זיכער געווען, וועט איר הויזגעזינד זיין פאַרפולקאָמט. איר מאַן האָט סקעפּטיש געשמייכלט, אָבער איר טאַטע האָט גענומען זייער ערנסט איר פאַר־לאַנג. ער האָט זיך געווענדט צו דער אַגענטור. אָבער דאָס מאָל האָבן זיך די פאַרהאַנדלונגען פאַרצויגן און ביזן לעצטן טאָג כמעט איז מען נישט זיכער געווען פון וואָס פאַר אַ געשלעכט דאָס נפשל וועט זיין. און ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז אַ ייִנגל, איז סוזאַן געווען שטאַרק אַנטוישט. זי איז אַפילו געוואָרן היסטעריש. און ס׳האָט געהאַלטן דערביי, זי זאָל אים צוריקווייזן. אָבער דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט אירע עלטערן און נישט דערלאָזט, זי זאָל אַזאַ עוולה באַגיין קעגן אַ הילפלאָז עופהלע. אגב, האָט מען איר קלאָר געמאַכט, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך בעלנים היינט אויף קליינוואַרג און מען קען נישט זיין צו איבערקלייבעריש...

דאָס צווייטע ייִנגעלע איז געווען, אין פאַרגלייך מיטן ערשטן, לחלוטין אַנדערש. ס׳האָט דווקא אַ סך געוויינט און אַפילו געשריען און נישט געלאָזן גאַנצע נעכט די מוטער רוען. און וואָס איז שייך זיין אויסזען, איז נאָך פרי געווען אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג. הגם ס׳איז אָנגענומען, אַז אַ קינד איז, בדרך־כלל, אַ פּראָדוקט פון דער סביבה, טאָר מען, פאַרשטייט זיך, נישט גרינגשאַצן זיין אָפּשטאַם...

ווען דאָס יאַטל איז געוואָרן דריי יאָר, האָט די יונגע פרוי גענומען מערקן אין אים שטריכן, וועלכע האָבן זי שטאַרק באַ־אומרויִקט, נעמלעך — אַן אומגעווויינטלעכן כעס, ביז קריצן מיט די

ציינדלעך, אויב מ׳האָט נישט גלייך דערפילט זיין באַגער. און אַן אומגעוויינטלעכן נייגער, וואָס מען זעט אַפילו ביי קינדער זייער זעלטן. און וואָס עלטער ער איז געוואָרן אַלץ בולטער און אָפטער האָבן זיי זיך אַנטפּעלקט ביי אים...

איינמאָל בעת סוזאַן האָט זיך געהאַלטן אין איבערטאָן אין איר צימער, האָט זי פּלוצעם דערזען דעם תכשיטל אין אַריינגאַנג. ער איז דעמאָלט געווען אַוודאי אַ יאָר זעקס. ער האָט זי באַטראַכט, ווי איר האָט זיך געדאַכט, מיט מאָדנע, נישט קינדישע בליקן. זי האָט איילִיק אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ קלייד און פאַרמאַכט די טיר. ער האָט זי אויפגעפּראַלט מיט רוגזה און זיך צעגוואַלדעוועט. סוזאַן האָט נישט פאַרשטאַנען זיין מוראדיקן אויפברויז. זי האָט געפּרווט אים איינגעמען מיט גוטע רייד, אים געגלעט, געקושט. און ווי ער וואָלט נאָר אויף דעם געוואַרט, האָט ער זיך איינגעקלאַמערט אין איר, ווי אַן אינסעקט, און זיך נישט געלאָזט אַזוי גיך אָפּרייסן...

אין אָוונט, ווען די ברידערלעך זענען געשלאָפן, האָט זי דער־ציילט איר מאַן וואָס ס׳איז געשען. הענרי האָט עס דיסקאָנטירט צו נול: — „קאַפּריזן פון אַ קינד"! און ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אירע עלטערן וואָס זענען גראָד געווען דערביי, און האָבן אויפגענומען איר שילדערונג יעדער מיט אַן אַנדערן אויסטייטש — די מוטער, אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין, האָט געמיינט אַז דאָס יינגל נייטיקט זיך אין מער צערטלעכקייט, אין מער ליבשאַפט... און דער ביבל־געניגטער סעמועל פריד, וואָס האָט שוין אַ צייט גערופן כלומרשט אויף שפּאַס דאָס פאַרשייטע איינקל — „עשול", (זיין אמתער נאָמען איז געווען יוסף, פאַרענגלישט אויף דזשאָי, אַ נאָמען נאָך פרידס אַ לייבלעכן ברודער). האָט אַצינד ביי דער געלעגנהייט זיך אָפּגערופן:

— דיר, מיין טאָכטער, איז באַשערט צו האָבן אין דיין הויז דעם ביבלישן „צווילינג", כאָטש דו האָסט אים נישט געבראַכט אויף דער וועלט, און נישט „ער" איז באמת אַ צווילינג... און הגם ער האָט עס געזאָגט אין אַ לייכטן טאָן, זענען אַלע מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט...

נאָך עטלעכע מינוט פון שווייגן, האָט סוזאַן געפרעגט ביים מאַן: — מיינסטו נישט, הענרי, אַז ס׳איז צייט, מיר זאָלן אויסזאָגן די קינדער, אַז זיי זענען אַדאָפּטירטע?

— ס׳איז בעסער, ווי זיי זאָלן זיך עס דערוויסן פון פרעמדע. —

איז הענרי מסכים געווען. ביי די ווערטער איז סוזאַן צוגעגאַנגען צום קינדער־צימער. זי האָט זיך אַ רגע צוגעהערט און האָט זיך אומגע־קערט אויף איר אָרט.

— און איך מיין, — האָט געזאָגט דער שווער — אויב איר ווילט הערן, פאַרשטייט זיך, מיין מיינונג, אַז ס'וואָלט גלייכער געווען דאָס נישט צו טאָן. מ'האָט זיי געבראַכט צו אייך פּיצעלעך. צוליב וואָס זאָלן זיי דורכמאַכן אַזאַ שאָק? וואָס טראַכסטו, לויזאַ? — האָט ער זיך געווענדט צו זיין פרוי.

לויזאַ האָט מאריך־געווען איר מאַנס געדאַנק, און ס'איז אויך געווען ווי אַן ענטפער צום איידעם: — ווער וועט עס זיין פאַראי̇נ־טערעסירט דאָס אויפצודעקן פאַר די קינדער? מיר, די אייגענע, געוויס נישט!

פון דעסט וועגן איז פאָרט געבליבן ביים פאָרפאָלק צו באַקענען די יינגלעך מיט דער ווירקלעכקייט, און טאָן האָט עס געדאַרפט סוזאַן. אויף מאָרגן, ווען זיי זענען געקומען פון שול, איז זי אַריין צו זיי אין צימער. זי האָט זיך צוערשט נאָכגעפרעגט אויף די לימודים, אויף זייער היימאַרבעט. און ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביים אָנרירן דעם עצם ענין, איז איר דזשאָי פאַרלאָפן דעם וועג:

— סוזי — האָט ער זי פלוצעם גענומען רופן ביים ערשטן נאָמען.
— דו האָסט אונדז צו דערציילן אַ סוד, אמת טאַקע? — און זיינע שוואַרצע, גלאַנציקע אייגעלעך האָבן זיך, צעפלאַמטע, געוואָרפן אויף איר, אָט אויף יאַקין.

— האָב געדולד, עשול! — האָט זי אים באַטיטלט מיטן צונאָמען, וואָס איר פאָטער האָט אים געגעבן... די יונגע פרוי איז געווען אויסער זיך פון זיין חוצפה און צעלאָזנקייט. זי האָט זיך אָבער אַצינד באַהערשט און האָט ווייך געזאָגט, קוקנדיק ס'רוב אין יאַקיס זייט: — איר, קינדער, זייט אונדז, דאָס הייסט, דעם „דעדי" און מיר, זייער טייער. מיר האָבן אייך ביידן ליב, ווי אייגענע קינדער און אַפילו מער! — האָט זי באַטאָנט די לעצטע ווערטער. — איר פאַרשטייט, וואָס איך וויל אייך זאָגן? זי האָט זיך געוווּנדערט, וואָס אירע רייד מאַכן נישט קיין גרויסן רושם אויף זיי.

— דו ווילסט אונדז זאָגן, סוזי, אַז דו ביסט נישט אונדזער אמתע מאַמע. איך האָב עס געוווּסט די גאַנצע צייט! — האָט ער זיך באַרימט. — און נעכטן אָוונט... — האָט ער זיך פאַרכאַפּט... איך האָב עס דיר דערציילט, יאַקי, צי נישט?

— אָבער מיך אַרט עס נישט! זי איז מיין מאַמע אַלצאיינס! — האָט אַ ציטער געטאָן זיין קול.

— נו, אַצינד, קינדער, ווייסט איר! אָבער געדענקט! מיר האָבן אייך ליב און מיר וועלן אַלץ טאָן פאַר אייך!...

— איך האָב דיך אויך שטאַרק ליב, מאַמע! — האָט זיך יאַקי געטוליעט צו איר.

ווען סוזאַן איז אַרויס, האָט דזשאָי אַ דערפרייטער געזאָגט:

— נו, איצט גלייבסטו מיר? זי איז נישט אונדזער מאַמע, זי איז בלויז אַ פרוי...

— "איי דאָנט קער!" (מיך אַרט עס נישט!) — האָט יאַקי איי־בערגעחזרט. — איך האָב זי ליב און דעם „דעדי" אויך...

די יונגע פרוי האָט זיך גענומען פילן אומבאַקוועם מיט דזשאָין און אַפילו זיך אַ ביסל שרעקן ווען קיינער איז אין הויז נישט געווען. ער פלעגט פלוצעם אויסוואַקסן אונטער אירע פלייצעס אין קיך, צי ביים נייען. זי האָט אים אויך געטראָפן זיך ראָיען ביי אירע קליידער. איינמאָל זאָגט זי צום מאַן: — איידער מען האָט געבראַכט דזשאָין, האָט מען געדאַרפט אויסגעפינען, ווער זיינע עלטערן זענען, אָדער כאָטש וויסן עפּעס וועגן דער מוטער...

— נישט אַלע מאָל קען מען עס דערגיין. פונעם פאָטער איז דאָך אָפּגערעדט. ספּעציעל וויל די פרוי בלייבן אַנאָנים. אָבער וואָס איז דיר עפּעס איצט איינגעפאַלן אַזאַ זאַך?

סוזאַן האָט אים נישט געוואָלט דערמאָנען ווידער דעם יינגלס מאָדנע שטיק. זי האָט אומעטיק באַמערקט:

— ער האָט נישט קיין אין יידישן אָדער אין זיך! — איז איר געקומען אויפן זין דעם פאָטערס אַ זאָג. — זיין פיזיאָנאָמיע איז מגושמדיק, אומסימעטריש. איבערהויפּט געפעלן מיר נישט זיינע אויגן און זיין מויל...

— סוזאַן, אַזוי רעדט מען וועגן אַ קינד, אַפילו ווען ס'איז נישט קיין אייגנס? — האָט הענרי זיך געוווּנדערט. — איך זע נישט אָט די שרעקלעכע זאַכן אין אים. די יונגע פרוי האָט דעמאָלט פאַרשריבן אין איר טאָגבוך: — „הענרי זעט נישט קיין בייז אויפן יינגל. ער זעט בכלל נישט קיין שלעכטס אויף מענטשן. איך בין אים מקנא! אָפט ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך שילדער נישט די חסרונות פונעם קליינעם דזשאָי, נאָר מיינע אייגענע. אָט דער געדאַנק שרעקט מיך און פייניקט מיך! — ווי־זשע קומט עס, וואָס איך האָב אַזוינע

ליכטיקע און ליבלעכע געפילן צו יאַקין? נישט אַנדערש, ווי דער פאָטער איז גערעכט. איך טראָג ביי זיך אין האַרצן אַן אָפּבילד פון ביידן, ווי אונדזער שטאַם־מוטער רבקה פון איר צווילינג״...

איין טאָג האָט דזשאָיס לערערין גערופן די מרס. קאָרנבליט צו זיך. סוזאַן איז געקומען אַ דערשראָקענע. זי האָט געפרעגט נאָך איידער יענע האָט עפּעס געזאָגט: — וואָס ער טשעפּעט זיך צו די מיידעלעך אין קלאַס?

— פיל ערגער! ער באַלעסטיקט די לערערינס און, לעצטנס, אויך מיך... — האָט זי אַוועקגעקוקט אין אַ זייט.

ווען הענרי האָט זיך דערוווּסט דערפון, האָט ער באַשלאָסן צו האָבן אַ „פאָטער־און־זון״ שמועס מיט אים: — זאָג מיר נאָר דזשאָי, ווי קומט עס, וואָס דו רופסט דער מאַמען ביים ערשטן נאָמען? איז דאָס נישט אַ ביסל נישט אויף אַן אָרט?

— איך האָב זי ליב! — האָט דאָס איבערגעוואַקסן ייִנגל גע־ענטפערט. — דו רופסט זי אויך אַזוי...

— זי איז נישט מיין מאַמע! — האָט הענרי אַ שמייכל געטאָן.

— זי איז אויך נישט מיינע! — האָט דזשאָי געהאַט אַ פּאַר־טיקן תירוץ.

ביים ציין־דאָקטאָר האָבן זיך געביטן די קאָלירן אין פּנים: — ס'איז נישט שיין אַזוי צו רעדן, דזשאָי! און נאָך אַ זאַך וויל איך דו זאָלסט געדענקען. האָב צו טאָן מיט דיין גלייכן! כ'מיין מיט קינדער פון דיין עלטער! האָסט מיך פאַרשטאַנען?

— איך האָב דיך פאַרשטאַנען!

אין אַ נאָכמיטאָג בעת סוזאַן האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומ־געקערט אין הויז פון אַן איינקויף, האָט זי שטיל געעפנט די טיר פון קינדער־צימער און האָט געטראָפן יאַקין פאַרטיפט אין אַ בוך. זיין ברודערל האָט זיך מסתמא פאַרשפּילט מיט חברימלעך אין גאַס. מיטאַמאָל האָט זיך דערטראָגן צו איר אַ לייכטער גערויש פון אַן אַנדער חדר. זי איז אַריין אַהין אויף די שפּיצפינגער און איז געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטע. זי האָט נישט געגלייבט אירע אויגן. דזשאָי איז געווען פאַרקליידט ווי אַ מיידעלע און זיך באַטראַכט אין שפּיגל. ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער געלאַסן געפרעגט:

— נו, סוזי, איצט וועסטו מיך אויך אַ ביסל ליב האָבן?

זי האָט געשוויגן. ס'האָט איר עפּעס גענומען קלאָר ווערן. דאָך

האָט זי זיך נישט געקענט באַפרייען פון דער אומהיימלעכקייט, וואָס ער האָט שטענדיק אַרויסגערופן ביי איר...

ביים סוף פון שוליאָר האָט יאַקי געבראַכט אַ באַריכט־קאַרטל פול מיט הויכע צייכנס. ס׳איז דאָרטן אויך געווען אַ צושריפט, אַז לפי זיין פעיִקייט און יכולת, איז ער נישט נאָר דער בעסטער תלמיד פון קלאַס, נייערט פון דער גאַנצער שול. די עלטערן האָבן נישט אַרויסגעוויזן, ווען דזשאָי איז דערביי געווען, קיין באַזונדערע באַ־גייסטערונג. זיי האָבן אויך געוואָרנט דעם באַגאַבטן יינגל, ער זאָל זיך נישט רימען פאַרן ברודער...

דזשאָי האָט אָבער געשפּירט די שטומע פייערלעכקייט אין הויז. ער האָט זי אַרויסגעלייענט פון אַלעמענס בליקן, פון די פאַרגנבעטע שמייכלען אין יאַקיס זייט. ער האָט אונטערגעכאַפּט לויבווערטער פאַר יענעם. זיי האָבן אים אויפגערעגט און אַרויסגערופן ביי אים אַ געפיל פון קליינווערטיקייט — ער האָט זיך אָנגעהערט אין שול קאָמפּלימענטן אויף זיין ברודערס חשבון. ווער עס האָט עס געטאָן פון ריינעם האַרצן, און ווער מיט שוימיקער קנאה... מיט איין וואָרט, יאַקיס נאָמען איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. און די שטעטלשע צייטונג האָט געשריבן וועגן דעם „העלד פון טאָג"...

דזשאָי האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן ווי אַזוי אָפּצוציִען דעם אינטערעס פון יענעם אויף זיך. אויב נישט ביי די לערער, איז כאָטש ביי די אייגענע אין הויז און ביי די חברים. אַ שבת, ווען יידן זענען געגאַנגען פון שול, האָט זיך אויף יענער זייט גאַס באַוויזן דאָס בחורל. ער איז געווען, ווי די מאָדע איז היינט, פאַרוואָקסן און אָנגעטאָן אין אַ קאָלירט העמדל און אין שמאָלע פּלודערן. אויפן רוקן האָט זיך ביי אים געבאָמבלט אַ העזל, וואָס ער האָט עס דערשלאָגן מיט אַ שטיין, צי מיט אַ שטעקן, און פון זיינע טריט זענען געבליבן בלוטפלעקן אויפן ברוק...

דורכן געזעמל יידן, וואָס האָט עס צוגעזען, האָט זיך דורכגע־טראָגן אַ בייז געמורמל: „ס׳איז דאַכט זיך, דעם דענטיסט קאָרנבליטס יינגערער תכשיט"! הגם מען זעט שוין היינט פיל ערגערע זאַכן ביים יונגוואַרג, איז מען געווען שטאַרק שאָקירט, באַזונדערס אַצינד, ווען דאָס שטעטל האָט ערשט געקלונגען מיטן נאָמען פון זיין עלטערן און געראָטענעם ברודער.

אין אַזאַ הילוך האָט ער אַריינגעשפּאַנט אין הויז. ס׳איז געווען מיטאָגצייט. חוץ די עלטערן און יאַקי, זענען ביים טיש געזעסן

זיידע־באָבע. דער ערשטער אימפּולס ביים פאָטער איז געווען אויפ־צושטיין און פאַרפּאַרן דעם עזותדיקן יונג אין פּרצוף אַריין. ער האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט און שטיל געזאָגט:

— דזשאָי, מיינסטו נישט, אַז דו האָסט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין שטוב אַ געוואַשענער און אַן איבערגעטוענער?

און סעמועל פריד האָט צוגעגעבן מיט געמאַכטער ליצנות:

— ער דערמאָנט מיר היינט מער ווי אַלע מאָל אין ביבלישן עשו, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון פעלד מיט זיין פאַנג...

דזשאָי האָט צעטומלט געשמייכלט, און איז פאַרשווונדן אין די אינעווייניקסטע חדרים. ער האָט זיינס דערגרייכט! קינד־און־קייט האָבן גערעדט וועגן דער געשעעניש אין אַ סך היימען. אייניקע חברים האָבן באַוווּנדערט זיין מוט און זיין „יעגערישע קונסט", אַנדערע האָבן אים באַצייכנט אַלס „שאואָף" (באַרימטער). יאַקי האָט אים שפּעטער געפרעגט:

— ווי האָסטו געקאָנט טויטן אַזאַ שיין באַשעפענישל, דזשאָי?

און יענער האָט זיך פאַר אים מודה געווען:

— ווען איך דאַרף עס טאָן נאָך אַ מאָל, וואָלט איך געשטאָרבן...

נאָך דעם ווי שווער־ און שוויגער האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז, און סוזאַן איז ערגעץ אַוועק מיט יאַקין, האָט דער פאָטער פאַרפירט אַ גערייד מיטן פאַרזינדיקטן יינגל:

— ווי וועסטו דערקלערן דיין היינטיקן אויפפיר, דזשאָי?

דאָס פאַרשוינדל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן.

— איך האָב דיך געפרעגט אַ פראַגע, האָב איך דיך?

— איך קען עס נישט דערקלערן, פּאַ! — האָט ער איינגעגראָבן די ציין אין דער ליפּ.

— זיי זיך מודה, מיין זון, אַז דו פילסט זיך שולדיק, — און ווען יענער האָט נישט געענטפערט, האָט ער ווייטער געזאָגט: — דו האָסט אונדז היינט אַלעמען פאַרשעמט, ווייסטו עס, דזשאָי?

— איך ווייס עס...

— וואָס מיינסטו דאַרף זיין דיין שטראָף?

— כ'ווייס נישט, פּאַ...

— הער זיך צו, דזשאָי! איך וועל דיר דאָס מאָל מוחל זיין, אָבער כ'וועל עס נישט טאָן אַ צווייטן מאָל! — האָט ער פאַרענדיקט שטרענג און אַנטשיידן.

און דאָ איז געשען מיטן ייִנגל אַ מאָדנע זאַך, וואָס מ׳האָט עס פֿריִער, ביי אים נישט געזען. ער איז פּלוצעם צוגעפֿאַלן צום פֿאָטער מיט אַ ביטער געוויין, פֿון וועלכן ס׳האָט זיך נישט אַרויסגעהערט קיין חרטה, נאָר אַן אָנקלאַגע קעגן אים, קעגן דער מוטער, קעגן אַלעמען...

# הײנטצײטיקע מענטשן

מילי האָט דאָס רוב געשוויגן. די מענטשן אַרום טיש, אַרום אַנדערע טישן, האָבן געשמועסט, געלאַכט, זיך געוויצלט. די באַלע־באָסטע האָט זיך אומגעטראָגן צווישן די געסט אין אַ שרײַענדיקן־רויט קלײד ביזן דיל. ס׳פּנים און די נעגל געפּאַרבט אינעם זעלביקן טאָן. עפּעס אײַנגערוימט דעם און יענעם אין אויער און האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט בײַ מילין.

די יונגע פרוי האָט זי אָנגעקוקט מיט אומעטיק־צערפולע אויגן. ס׳האָט זיך געמערקט אין זײַ אי פּאַרלאָרנקײט, אי אַן אומבאַגרײַפלעכע עקשנות. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי קאָן צו יעדער רגע אויסברעכן אין אַ היסטעריש געוויין, צי ספּאָנטאַן זיך אַ הײב טאָן פון אָרט און פאַרשווינדן, אָן אַ וואָרט אַרויסצוברענגען...

האַרט לעבן מילין איז געזעסן מאַרווין מאַרשאַל. ער האָט, ווי אַ באַיאָרנטער פּעטער, באַטראַכט מיט גלײַכגילט און גוטמוט דעם עולם. ער איז געווען אין דער בחינה פון אײנעם, וועמען מען קען שוין מיט גאָרנישט איבערראַשן. ער האָט פון דעסט וועגן געזוכט מיט עפּעס אויפצוהײטערן זײַן מיד און שלאַבערדיק געמיט און ער האָט אַ וועגד געטאָן זײַנע געדאַנקען צום אָוונט, ווען די יונגע פרוי וועט... דערווײַל האָט ער געפּירט זײַנע פינגער אויף איר גלאַטן און אײדעלן נאַקן מיט דער זיכערקײט, אַז אים, דעם גרויסן אַדוואָקאַט, וואָס האָט אויסגעביטן זײַן באַרוף אויף לאַנד־ספּעקולאַציעס און איז נתעשר־געוואָרן — איז אַלץ דערלויבט, און יעדע פרויענצימער דאַרף זיך פילן געשמײכלט, וואָס זי איז זײַן בחירה...

אָבער מילי האָט זיך דעמאָלט דווקא געשפּירט געפּאַלענער און פאַרשעמטער. און די רוגזה איז בשעתה געוואָקסן אַלץ שטאַרקער אין איר קעגן יענעם, וואָס האָט גורם געווען צו איר צעשטערט לעבן. זי האָט זיך שטילערהײט אויפגעהויבן און איז, ווי אַ רעאַקציע, אַוועק צום טישל פון דער יוגנט. די פיר יונגע־לײַט און צוויי מײדלעך, כמעט אַלע אין די צוואַנציקער, האָבן געמאַכט אָרט פאַר איר, און

נישט וויסנדיק געגוי ווער זי איז, זי באַטראַכט מיט פרעגנדיקע בליקן.

די מכניס־אורחטע, וואָס האָט נאָך מיט אַ פּאָר שעה צוריק גע־הייסן דאָראַ פינקל, האָט אַצינד נאָך דער חופּה־צערעמאָניע, וועלכע אַ רעפאָרם־ראַבאַי האָט דורכגעפירט, זיך שוין גערופן מרס. פּאָלאַק, האָט פאָרגעשטעלט פאַר איר חברטע אירע צוויי זין, מאו און אַלבערט, סטודענטן, אַריינגעפלויגן פון וויטן מערב, און איר מאַנס צוויי זין, לו און סעמי, און די צוויי מיידלעך, פּאָלי און אסתר, מיט וועלכע, האָט זי אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, זיי לעבן ווי מאַן־און־ווייב. און דאָראַ האָט צוגעגעבן שוין שטילער, מער לשם אינפאָרמאַציע, „פּאָלי איז פון פּראָטעסטאַנטישן גלויבן״.

ס׳רוב געסט האָט נאָך געדענקט דאָראַס ערשטע הייראַט מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק. מ׳האָט דעמאָלט באַטראַכט דעם זיווג פאַרן סאַמע געראָטנסטן אין דער משפּחה, ווייל יוסף פינקל איז געווען פאַרנעמיק־שיין, מיט גרויסע, בלויע, אויסדרוקספולע אויגן. ער האָט ערשט געהאַט פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פונעם שיקאַגער אוניווערסיטעט, און מען האָט אים פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. ער וואָלט מן הסתם גאָר וייט דערגרייכט, ווען נישט אַ פאַטאַלע קראַנקייט, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין קאַריערע...

דאָראַס פאָטער, אַן אינזשיניער, האָט דעמאָלט אַראַנזשירט די חתונה מיט אַ ברייטער האַנט, איז געגאַנגען אין הוצאות ביז אַריבער די כוחות, האָט אַריבערגעבראַכט נאָענטע און וייטע קרובים פון אַנדערע שטעט און זיך געמיט די הייראַט־צערעמאָניע זאָל זיין וואָס פייערלעכער, וואָס יום־טובדיקער...

מילי און איר מאַן, ד״ר פּאַול ערליך, זענען געווען לאַנג־יאָריקע פריינד מיט די פינקלס נאָך פון דער שולבאַנק. הגם דזשוליוס פינקל איז געווען אַ ביסל ייִנגער, האָט ער געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויפן דאָקטאָר, און יענער האָט זיך אָפט גערעכנט מיט זיין מיינונג.

— הלוואי וואָלט ער אַצינד געלעבט! האָט זיך ביי מילין אַרויס־געכאַפּט.

דאָראַ, וועלכע איז געווען באַרוישט פון די אָפטע שאַמפּאַניער־טאָסטן, פון אַ טאָג־אומהאַוועז, פון באַגעגענישן מיט פריינד האָט זיך נישט גלייך געכאַפּט: — „ווער״? האָט זי געפרעגט מיט אַ תמעוואַטן בליק.

ווער! — האָט זי מילי איבערגעקרימט מיט אָפענעם חוזק.

האָסט טאַקע געדאַרפט האָבן דעם גאַנצן טאַראַראַם? — האָט זי איר אָנגעקליבענעם כעס צום מאַן, אויסגעלאָזן צו דער חברטע:
— אויסגעפּוצט די חופּה מיט רויזן, דווקא מיט רויזן! — האָט זי געשוימט. — ווי דו וואָלסט געווען עפּעס אַ יונג מיידעלע. און דער־לויבט דעם ראַבאַי צו פּלוידערן נאַרישע רייד וועגן ליבע, ערע און געטריישאַפט. וואָס פאַר אַ חרפּה!...
דאָראַ איז מיטאַמאָל ניכטער געוואָרן. איר לענגלעך־שפּיציקע נאָז האָט זיך נאָך מער פאַרשפּיצט:
— מילי טייערע! דו דאַרפסט נישט רעדן אַזוי צו מיר! דו ווייסט ווי עלנט כ׳בין געווען. — האָט זי זיך פאַרענטפערט. — איך האָב נישט געקענט בלייבן מיין גאַנץ לעבן אַליין... כ׳האָב געוואַרט גאַנצע אַכט מאָנאַטן...
— אַזוי, גאַנצע אַכט מאָנאַטן! — האָט יענע זי איבערגעריסן — אָבער נישט אין דעם אַליין גייט עס! האָסט געקאָנט שטעלן שטיל אַ חופּה און נישט אויפרייסן אַלעמענס אויגן, און נאָך רופן דזשוליוסעס מוטער און שוועסטער זיי זאָלן בייזיין ווי דו קושט זיך עפנטלעך מיט דיין נייעם מאַן... ער האָט דאָך דיך אַזוי ליב געהאַט...
דאָראַ האָט אַ צייט געשוויגן. זי איז געווען צופרידן, וואָס דער עולם איז פאַרנומען ביי די טישן: — וואָס זאָל איך דיר ענטפערן, מילי? — האָט זי געוואָלט מיט עפּעס יענער קאָמפּענסירן: — הלוואי וואָלט דיין פאַול מיט זיין שיקסע געווען אויף דזשוליוסעס אָרט, אָבער מען קען דאָך נישט איבערמאַכן די וועלט..
— מען קען זי אפשר לגמרי נישט איבערמאַכן, נאָר אַ ביסעלע איידעלער קאָן מען זיי מאַכן... האָט מילי שטיל געזאָגט און זיך אומגעקערט צו איר טיש.
מאַרשאַל האָט זי קוים באַמערקט. ער האָט אַצינד געהאַט דעם אָנבליק פון אַן אַלטן, זאַטן קאָטער, וואָס קען שוין אַפילו אויף סמעטענע נישט קוקן. זיינע גרוילעכע ברעמען האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף די נאָך מער גרויערע פאותן און יענע האָבן זיך אונטן באַגעגנט מיט זיינע וואָנצעס פונעם זעלביקן קאָליר. הגם ער האָט געטראָגן טונקעלע גלעזער, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער וואָלט ליבערשט ערגעץ פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און געכאַפּט אַ דרימל...
אָבער מ׳האָט נישט געלאָזן, און נישט געלאָזן האָבן עס דאָס רוב פון די פרויען.
— מאַרשאַל! — האָט זיך אָפּגערופן ליזאַ פינקל. — איז עס

אמת אַז אייער פירמע דיסקרימינירט קעגן דעם ווייבערשן מין? האָט זי ערגעץ געצילט.

— נישט אינגאַנצן אמת! האָט דער געוועזענער אַדוואָקאַט זיך אַרויסגעדרייט פון אַ דירעקטן ענטפער. ער, וואָס האָט ליב געהאַט צו טאָן אַ מאָל אַ טובה, האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דער מיידלס גיריקייט. איר צודרינגלעכקייט. דורך זיין פּראָטעקציע האָט זי גע־קראָגן אַ שטעלע אין אַ פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע, און האָט זיך תמיד געשראָקן פאַר איר צוקונפט.

— און ווען איך גיב אַריין אַן אַפּליקאַציע? — האָט זי אים געגלעט מיט אירע אויגן, מיט איר שמייכל, מיט... — אין אָנדענק פון מיין ברודערס פריינדשאַפט צו אייך... — האָט זי אָנגעווענדט אַ לעצט מיטל.

— איך האָב הויך געשעצט דזשוליוסן, — האָט מאַרשאַל גע־זאָגט ערנסט. — אָבער איך וואָלט גערן געהאַלטן אָט די פריינדשאַפט אָפּגעזונדערט פון אַנדערע זאַכן.

מילי האָט אים זייטיק באַטראַכט מיט אַ סאַרקאַסטישער מינע.

ביים זעלביקן טיש זענען געזעסן מרס. פאָלאַקס שוועסטער און שוואָגער, גערטרוד און אַלפרעד גאַרפינקל. גערטרוד איז מיידלווייז דורכגעגאַנגען אַ נאָז־אָפּעראַציע. דער כירורג האָט זי שוין אַ ביסל געקירצט און ביי דער פרוי זענען געבליבן שטאַרק אָנגעזוזן די נאָז־לעכער. און יעדער איבעריקער קער אין איר זייט האָט איר פאַר־שאַפט עגמת־נפש...

ס׳איז צוגעקומען זיין אַכצן־יאָריק טעכטערל. זי איז נישט געווען באַזונדערס שיין. ס׳איז געלעגן אויסגעגאָסן אַן אומעט אויף איר, פונקט ווי אויף אירע עלטערן. עס זענען געווען שמועות, אַז זי האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט אַ קריסטלעכן סטודענט אויפן קעמפּוס. מאַרשאַל האָט גלייך דערשנאַפּט איר סטאַטוס און זי פאַרבעטן זיך צו זעצן. די מוטער האָט איר אָפּגעטראָטן דאָס אָרט און איז אַוועק צו דער שוועסטער.

— וואָס הערט זיך דאָרטן ביי אייך, אויפן קעמפּוס? — האָט ער אַ לעק געטאָן די אייבערשטע ליפּ. — אין מיינע טעג איז דאָרטן געווען היפּש לאַנגווייליק...

— ווי פאַר וועמען! — האָט יענע געהאַלטן איר בליק אין זייט.

— וואָס האָט איר בדעה צו שטודירן, אויב איך מעג וויסן? — האָט מאַרשאַל געפרעגט.

ווען שעראַן האָט נישט גלייך געענטפערט, האָט דער פּאָטער זיך אַריינגעמישט: — איר מוטער און איך האָבן אַ סך פּלענער פאַר איר, אָבער זיי לאָזן זיך נישט אַזוי גרינג רעאַליזירן...

גאַרפינקל, אַ לאַנג־יאָריקער סוחר פון גאָלדוואַרג, האָט געהאַט זיין געשעפט אין אַ בליענדיקן יידישן געגנט, וואָס איז אין לויף פון דער צייט דעגראַדירט געוואָרן. עס האָבן זיך אַהין אַריינגעקליבן שוואַרצע און פּאָרטאָריקאַנער, און עס איז געפאַלן די ווערט פונעם לאַנד און פון די געשעפטן אויף דער הויפּטגאַס. און בכדי צו ראַטעווען זיין אונטערנעמונג, האָט ער געדאַרפט אַריינבלאָזן אַ רוח־חיים אין איר אָדער זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער שטאָטפּערטל. אויף ביידע פּראָיעקטן האָט זיך געפאָדערט קאַפּיטאַל, גרויס קאַפּיטאַל. די בענק האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים אַרויסצוהעלפן, האָט ער געהאָפט, אַז דער „אַנגעשטאָפּטער זאַק”, ווי מ׳האָט גערופן מאַרשאַלן צווישן זיך, וועט אים געבן אַ הלוואה אויף אַ באַשיידענעם פּראָצענט:

— מר. מאַרשאַל! איך האָב ערגעץ געלייענט, אַז יעדער מענטש איז באַשטימט פון דער השגחה צו עפּעס אַ מיסיע. — האָט דער יוועליר געזאָגט — מעג איך טראַכטן, אַז אייערע איז אויסצושטרעקן אַ האַנט צו אַ נויטבאַדערפטיקן פריינד?

מאַרשאַל האָט געוווּסט, אַז די ביים טיש, ווי כמעט אַלע זיינע באַקאַנטע רייבן זיך אַרום אים צוליב זייטיקע כוונות, מחמת געוויסע אויסרעכענונגען. אים האָט עס נישט געאַרט. ער האָט גערן אויס־געהערט זייער חניפה. אָט דער אַרטיקל איז געווען דער הויפּט־געווירץ פון זיין לעבן, אויב גענוצט מיט אַ מאָס.

— קומט אַרויף צו מיר אין אָפיס, — האָט מאַרשאַל געזאָגט. וועלן מיר זיך דורכשמועסן. די אומבאַהאָלפנקייט פון פאָטער און טאָכטער האָבן אים אַ טשעפּע געטאָן, הגם יעדער פון זיי צוליב אַן אַנדער סיבה...

— איך דאַנק אייך, מר. מאַרשאַל! — האָט דער יוועליר אים געדריקט די האַנט. — און דו, שעראַן, פאַרוואָס שווייגסטו?

— דו האָסט שוין גערעדט פאַר מיר אויך. — האָט די טאָכטער געענטפערט. דאָראַס געוועזענע שוויגער, קלאַראַ פינקל, אַן אלמנה, זעענדיק ווי אַלע ווייזן אַרויס אָנערקענונג און באַוווּנדערונג צום „אַנגעשטאָפּטן זאַק”, איז אויך צוגעקומען צו אים און האָט געלאָזט אַ גליטש טאָן אירע פינגער איבער זיין שוואַך־באַדעקטן פּליך. זי איז אויך גרייט געווען אים צו באַגריסן מיט אַ פּאָר ליבווערטער און

האָט אין דער לעצטער רגע חרטה געהאַט. ליזאַ פינקל האָט באַמערקט:

— מר. מאַרשאַל! מיין מוטער האַלט פון אייך אַ — וועלט!... זי...

מאַרשאַל האָט אָפּגעמאָסטן דורך די טונקעלע גלעזער די מרס. פינקל מיט אַ כמו־שמייכל.

די נייע מרס. פּאָלאַק איז אויסגעוואָקסן לעבן גביר און האָט אים אַריינגעקוקט אין די פינצטערע אָפּגרונטן: — נו, ווי געפעלט אייך דער היינטיקער נאָכמיטאָג, מר. מאַרשאַל? כ׳מיין די צערעמאָניע? די אַראַנזשירונג?

— מיך? — האָט ער געהויבן מיט גלייכגילט די אַקסלען. — אָבער אייך געפעלן זיי זיכער! — האָט ער זי געזוכט אַ שטאָך צו טאָן. מאַרשאַל און דזשוליוס פינקל זענען געווען, נישט געקוקט אויף זייערע קעגנגעזעצטע כאַראַקטערן, נאָענטע חברים. דער ערש־טער — פּראַקטיש, אויסגערעכנט, מיט אַ קנאַפּן צוטרוי צו מענטשן און מיט אַ גרינגשעצונג צו דער פרוי, צו יעדער פרוי...

דאָראָס צווייטע הייראַט, איז ער זיכער געווען, האָט באַרעכטיקט זיין מיינונג וועגן דעם ווייבלעכן מין. זי איז אַ וואָך נאָכן מאַנס פּטירה שוין אומגעגאַנגען מיט פאַרשאַרפטע חושים, מיט אַ זוכנדיקן בליק. דער פאַרדראָס איז געווען אין לשער! מחמת די פינקלס זענען געווען ביים קרייז פריינד און באַקאַנטע אַ ביישפּיל, ניין! אַ מוסטער פון אַ האַרמאָנישער פּאָר, וועלכע מען האָט ליב געהאַט און פאַר־ערט... מרס. גאַרפינקל, דעם יוועלירס פרוי, איז אויך גרייט געווען עפּעס צו זאָגן דעם אַלמעכטיקן בר־נש, נאָר איר קליגערע העלפט האָט איר אַ ווונק געגעבן, אַז ער האָט שוין זיינס דערליידיקט. מילי האָט געזוכט ווו זיך צו ראַטעווען אַ צווייטן מאָל. ביי דער טיר האָט זי באַגעגנט דער ראַבאַי. ער האָט זיך, מעשה קאַוואַליער, אַ נייג געטאָן פאַר איר און געזאָגט: — אויב איר ווילט וויסן מיין אויפ־ריכטיקע מיינונג, מרס. ערליך, זייט איר דאָ די אינטערעסאַנטסטע פרוי אין גאַנצן זאַל...

— דער קאָמפּלימענט, ראַבאַי, קומט מסתמא פונעם זעלביקן קוואַל, ווי די רייד אונטער דער חופה. — האָט זי אים שנעל גע־ענטפערט.

— אָ, אַ יונגער מענטש טאָר נישט זיין אַזוי ביטער! — האָט ער זי געמוסרט. — אונדזערע הייליקע ספרים לערנען...

— אונדזערע ספרים זענען אַוודאי הייליק! די פראַגע איז — האָט זי געקוקט אויף אים מיט אירע טרויעריקע אויגן. — צי זענען

אונדזערע גייסטיקע מנהיגים פעיִק אונדז צו דערהויבן צו זיי? דער מיטל־יאָריקער ראַבאַי, אָנשטאָט זיך צו באַליידיקן, איז אַריינגעפאַלן אין אַ התפעלות: — איר זייט נישט נאָר אינטערעסאַנט, נייערט אויך קלוג און אינטעליגענט... ווי אַלע מאָל!...

דער פאַקט, וואָס ס׳האָט זיך פון מיליס הייראַט אויסגעלאָזן אַ פיאַסקאָ, און — אַז ער, דער ראַבאַי, האָט אויך זיך משדך־געווען, האָט באַשווערט, וואָס ווייטער, דעם שמועס. ער האָט אַפּאָלאָגעטיש געזאָגט:

— גלייבט מיר, מרס. ערליך, אייך שטייט נאָך פאָר אַ ליכטיקע צוקונפט!...

עס איז אונטערגעקומען פאָלאַקס אַ קרוב, וואָס האָט אַמאָל גע־לערנט אין אַ חדר: — ראַבאַי! האָט ער געפרעגט אַ שאלה, ווייזנדיק דערביי זיין אייגענע לומדות: — קאָן מען פאַראַפראַזירן די תלמודישע מימרא פון — „כסף וזהב מטהר ממזרים” אויף — חזרים?

— מ׳קאָן! האָט דער ראַבאַי געפּסקנט. אָבער קעגן וואָס פרעגט איר עס, מר. בערמאַן?

— קעגן יענעם! — האָט ער אָנגעוויזן מיטן בליק אויף מאַר־שאַלן. דער ראַבאַי האָט שוואַך אַ שמייכל געטאָן און זיך שנעל אָפּ־געטראָגן.

דער ראַבאַי האָט באַמערקט פאָלאַקס אָנקומען, איז ער אים אַנטקעגן געגאַנגען: — אָ, מר. פאָלאַק! ווי פילט איר זיך עס עפּעס אין אַזאַ יום־טובדיקן טאָג?

דזשעק פאָלאַקן האָט זיך געוואָלט לאַכן. ס׳איז שוין ביי אים די דריטע הייראַט ביודעים, בלחש האָט ער געהאַט עסקים מיט פרויען אין אַלע צייטן. ער האָט זיך ערשט געהאַט אומגעקערט פון אַ לוסט־רייזע אין דרום־אַמעריקע מיט אַ היגער שיינהייט. און ווען עס מאַכט זיך אים נישט אונטער דער האַנט די דאָראַ פינקל, וואָס איז באַשטאַ־נען אויף אַ פאָרמעלער און געזעצלעכער פאַרבינדונג, דאָס הייסט, כדת־וכדין, וואָלט ער זיך נאָך אפשר געהאַלטן מיט יענער.

נאָר אַרום דער אלמנה האָבן בשעתה צירקולירט פאַרביקע סאַגאַס, אַז דער באַרימטער אַדוואָקאַט דזשוליוס פינקל, האָט איר געלאָזן אַ מאַיאָנטעק אין מזומן און אין לאַנד־שטחים. דאָראַ איז דווקא דעמאָלט אַוועק אַרבעטן. ערשטנס, בכדי צו פאַרגרינגערן איר עלנט און איינזאַמקייט, וואָס איז איר באַפאַלן מיטן מאַנס טויט, צווייטנס — אַ סוף צו מאַכן צו די פאַרשיידענע מעשיות, וועלכע

קענען נאָך ווערן די עיקר־סיבות אין אַ קינפטיקן שידוך...

דער דורכגעטריבענער פּאָלאַק האָט זיך נישט פאַרלאָזן אויף ניסים. ער האָט גלייך, ווי ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דער אלמנה, געגומען אויספאָרשן אירע פינאַנסיעלע רעסורסן. ווייל ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש מיט אַזאַ רעפּוטאַציע און מיט אַזאַ רייכער קליענטעלע, ווי דזשוליוס פינקל, זאָל אַוועק פון דער וועלט מיט אַ ליידיקער טאָרבע. און ער איז גיך דערגאַנגען, ווי דער הויפּט פון אַן אַקאַונטן־פירמע, אַז איר געוועזענער פאַרמעגן איז, צו זיין אָנגענעמער איבערראַשונג, אַ סך גרעסער ווי ער האָט גערעכנט...

דער „חתן־בחור" דזשעק פּאָלאַק, האָט פּאַמעלעך געצויגן דעם רויך פון סיגאַר און זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער דעם טשעק דאָס מאָל אַליין געבן דעם ראַביי, אָדער אים אַריינשיקן דורך פּאָסט און כאָטש עס איז קאָרעקטער און איידעלער צו טאָן אַזוינע זאַכן אומדירעקט, האָט אָבער דער מנהיג רוחני מער רעספּעקט און אָפּשיי פאַרן פּערזענלעכן געבער.

— ראַבאַי! — האָט ער אויסגערופן אַ שטאַרק אויפגעראַמטער.
— היינט איז דער טאָג, אויף וועלכן כ'האָב געוואַרט מיין גאַנץ לעבן! — און ער האָט אַריינגערוקט דעם טשעק אין זיין זשילעט־קעשענע...

— זאָל זיין מיט מזל, מר. פּאָלאַק! — האָט דער ראַבאַי געענטפערט מיט געמאַכטער פריינדלעכקייט. צווישן זיינע ראַבאַישע פליכטן איז די היינטיקע נישט געווען פון די סאַמע אָנגענעמסטע. ער האָט גוט געקאָנט דעם תכשיט מיטן געקנייטשטן פּנים און שלוייִקע אייגעלעך. יענער איז אָבער געווען פון די הויפּט־עסקנים אין זיין טעמפּל, און ער האָט געמוזט אַ סך קרומע זאַכן פאַרקוקן...

אינעם רחבותדיקן האָטעל־צימער, ווו ס'איז פאָרגעקומען די חופה, איז געוואָרן שיטערער. דער עולם האָט זיך געזעגנט. „איינגערוימט" דעם נייעם פּאָרפּאָלק ווונטשן, וואָס אַלע האָבן געהערט און דערביי ציניש אונטערגעשמייכלט. דאָרא פּאָלאַק האָט צעטיילט די פאַרבליבענע רויזן, די קוישלעך כריזאַנטעמעס און פיל־פאַרביקע קווייטן איר געוועזענער שוויגער, וועמען זי האָט נאָך אַלץ גערופן „מוטער", איר שוועגערין, ליזאַ פינקל, און איר נייעם מאַגס מומעס און פלימעניצעס. זי האָט אויך געוואָלט צוטיילן איר חברטע, פון איר בלומענדיקן אוצר, נאָר יענע איז מיטאַמאָל נישט געוואָרן.

— דאָראַ! זאָלסט זיך נישט דערוועגן עפּעס צו טאָן אין דער נייער דירה! — האָט די געוועזענע שוועגערין קאַטעגאָריש געזאָגט:
— דער היינטיקער אָוונט איז באַשטימט פאַר וויכטיקערע צוועקן! — האָט זי איר אַ שטורכע געטאָן מיטן עלנבויגן אין זייט...

פלוצעם האָבן זיך פּאָלאַקס צוויי זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין און אויף זיי קוקנדיק האָט אויך אַזוי געטאָן דאָראַ. דאָס פּאָר־פאָלק האָט צונויפגעקליבן זייערע זאַכן און זענען גרייט געווען צו פאַרלאָזן דאָס צימער.

— ס׳איז געווען אַ וווּנדערשיינער נאָכמיטאָג! — האָט געזאָגט דזשעק פּאָלאַק, און זיין פרוי האָט געגעבן איר הסכמה.

מאַרשאַל האָט זיך ענדלעך אויך אויפגעהויבן פון טיש און מיט אים די גאַרפינקלס און זייער טאָכטער, שעראָן, און נאָך אַ פּאָר באַקאַנטע. זיי זענען צוגעקומען צו דער טיר און זיך אַרומגענומען מיט די פּאָלאַקס. מאַרשאַל האָט געפרעגט:

— האָט איר אפשר געזען מילין? נישט שוין־זשע האָט זי זיך נישט געזעגנט מיט אייך?

— וואָס מיינט איר זיך נישט געזעגנט? אַוודאי זיך געזעגנט! — האָט דאָראַ אויסגעמיטן זיין בליק. — מיר וועלן זי מסתמא טרעפן אונטן, ביים אַרויסגאַנג.

ווען די געסט זענען זיך שוין געווען צופאָרן, האָט זיך געוויזן מיליס דינע פיגור. זי איז געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט, און געקוקט ווי די זון פאַרלירט זיך אין מרחקים, ווי דער טאָג לעשט זיך, שטאַרבט אָפּ. זי איז אומבאַמערקט פאַרביי די טעקסי, וואָס זי האָט באַשטעלט, און זיך געלאָזט צופוס אין שטאָט אַריין...

# אַ מעשה מיט אַ גרינעם פעפער

אויף דער אַמאָליקער „איסט סייד" האָט זיך אומגעדרייט אַ טשיקאַווער פּאַרשוין. מ'האָט אים געמוזט באַמערקן! זיין ברייטע פיזיאָנאָמיע, זיין גרויסער, גלאַטער קאָפּ מיטן שטיינערנעם פּאַסאַד און גלעזערנע אויגן, וועלכע האָט געקוקט אַזוי פיל יאָרן אויף גאָטס וועלט און האָבן, דאַכט זיך, גאָרנישט געזען, האָט געטראָגן אויף דער פּאַטילניצע לאַנגע האָר, ווי אַ סימן־מובהק פאַר יענער צייט, אַז מען געהערט צום שרייבערישן צעך. און ווי משונהדיק עס זאָל נישט קלינגען, האָט ער געכאַפּט דעם אָנבליק, ספּעציעל אין פּראָפיל, אויפן ענגלישן נשר הגדול — שעקספּיר!...

ער האָט עקשנותדיק אויסגעמיטן, צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות, דווקא דעם פּענמענטש און זיך ליבערשט געפריינדלט מיט פּשוטע לייט, וועלכע האָבן נישט געהאַט דעם מינדסטן שייכות צום געדרוקטן וואָרט, און זיי געפּרוווט מהנה־זיין מיט זיינע „ווערק". טייל האָט זיין שווערע ערנסטקייט באַווירקט און זיי האָבן איינגעהאַנדלט ביי אים אַ בוך, אַנדערע האָבן, נאָכן אויסהערן אַ לאַנגן מאָנאָלאָג וועגן זיין אָרט אין דער ליטעראַטור, אים צוגעוואָרפן די פּאָר דאָלאַר און זיך שטום אָפּגעטראָגן.

ער וואָלט זיך מסתמא אַזוי אויסגעלעבט זיינע יאָרן אָן איבעריקן פּרסום, ווען אים פאַרוועלט זיך נישט צו געבן אַן אייגענע„ אינטער־פּרעטאַציע" פון אַן „אמתן" דיכטער אין אַ זאַמלונג לידער מיטן פליגלדיקן טיטל „פייגל־פלאַטער". ער האָט זיך דאָרטן דעררעדט צו דעם, אַז אַ פּאָעט — נעמט אַראָפּ דאָס היטל! — איז נישט ווייניקער פון אַ קעניג, אַן אימפּעראַטאָר, אין מלכות הפּאָעזיע...

גלאַנץ־לעיעלעס, צו ווען ס'איז צופעליק דערגאַנגען אָט די „פּערל", האָט אים שפּאַסיק באַצייכנט מיטן צונאָמען „פּאָעט־אימפּע־ראַטאָר". און דער „שם טוב" האָט זיך אָנגענומען...

מיטאַמאָל איז דער „פּאָעט אימפּעראַטאָר" אויסגערונען פון ניו־יאָרק, און זיין געשטאַלט פון — זיכרון...

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך געאַרבעט, אַ זומער, אין אַ קינ־

דער קעמפּ, נישט ווייט פון טאָראָנטאָ. מיר זענען געווען דריי לערער אין דירעקטאָריום. יעדער פון אונדז האָט געהאַט אַ פרייען טאָג אין וואָך, מיינער איז אויסגעפאַלן אין אַ דינסטיק. ס'איז געווען אַן אָנגענעמער איבערבייט! ס'האָט זיך געוואָלט זיין וואָס ווייטער פונעם קינדערשן ליאַרעם, זיצן אין אַ שטוב ביי אַ געוויינטלעכן טיש און שמועסן געמיטלעך אָן שטערונגען. היות אָבער ווי איך בין געווען אַ פרעמדער אין שטאָט און נישט געהאַט מיט וועמען און ביי וועמען צו ווילן, האָב איך זיך פאַרנאַכט צוריקגעקערט אין קעמפּ אַריין.

איינמאָל אין אַ זונטיק, ווען פון טאָראָנטאָ איז אָנגעקומען אַ גרויסער עולם — עלטערן און געסט — האָב איך באַמערקט אין גרויסן הויף אַ קענטלעכע פיגור. ס'איז געווען פאַר מיר אַ שטיקל וווּנדער, ווייל וואָס האָט דאָ צו טאָן, אין אָט דער סביבה, דער פּאָעט־אימפּערעסאַטאָר, לפי דעתי אַן אַלטער בחור, אָן אַ קרוב און אָן אַ גואל?

ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט מיר, ווי מיט אַן אייגענעם, און האָט מיר דערציילט, צו מיין איבערראַשונג, אַז זיינע אַ שוועסטער וווינט אין שטאָט און האָט אין קעמפּ אירע צוויי מיידעלעך, און פאַר־ענדיקט האָט ער מיט אַ בקשה, אַז איך זאָל אַריבערקומען צו אים, דאָס הייסט, אייגנטלעך צו זיין שוועסטער, ווו ער שטייט איין. זי ווי זיין שוואָגער זענען גאַסטפריינדלעכע און גרויסמוטיקע מענטשן. דער שוואָגער וועט מיך אַרומפירן מיט זיין קאַר און ווייזן די שטאָט, און איך וועל בכלל פאַרברענגען אַן אָנגענעמעם מעת־לעת, מחמת ס'הויז איז גרויס און ס'איז פאַראַן אַ באַזונדער צימער פאַר געסט.

דערזעענדיק מיך שמועסן מיט דעם „האיש הידוע" האָבן די לערער מיר צוגעוואָרפן פון ווייטן אַ שפּאָטישן בליק. מיר האָט זיך אָבער נישט געוואָלט מבייש זיין אים, האָב איך אים צוגעזאָגט מיט אַ האַלבן מויל צו באַזוכן, און אַזוי ווי כ'האָב געהאַט עפּעס צו טאָן, האָב איך זיך אַנטשולדיקט און בין אַוועק.

בקיצור, יעדן זונטיק ביי דער אומפאַרמיידלעכער באַגעגעניש, האָט ער נישט אויפגעהערט מיך צו דערמאָנען אין מיין צוזאָג, און איך, פון מיין זייט, האָב, ווי אַ רעפריין, איבערגעחזרט די זעלביקע רייד: „ביי אַ געלעגנהייט וועל איך עס טאָן!"

אָט די געלעגנהייט האָט זיך אונטערגערוקט ביים סוף פון קעמפּ־סעזאָן. איך האָב אויף מאָרגן אין אָוונט געדאַרפט זיך אומקערן אַהיים, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרווילן דעם לעצטן טאָג אין טאָראָנטאָ, און בין פאַרפאָרן צו אים מיט מיין וואַליזע.

ביי דער טיר האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דער גאַנצער משפחה — מאַן און ווייב, די צוויי טעכטערלעך און ס׳פּאַרשטייט זיך, אויפן פּאָעט־אימפּעראַטאָר. היות ווי ס׳איז שוין געווען סאָפּער־צייט, האָט מען מיך פאַרבעטן אין עסצימער און אָנגעוויזן אויף אַ שטול אויבנאָןביים טיש. ביים צווייטן עק, ווי־זאַ־ווי, האָט זיך באַ־זעצט מיין מכניס־אורח. איך האָב זיך אַפילו געוווּנדערט, וואָס די איבעריקע פון דער פאַמיליע פאַרנעמען נישט זייערע ערטער, ווייל פלאַץ איז געווען גענוג פאַר אַלעמען.

באַלד האָט די באַלעבאָסטע אַריינגעטראָגן צוויי טעלער מיט גרויסע, אָבער טאַקע גרויסע גרינע פעפער, מן הסתם איז עס אַ מנהג אין יידישע היימען דאָ־הי, האָב איך געטראַכט, אָנצוהייבן דעם אָוונט־מאָלצייט מיט אָט דעם מאכל. הגם איך בין געווען הונגעריק, האָב איך מער ווי אַ העלפט נישט געקענט אויפעסן. עפּעס בעסערס, בין איך זיך משער געווען, וועט מוזן קומען שפּעטער. איך האָב אומווילליק געוואָרפן אַ בליק אויף מיין טיש־קאָמפּאַניאָן און באַמערקט, אַז ער האָט זיך שנעל געספּראַוועט מיט דער גרינער פּיראַמידע, געשניטן פאַסנווייז, געטונקען אין זאַלץ און געשטופּט מיט פענעצלעך ברויט אין ברייטן מויל אַריין.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך די באַלעבאָסטע ווידער גע־וויזן און תמימותדיק געפרעגט:

— איר זייט אפשר אַ בעלן אויף נאָך אַ פעפער?

דער בעל־דבר קעגנאיבער מיר האָט געשאָקלט אַפירמאַטיוו מיטן קאָפּ.

איך האָב זי אָנגעקוקט מיט אָפענער שטוינונג:

— ניין, אַ דאַנק! איינער איז פאַר מיר גענוג!

— איז מיט וואָס וועט איר פאַרטרינקען, מיט טיי, צי מיט קאַווע? — האָט זי געפרעגט אַן אומגעדולדיקע.

אַזוי, מ׳האַלט שוין דאָ ביים טרינקען... — האָב איך סומנע־טרויעריק געטראַכט. און איך וואָלט זיך איצט אַריינגעביסן אין אַ סירלאָין סטעיק, צי כאָטש אין אַ שטיקל פלאַנקען...

— ניין, כ׳בין נישט דאָרשטיק! — האָב איך געענטפערט מיט אַ שמץ פאַרדרוס, און פלוצעם דערשנאַפּט, אַז זי וויל וואָס גיכער פטור ווערן פון אונדז, און זיך זעצן ביים טיש מיט אירע בני־בית צו אַן אמתער וועטשערע.

— קומט! — האָב איך זיך געווענדט צום שטאַרק־שווייגנדיקן

ברודער אירן — קומט, וועלן מיר זיך דורכשפּאַצירן איבער ספּע־דיינאַ; (אַ גאַס אין יידישן געגנט).

דער פּאַרשוין האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. מיר זענען אַרויס פון הויז, טאַקע ווי אומגעבעטענע אורחים. איך האָב אָפּגעזוכט דעם באַקאַנטן לואיס רעסטאָראַן און באַשטעלט אַ פולן מאָלצייט. יענער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען די זעלביקע מאכלים. געקייט און לאַנג געברייעט, אַז זיינע אייגענע זענען היינט גראָד נישט גוט אויפגע־לייגט, מחמת עס האָט עפּעס געטראָפן אין דער פאַמיליע, ווען נישט דער צופאַל, וואָלטן זיי געטאָן פאַר מיר אַזוינס און אַזעלכעס...

די לאַנגע אַפּאָלאָגיע האָט מער אויפגעדעקט זיין אייגענעם עלנט, אומבאַהאָלפנקייט און אומזיכערע לאַגע ביי דער שוועסטער. ער איז, קאָנטיק, אויסן געווען מיט מיין באַזוך צו הייבן אַ ביסל זיין אָנזען ביי איר, און דער עיקר ביים שוואָגער. איך האָב זיצנדיק אין רעסטאָראַן באַמערקט ווי מענטשן, אַ פּנים זיינע באַקאַנטע, זענען אים פאַרביי־געגאַנגען מיט אַ שעלמיש־אָפּלאַכערישן פינקל אין די אויגן... ביי דער קאַסע איז אים נישט גוט געוואָרן. איך האָב אים שפּעטער גע־פונען אין דרויסן וואַרטן אויף מיר.

מיר האָבן זיך אומגעקערט שפּעט אין אָוונט. די שטוביקע זענען שוין געשלאָפן. ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף מיין צימער העט אונטערן דאַך. איך האָב אַ נעם געטאָן מיין וואַליזע ביי דער טיר, און מיט אַ שווער געמיט אַרויף אין דער הייך. ס'איז קאָנטיק געווען, אַז קיין לעבעדיקער נפש האָט שוין לאַנג נישט אַריבערגעטראָטן אָט די שוועל. ס'איז דאָרטן געווען הייס, שטיקנדיק און שטויביק. כ'האָב געעפנט ס'איינ־ציקע פענצטערל, נאָר ס'האָט ווינציק געהאָלפן. ס'האָט מיך פאַר־דראָסן וואָס כ'האָב זיך געלאָזט פאַרפירן, און זוכן איצט אַן אַנדער אָרט איז שוין געווען צו שפּעט. איך האָב אויסגעלאָשן דאָס ליכט און זיך אַריינגעלייגט מיטן אָנטועכץ אינעם אַלטן, סקריפּענדיקן בעט. איך בין אָבער דאָרטן לאַנג נישט איינגעלעגן, מחמת ס'האָט זיך גיך אַרויסגעוויזן, אַז מחנות בייסנדיקע חברה־לייט פירן אָן אַ ביטערע מלחמה איבער מיר. און כדי נישט פאַרמישט צו ווערן אין אַ פרעמדן סכסוך, בין איך אָפּגעזעסן די רעשט פון דער נאַכט ביים פענצטערל מיטן פעסטן באַשלוס, אַז ווי נאָר עס וועט ליכטיק ווערן, וועל איך אַנטלויפן פון דאַנען ווו דער גרינער, טפו זאָל עס ווערן! ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

איך האָב משמעות, פאַרטאָג פאַרט איינגעדרעמלט, און ווען איך

האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך שנעל צונויפגעלייגט מיינע זאַכן און בין מיט דער וואַליזע אַראָפּ פונעם בוידעם־שטיבל, און זיך אַ לאָז געטאָן גלייך צו דער טיר. ערשט די שטוביקע זענען שוין געווען וואַך. זיי האָבן זיך אויף אַ האָר נישט געוווּנדערט אויף מיין איילעניש, און וועגן עסן פרישטיק איז זיי אַפילו נישט איינגעפאַלן. זיי האָט זיך שטאַרק געוואָלט, איבערהויפּט דעם פּאָעט־אימפּעראַטאָר, מ׳זאָל זיך פאָטאָגראַפירן אינאיינעם אויף איין בילד (ער האָט שוין געהאַט צו־געגרייט דעם קאָדאַק־אַפּאַראַטל), כדי עס זאָל בלייבן אַן אָנדענק פון מיין וויזיט ביי זיי...

זעט איר, אויף דעם בין איך שוין נישט איינגעגאַנגען. איך האָב, נישט קוקנדיק אין זייער זייט, עפּעס אַ מורמל געטאָן, און בין אַרויס פון שטוב...

# מיין חבר, דער קאָמענדאַנט

מיר זענען געזעסן אויף אַ מסיבה און געשמועסט וועגן דעם כוח פון וואָרט לגבי דער שווערד. אַן עלטערער מיטשמועסער האָט איי־בערגעגעבן, לדוגמא, אַ געשעעניש פון זיין יוגנט, וואָס האָט געדאַרפט באַקרעפטיקן אָט די השערה. הגם זיין מעשה האָט געקלונגען פיקטיוו, איז זי אָבער, לפי דעתי, ווערט דערציילט צו ווערן.

— ווי איר ווייסט, מסתמא, בין איך געבאָרן געוואָרן אין אַ געגנט אין די קאַווקאַזער בערג, האָט ער אָנגעהויבן. אין יענעם אָרט האָבן זיך נישט געפונען קיין יידן. אונדזער שכן איז געווען אַן אַרמענישער סוחר, און אויף זיין פרוי האָט מען געזאָגט, אַז זי שטאַמט פון די ספרדים. זייער בן־יחיד, מיין שול־חבר, האָט גע׳ירשנט זיין פאָטערס ברייטע אַקסל און די עטוואָס געבויגענע נאָז אונטער גרויסע, פייער־דיקע אויגן. און די לאַנגע, איידעלע פינגער פון אַ ווירטואָז איז געווען זיין מאַמעס געשאַנק. ווען ער האָט דערגרייכט זיין אַכצנטן יאָר איז ער שוין געווען איבער זעקס פיס די הייך. בקיצור, ער איז אויסגעוואַקסן אַ זעלטן־שיינער יונג, און איז פרי געוואָרן דער פאַר־באָרגענער טרוים און באַגער פון כמעט יעדער פרוי, און די קנאה — פון יעדן מאַנסביל...

אַך, יאָ, איך האָב פאַרגעסן צו זאָגן, אַז זיין נאָמען איז געווען אַווראַמיס סאַראַפיאַן.

ווען אַווראַמיס איז נאָך געווען אַ יונג בחורל האָט אים געצויגן צו דער בינע. ער האָט זיך אַזוי לאַנג געראַנגלט מיטן פאָטער, ביז ער האָט אויסגעפירט, און יענער האָט אים אַוועקגעשיקט קיין טיפליס אין אַ קונסטשול. און ווען ער האָט זי געענדיקט, איז זיין גרעסטע אַמביציע געוואָרן — צו שפילן דעם מעלאַנכאָלישן דענער און דעם הויפט־העלד פון „אוריאל אַקאָסטאַ״.

— אוריאל אַקאָסטאַ ? — האָב איך זיך דעמאָלט געוווּנדערט. — נישט אַנדערש ווי אין דיר האָט זיך אָפּגערופן אַ ווייטער גליד אין דיין מאַמעס משפחה !

— איך באַטראַכט זיך פאַר אַ יידן! — האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ מין גדלות.

איך האָב שטאַרק געצווייפלט אין דעם, איבעריקנס איז ער געווען, ווי ס׳רוב פון זיין גלייכן, אַ בר־נש פול מיט שטימונגען און — סתירות. איך ווייס נישט, צי ער איז אַ מאָל אויפגעטראָטן אין „האַמלעט״, אָבער אַקאָסטאַ האָט ער געשפילט אונטער מערקווירדיקע אומשטענדן...

ווען ס׳האָט זיך צעפלאַקערט די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט דער שמועסער ממשיך געווען, האָט זיך סאַראַפּיאַן, צו מיין גרויס איבערראַשונג און ערגערניש, אָנגעשלאָסן אין דער צאַרישער קאַוואַלעריע (מיך האָט מען אויסגעבראַקעוועט פון דער אַרמיי צוליב מיין שוואַכער ראיה). מען קען נישט לייקענען, ער האָט אויסגעקוקט גרויסאַרטיק אין זיין אוניפאָרם, דער יונג! צו זען אים רייטן אויפן וייס־גרויען סוס איבער דער גאַס, מיט דער הויכער פּאַפּאַכע, מיט די קלינגנדיקע שפּאָרן אויף די הויכע שטיוול, וועלכע האָבן געגלאַנצט, ווי צוויי שוואַרצע זונען און מיט דער גרויסער האַלב־לבנהדיקער שווערד ביי דער זייט, איז באמת געווען אַן איבערלעבעניש!...

אין אַ צייט אַרום האָט מיין חבר געקראָגן צוויי וואָכן אורלויב און איז געקומען אַהיים. איידער ער איז אַראָפּ פון דער באַן האָט ער זיך אָנגעהאַנגען אַ שוואַרץ־זיידן טיכל אַרום זיין לינקן אָרעם. און, ווען מען איז אים באַפאַלן מיט פראַגן, האָט ער דערציילט, אַז ער איז פאַרווונדעט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד, און הונדערטער טערקן האָבן דערפאַר טייער באַצאָלט. נישט אַלע מאָל האָט מען געהערט פון אים די זעלביקע מעשה, אָבער אַלע האָבן מסכים געווען: — אויב עס געפינט זיך ערגעץ אַ העלד אויף דער וועלט — מוז ער אויסזען ווי ער, אַווראַמיס סאַראַפּיאַן!...

מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין ניינצן זיבעצן האָט מען, כידוע, גענומען רייניקן די אַלטע טשינאָווניקעס, וועמען מ׳האָט געמאַכט מיט אַ קאָפּ קירצער. דער קאָמענדאַנט פון אונדזער שטעטל, יערעוואַן, האָט געטיילט דעם זעלביקן גורל. אויף זיין אָרט האָט מען אויסגעוויילט מיין חבר סאַראַפּיאַן.

די איינוווינער האָבן אים ממש פאַרגעטערט. ער פלעגט פאָרן איבער די גאַסן עטלעכע מאָל אין טאָג און אַפילו ביינאַכט, צו ווייזן די לייט, אַז ער האַלט אַ וואַכזאַם אויג איבער זיי און ער זאָרגט וועגן זיי. ער איז געשטאַנען אין דעם אָפענעם אויטאָ אַלעמען צו זען, און

געזען צו ווערן. פּאַרויס האָבן גאַלאָפּירט זעקס קאַוואַלעריסטן אין קאַווקאַזישן טראַכט, און זעקס אַזוינע האָבן נאָכגעפּאָלגט פון הינטן. דער עולם, אויףביידע זייטן טראָטואַר, האָט צוגעקוקט מיט באַגייס־טערונג, געשריען „הוראַ" און אַפּילו אַפּלאָדירט.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אָבער געלאַנגווייליקט ווען מ׳האָט אים באַלעסטיקט מיט וואָכעדיק־שטעטלשע ענינים. ער האָט דעמאָלט געבעטן מ׳זאָל אים דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער, און פאַרזוכנדיק אַ פּאָר טראָפּנס, האָט ער אַ פּיר געטאָן די האַנט איבער דער לינקער זייט פון שינעל, זאָגנדיק מיט אַ לייכטן הייב פון זיינע שיינע ברעמען: „ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז באמת גאָרנישט" !...

דער דורכגעטריבענער פוקס האָט קיינמאָל נישט דערמאָנט, אַז ער ליידט פון אָ וועלכע ס׳איז האַרץ־חולאת. נאָר לאָזן האָט ער געוואָלט אַזאַ פאַרדאַכט ביים באַזוכער. ס׳איז געווען אַ מין חנדל, וואָס האָט אים געהאָלפן זיך אַרויסדרייען פון אַ סך אומאָנגענעמע סיטואַציעס...

בעת סאַראַפּיאַן, ווי אַ קאָמענדאַנט, האָט זיך געמיט אויפצוטאָן לכל־הפּחות אויסערלעך וואָס מער פאַרן שטעטל, האָבן געוויסע גע־שעענישן שוין געגרייט פאַר אים דעם קלימאַקס פון זיין קאַריערע. קורץ נאָך דער רעוואָלוציע האָט די רוסישע אַרמיי, אויסגעשעפּט און אַנטוישט פון קריג, גענומען פאַרלאָזן מאַסנווייז דעם פראָנט. לאַנגע צוגן געפּאַקט מיט באַוואָפנטע זעלנער (זיי האָבן זיך אָפּגע־זאָגט אָפּצוגעבן דאָס געווער), האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן יערעוואַן אויף זייער וועג פונעם רוסיש־טערקישן פראָנט צוריק אַהיים, קיין רוסלאַנד. די פאַרביטערטע און פאַרפירטע סאָלדאַטן האָבן דעמאָלט געזוכט אַ געלעגנהייט אויסצולאָדן זייער אָנגעקליבענעם צאָרן אויף זייערע עלצטע, און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך טאַקע באַלד אונטער־געקוקט.

אין איין פרימאָרגן איז אַ פראַכטצוג אָנגעקומען פון פראָנט מיט בלויז איין פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען פינף־און־זעכציק אָפיצירן. אין אַ קורצער צייט אַרום, איז אַריין אַ צווייטער, אָנגעפילט מיט הונדערטער זעלנער. ממש אין סעקונדן איז דער ערשטער צוג אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַן אויפגערעגטן און באַ־וואָפנטן המון מיט דער פאָדערונג צו זייערע עלצטע, זיי זאָלן זיך גלייך שטעלן פאַר אַ מיליטערישן טריבונאַל...

דער אורטייל וואָלט זיך, אָן ספק, פאַרענדיקט מיט דערשיסן די אָפיצירן...

דער סטאַנציע־מייסטער, זעענדיק די געפאַר פון אַ מאַסן־שחיטה, האָט שנעל טעלעפאָנירט צו דער לאָקאַלער מיליטערישער הויפּט־קוואַרטיר. ס׳איז גלייך אָנגעקומען אַן אַלטער גענעראַל מיט זיין גע־הילף. זיי איז מיט שוועריקייט, מי און סכנה געלונגען זיך דורכ־צושטופּן דורכן געדיכטן המון. דער העלדישער גענעראַל האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ וואַנט פון גלאַנציקע ביקסן און שנאהדיקע בליקן. ער האָט זיך אויסגערייניקט דעם האַלדז און האָט אָנגעהויבן: „איך באַפעל... און באַלד מיט אַ טאָן נידעריקער: איך בעט אייך זיך צוגיין אין אייערע וואַגאָנען”... אַ זעלנערס שטים האָט אים גראָב איבער־געריסן: „טראָג זיך אָפּ, אַלטיטשקער; אַ צווייטער האָט אויסגעשריען: „מירן דיך משפּטן צוגלייך מיט די אַנדערע!” איין מינוט אַן איבע־ריקע, און זיי וואָלטן צעריסן דעם אַלטן קעמפער אויף שטיקער. אָבער יענער האָט געוווּסט ווען אָפּצוטרעטן...

דער סטאַנציע־מייסטער האָט נישט גערוט. ער האָט זיך טעלע־פאָניש געווענדט צו יעדער באַקאַנטער „שישקע” נאָך הילף. אומזיסט! פּלוצעם איז אים איינגעפאַלן אָפּצורופן מיין חבר, אַווראַמיס סאַראַ־פּיאַן. און יענער איז באַלד אָנגעקומען און, פאַרשטייט זיך, נישט אַליין. ס׳האָט זיך שוין פון ווייטנס דערטראָגן, ווי אַ לייכטער דונער, דאָס גאַלאָפּירן פון צוועלף רייטער פאָרויס און צוועלף הינטער דעם אָפענעם אויטאָ, ווו ס׳איז געשטאַנען אין אַ נאָפּאָלעאָנישער פּאָזע ער טאַקע, — דער קאָמענדאַנט!

מיט איין פיר פון זיינע שאַרפע, ברענענדיקע קוקערס האָט סאַראַפּיאַן גלייך באַנומען די גאַנצע לאַגע. נאָך איידער דער וואָגן האָט צייט געהאַט זיך אָפּצושטעלן, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון דאָרטן, און גענומען שפּאַנען ערנסט, שטאָלץ און זעלבסטזיכער צו דער פּלאַטפאָרמע.

די זעלנער האָבן געגאַפט! זיי האָבן באַוווּנדערט זיין גאַנג, זיין טיגער־לייכטן הייבן זיך איבער הויפנס פּאַק־קאַסטנס, ביז ער האָט דערגרייכט דעם סאַמע שפּיץ. און דאָרטן, אין דער הייך, אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, מיטן רוקן צום זונפאַרגאַנג, האָט ער, אויסשטרעקנדיק די אָרעמס צו אַן עולם זעלנערישע שינעלן, אויסגעשריען: „סאָלדאַטן קומט צו נעענטער!”

צי ס׳איז געווען קוריאָזיטעט, אָדער דער שטאַרקער, אויטאָרי־טאַטיווער טאָן אין זיין שטים, מ׳האָט אים געפאָלגט! פּאַמעלעך און צוביסלעך האָט זיך דער באַוואָפנטער המון גערוקט אַלץ נענטער צו

די קאַסטנס. אַ ים פון בלישטשענדיקע באַיאָנעטן און פאַרחידושטע פנימער האָבן זיך געריסן אַרויף, ווו ער, דער קאָמענדאַנט איז גע־שטאַנען, ווי אַ סטאַטוע אויף אַ פעדעסטאַל...

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט לאַנג געשוויגן. און ווען ער האָט דערשפירט, אַז די צייט איז רייף פאַר רייד, האָט ער אויפגעהויבן זיין קול און האָט אויסגערופן כמעט ווי דער רוימער אַנטאָניוס: „ברידער אין וואָפן, באָרגט מיר אייערע אויערן! איך בין דער קאָ־מענדאַנט פון יערעוואַן, אויסגעקליבן מיטן פרייען ווילן פון רעוואָ־לוציאָנען פאָלק. איך בין אַווראַמיס סאַראַפּיאַן!” איז זיין שטים גע־וואָרן העכער, ווי ער וואָלט זיכער געוווען, אַז אַלע דאַרפן וויסן זיין נאָמען. און באַהערשט פון אַ פּלוצעמדיקער עקזאַלטאַציע, האָט ער מיט ביידע הענט אויפגעריסן זיין אוניפאָרם מיט אַזאַ קראַפט, אַז אַלע גאָלדענע קנעפּ האָבן זיך צעשאָטן אויף דער ערד, און אַנט־בלויזנדיק זיין ברוסט, האָט ער אָנגעהויבן דעם מאָנאָלאָג פון „אוריאל אַקאָסטאַ”, די ראָלע וואָס ער האָט אַלע מאָל געלעכצט צו שפּילן, און וואָס פּאַנגט זיך אָן מיט ווערטער: „וואַרפט שטיינער אין מיין ברוסט! לאָזט פריי אייער צאָרן!” און אַזוי כסדר אויף דריי פייער־דיקע בלעטער. ס׳האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיטן עצם ענין פון זיין קומען. אָבער ווי סאַראַפּיאַן האָט עס דעקלאַמירט! ווי ער האָט עס אַלץ אויסגעשפּילט? די פּאָר שטעטלשע לייט, וועלכע האָבן עס בייגעוווינט, האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אַזאַ פאָרשטעלונג האָבן זיי קיינמאָל נישט געזען...

די זעלנער האָבן זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרגאַפטן אָטעם, מיט אָפענע מיילער, אינגאַנצן באַווירקט און באַצויבערט, באַצויבערט אויף אַזוי פיל, אַז זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי דער צוג מיט די פינף־און־זעכציק אַפּיצירן האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגעשאַרט פון דער סטאַנציע. נישט אַזוי סאַראַפּיאַן. פון אַ ווינקל פון זיינע שוואַרצע אויגן האָט ער אַלץ נאָכגעפאָלגט. און ווען ער האָט געענדיקט דעם לעצטן זאַץ פון זיין מאָנאָלאָג, איז פון דער באַן בלויז געבליבן אַ פּאַסיקל רויך אויפן האָריזאָנט...

דער גאַנצער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ דונער פון אַפּלאָ־דיסמענטן. און דערנאָך? דערנאָך האָט דער קאָמענדאַנט צוגעטראָגן די האַנט צום האַרצן און האָט זיך איינגעבויגן, און אין דער טויטער שטילקייט אַרום, האָט זיך דערהערט אַ ווייך קול: „אַ גלאָז וואַסער, ביטע!” עטלעכע סאָלדאַטן האָבן אַוועקגעאיילט און האָבן זיך באַלד

קריקגעקערט מיט אַ סך אָנגעפּילטע גלעזער. אַנדערע האָבן אים אונטערגעהאַלטן מיט זייערע געזונטע אָרעמס. סאַראַפּיאַן האָט גענומען אַ פּאָר זופּ און רויִק געזאָגט: „ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז באמת גאָרנישט!"

**

מען האָט אים געהאָלפן זיך אַריינזעצן אין אויטאָמאָביל און זיך באַקוועם מאַכן אויף די ווייכע קישעלעך. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז די לימוזינע נישט געווען. געבליבן איז דער קלאַנג פון די פערדישע קלאָען, וועלכע זענען ביסלעכווייז אָפּגעשטאָרבן אין שטילן בין־השמשות...

# דער שופר

ווער וואָלט זיך עס אַ שטייגער פאָרגעשטעלט, אַז גראָד ביים פאַרגוויישטן סטיוו העלער זאָל מען נאָכן טויט געפינען אַזאַ עכט יידישלעכן חפץ ווי אַ — שופר? מען וואָלט אים ווי אַ סך אַנדערע פון זיינע „אַנטיקן" צושאָנקען אָדער אַרויסגעוואָרפן, ווייל מערי לו האָט נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר אַזוינע זאַכן. היות אָבער ווי דער אָביעקט האָט זי שטענדיק אינטריגירט און אַרויסגערופן ביי איר אַן אַבערגלויבערישע שרעק און פּאַניק־געפיל ווען זי האָט דערהערט זיינע כריפּענדיק־גרילצנדיקע אַלאַרמען, האָט זי על־פּי שכל, געדאַרפט וואָס שנעלער זיך באַפרייען פון אים. די אלמנה האָט עס אָבער נישט געטאָן...

דעם אמת געזאָגט, איז עס נישט געווען דער איינציקער קוריאָז ביי דעם פאַרשטאָרבענעם. פאַר די זיבעצן יאָר וואָס זי איז געווען פאַרהייראַט צו סטיוון, האָט זי באַמערקט ביי אים אַ סך חידושים. זי האָט, למשל, געהערט, אַז שיכרות ביי יידן איז אַ זעלטענע דער־שיינונג. און דווקא ער איז אָפט באַפאַלן געוואָרן פון אַ משקה־שגעון. נאָר אָן סקאַנדאַלן, אָן ניבול־פּה. פאַרקערט! ס'האָט זיך ביי אים דעמאָלט געעפנט אַ קוואַל פון גוטסקייט. הגם די אויגן זענען געווען פאַרגאָסן און האָבן געגלאַנצט ווי אין אַ פיבער, האָבן פון די ליפּן געטריפט די איידלסטע ווערטער. ער האָט זי דעמאָלט געגלעט ווי אַ פאַרליבט בחורל און געציטערט איבער איר, ניין — נישט ווי איבער אַן אבן־טוב, ווי דאָס ווערטל סוגערירט, נייערט ווי איבערן איינציקן מענטשן, וואָס איז נאָך אים פאַרבליבן אין אָט דער גרויסער וועלט...

מערי לו האָט אַזאַ באַנעמונג נישט געזען ביי אירע עלטערן, נישט ביי די שכנים אינעם שטעטל. הגם טרינקען איז געווען אַ טייל פונעם טעגלעכן רוטין ביי זיי, איבערהויפּט זונטיק און אין אַ חגא, האָט זיך עס כמעט שטענדיק געענדיקט מיט זידלערייען און געשלעגן.

די צעקריגטע צדדים זענען אָפּט אומגעגאַנגען מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און מיט פויסט־צייכנס אויפן פּרצוף־פּנים...

צו זאָגן, אַז די דערמאָנטע סיבה איז געווען די איינציקע, וואָס האָט זי פאַרבונדן מיט אָט דעם מאָדנעם יידן, וואָלט געווען אַ טעות. ער האָט געהאַט אין זיך, וואָס מען רופט אָן איינגעבאָרענעם און אפשר אַ געירשנטן יושר־געפיל, מיט וועלכן ער האָט זיך באַצויגן צו יונגע און עלטערע, וואָס איז שטאַרק געפעלן געווען. ווי פאַרכאַפּט ער איז געווען פונעם שיקסל, האָט ער זי נישט געשוינט ווען זי איז באַגאַנגען אַן עוולה. און אויך זיך האָט ער נישט געקענט מוחל זיין אַ חטא און זיך געהאַלטן אין איין פאָרוואַרפן עפּנטלעך און ביחידות...

פון סטיוו העלערס משפחה האָבן בלויז געציילטע נאָך געלעבט, און אויך זיי זענען געווען דערוויטערט פון אים טאָקע צוליב זיין הייראַט מיטן נישט־יידישן מיידל. ווען נישט מערי לו וואָלט אַפילו נישט געווען ווער עס זאָל אים מקבר־זיין. פון דעסט וועגן איז ער געווען שטענדיק פול מיט פאַרדאַכטן. ער איז זיכער געווען, ווי נאָר ער וועט צומאַכן מיט אַן אויג וועט זי... נאָך מער! אויך ביים לעבן האָט ער זי חושד געווען אין אומטריישאַפט און ער פלעגט עס איר אָפן זאָגן. אַנשטאָט בייז צו ווערן האָט מערי לו זיך געטוליעט צו אים, ווי אַ קעצל, און פאַרלאָרן געשמייכלט... אויב ער איז זיך דעמאָלט פאָרט טועה געווען, איז עס געווען מער צו פאַרדאַנקען איר נאַיִוון פּחד פאַר דער שטראָף, וואָס קומט, לפי דעם רעליגיעזן קאָדעקס — דעם זינדיקן...

איין טאָג האָט ער געלאָזן באַדעקן די ווענט פון זייער היים מיט שפּיגלען מיטן אויסרייד, אַז זיי פאַרגרעסערן און פאַרטיפן דעם חלל פון דער וווינונג. דער אמת איז, אַז ער איז אויסן געווען, זי זאָל זיך שטענדיק זען אַליין. דעמאָלט איז דער געוויסן ביים מענטשן, האָט ער געמיינט, מער וואַך, מער סענסיטיוו, און וועט זיך נישט לאָזן אַזוי גרינג אַראָפּפירן פון גלייכן וועג...

אים, דעם אַלצוויסער און מענטשן־קענער איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער פרוי זאָל זיך ווען פאַרלאָזן די דירה, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט ריחות פון פאַרשיידענע רפואות קעגן אַלקאָהאָליזם, קעגן עפּיזעמאַ, ווי אַ פּועל־יוצא פון זיין שווערן רויכערן, אַ דירה, וווּ זי האָט אָפּט געהערט אין די נעכט זיינע אָנסופיקע קרעכצן און אָכצן און האַלוצינאַציע־רייד...

***

יאָ, דער נייער אַפּאַרטאַמענט האָט זיך געפונען אין אַן אַנדער געגנט, ווייט, זייער ווייט פון אַלטן, מיט אַ סך פענצטער צו ברייטע לאָנקעס, וועלכע זי פלעגט אויפפראַלן מיט אַ באַזונדער הנאה אַמאָל אַפילו אין אַ ווינטערדיקן טאָג. און איינאָטעמען, כמעט שלינגען די לופט, ווי זי וואָלט געוועז פאַרשפּאַרט אַ לאַנגע צייט אין אַ געפענג־קעניש. מערי לו האָט דעמאָלט אָנגעקניפּט נייע קאָנטשאַפטן און האָט אַפילו פאַרפירט אַ שטיקל ראָמאַנס מיט אַ מיטל־יאָריקן סוביעקט. אפשר איז „ראָמאַנס" אַ צו שטאַרק וואָרט. ס'איז געוועזן נישט מער אַ פלירט. אויב איר ווילט, אַן אומשולדיקער פלירט! ער האָט געוווינט ווי־זאַ־ווי פון איר הויז, און האָט נישט זעלטן געלאָזט הענגען זיין בליק אין איר זייט לענגער ווי ס'איז אָנגענומען. און זי האָט אים אָפּגעענטפערט מיטן זעלביקן נייגער און התמדה ביז... ביז זיי האָבן זיך צופעליק באַגעגנט אין גאַס. זיי האָבן זיך ביידע גלייכצייטיק צעשמייכלט מיט די פריינדלעכסטע און בנעימותדיקע שמייכלען. איין וואָרט האָט געפירט צו אַ צווייטן. און מערי לו האָט פלוצעם דערהערט רייד, וואָס זי האָט שוין לאַנג נישט געהערט:

— איר האָט אפשר חשק צו טרינקען אַ גלאָז טיי מיטן אַן איינ־זאַמען מענטשן, אין אָוונט?

ניין! זי האָט אים נישט געקענט אָפּזאָגן, בפרט ווען ער האָט עס געפרעגט מיט אַ מינע ווי אין איר ענטפער וואָלט געוועזן אָפּ־הענגיק אַ שטיק פון זיין עלנטער עקזיסטענץ...

אַ זייגער אַכט איז זי געקומען. זיין צימער איז געווען אָנגענעם באַלויכטן און ציכטיק אויפגעראָמט. באַלד זענען זיי געזעסן ביי אַ קליין טישל, געטרונקען טיי און פאַרביסן מיט ביסקוויטן, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין אַ דערבייַיִקער קראָם. זיי האָבן שטיל גע־שמועסט, ווי זיי וואָלטן געוועזן לאַנג־יאָריקע פריינד, וועלכע האָבן זיך צוליב עפּעס אַ סיבה פאַרלאָרן, און אַצינד זיך אויף ס'ניי גע־פונען. זיי האָבן זיך אויסדערציילט מעשיות און געשעענישן פון אַ ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און ווען די שעה האָט געוויזן אויף צען, האָבן ביי ביידן די בליקן געגומען אומבלאָנדזשען אין דער ריכטונג פון דער ווייכער און פאַרביקער סאָפע...

אין גאַס איז די שטילקייט פלוצעם אויסגערונען. און שטיקלעך טעמפּע, אָפּגעריסענע קלאַנגען פון עפּעס אַן אינסטרומענט, וואָס איז

לכתחילה נישט געווען אַזוי גרינג צו באַשטימען זיין קאַטעגאָריע, האָבן זיך געגומען שטאַרקן אַלץ אָפּטער, בולטער און גרילצנדיקער. ס׳איז שוין מער קיין ספק נישט געווען, אַז דאָס הילכט אַ שופר אין דער נאַכט מיט אַ משונהדיקער עקשנות, גלייך ס׳וואָלט געדאַרפט דורכפירן אַ וויכטיקע און געהיימע שליחות...

מערי לו האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט אָן אַ טראָפּן בלוט אין פנים. און ציטערנדיק מיט אַלע אברים, האָט זי זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן צו דער טיר...

***

ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם געגנט האָט זיך אַריינגעקליבן, נישט לאַנג צוריק, אַ חזן, אַ שליח־ציבור, און היות ווי ס׳איז געווען ערב די ימים־נוראים, האָט ער פּראַקטיצירט, ווי געוויינטלעך, מיטן שופר, בכדי צו זיין גרייט צו פאַרטרייבן, כידוע, די בייזע רוחות און דעם שטן־מקטרג פונעם יידישן לעבן...

# דעם פסיכיאַטערס עצה

אויב „גליק״ איז נישט קיין אויסגעטראַכטער הרגש האָט עס דער מאַלער אַנאַטאָל ליכט געדאַרפט באַזיצן. יאָרן־לאַנג האָט ער זיך גע־ראַנגלט מיט אַ סך אמתע און פיקטיווע שונאים, ווייל סימאַ קאָרן, ווי אָ יפת־תואר, איז געווען תמיד אַרומגערינגלט פון פאַרערערס ביודעים און בלא־יודעים, דאָס הייסט, אַזוינע פון וועלכע מ׳האָט געוווסט און אַנדערע, וועלכע זענען געבליבן פאַרבאָרגן פאַר דער וועלט. דערצו איז זי געווען פאַרהייראַט צו אַ ברנ־נש, וואָס האָט זי שטענדיק געהיט, ווי אַ שפירהונט, געהיט און זי קיינמאָל, דאַכט זיך, נישט דערהיט...

סימאַ איז געווען אָנגעלייענט מיט דער קלאַסישער און מיט דער היינטצייטיקער ליטעראַטור. זיך געצירט און געפוצט לפי די באַוווּנ־דערטע פרויען־פיגורן אין די געלייענטע ווערק. איבערגענומען ביי אַ טייל פון זיי די פאָרטלען און המצאות בשייכות צו זייערע ראָמאַנ־טישע אַוואַנטורעס, געהאַט אַ סך בקיאות אין די אינטריגע־פאַרהעל־טענישן צווישן די געשלעכטער...

ווען אַנאַטאָל ליכט האָט באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ „צניעות־דיקן״ אָנשטעל זי רעדט צו איר מאַן — נאָך אַן אָפגעטאָענער נבלה קעגן אים, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ טיפער טרויער, ווי ער וואָלט געווען אַ מיטשולדיקער. און דאָך האָט ער זיך נישט געקענט באַ־פרייען פונעם צויבער, וואָס האָט געהויערט און געווייעט פון און אַרום אָט דער יונגער פרוי...

און פונקט ווי אין דער גרויסער וועלט, ווען עס פאַלן זיך צונויף געוויסע אומשטענדן און באַפרייען אַן אַרומגערינגלטן אָביעקט, אַזוי אומגעריכט האָט זיך דער קרייז יונגע־לייט גענומען דערווייטערן פון סימאַן. זי האָט בשעתה דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפעראַציע און האָט אַ צייט קיינעם נישט געקענט זען, אַפילו דער מאַן איז דעמאָלט גערן געווען צו זיין וואָס ווינציקער אין הויז.

ביי אַזוינע תנאים איז אַנאַטאָל ליכט געוואָרן אַן אָפטער אַריינ־

גייער צו סימאָן. זיין גאַנצער פיזיש־גייסטיקער מהות איז געווען צו־געפּאַסט צו איר געמיט־צושטאַנד. ער האָט ווינציק גערעדט און גע־קוקט אויף איר מיט אויגן, ביי וועלכע ס׳איז מער קיין טייערס נישטאָ אויף דער וועלט. און אויב ס׳האָט זיך יאָ אַמאָל ביי אים צעגומען די צונג זענען עס געווען רייד באַהויכט פון זאָרג און דאגות וועגן איר געזונט און צוקונפט.

סימא איז דעמאָלט געלעגן מיט ברייט־צעעפנטע העל־בלויע ליכטער, ווי דער הימל איבערן קליינעם הייזל וואָלט איר צוגעטיילט אַ חלק פון זיין עשירות. זי איז געווען פאַרקוקט אָט אין דעם זוניקן דרויסן, אָט אין דעם פאַרחלומטן סוביעקט לעבן איר בעט, און ס׳האָט זיך איר געטראַכט, אַז קיין ליכטיקערע טעג ווי די היינטיקע האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט און קיין געטרייערן ידיד ווי אָט דער, האָט זי זיך נישט געקענט ווינטשן.

ווען דער דאָקטער האָט איר פאַרזאָגט, אַז זי דאַרף בייטן דעם קלימאַט אויף אַ מער מילדערן, האָט זיך קיינער פון דער דערמאָנטער מחנה נישט גערירט פון אָרט, אַפילו נישט דער מאַן, וואָס איז געווען שטענדיק פאַרעסקט אין זיינע געשעפטן. מיטגעפּאָרן מיט איר, (בלחש, פאַרשטייט זיך!) איז אַנאַטאָל ליכט, וועלכער האָט באַטראַכט זיין לעבן אָן סימאָן פאַר אומזיניק און ווערטלאָז. קורץ און נאָך קירצער — די ווייטע שטאָט האָט זי נאָך מער דערווייטערט און אָפּגעפרעמדט פון איר מאַן. און ווען צו אים זענען דערגאַנגען שמועות, אַז זי פירט זיך דאָרטן אום מיט ליכטן, האָט ער צוערשט געפּרוווט מיט גוטן, און ווען ס׳האָט נישט געהאָלפן, האָט ער גענומען פאָדערן אַ גט. אָט דעם ענין איז גראָד געווען גרינג צו לייזן, מחמת אין דער עיר־הבירה קומט מען טאַקע צוליב אַזוינע צוועקן, און נאָך אַ מעלה האָט די שטאָט, נעמלעך — איין צד דאַרף דאָרטן ווינען אַ קורצע צייט, און ער קריגט אַרויס דעם געגאַרטן דאָקומענט.

מיט איין וואָרט: דאָס וואָס ס׳האָט אויסגעזען אַזוי אומדערגרייכ־לעך מיט געציילטע חדשים צוריק, איז רעאַליזירט געוואָרן אַצינד פשוט, נאַטירלעך און אָן זאָרג. אויב אָבער איינער איז גענייגט צו אָט דער טבע, וועט זיך שוין שטענדיק אָפּזוכן עפּעס אַ סיבה, וואָס זאָל אים האַלטן געשפּאַנט... דאָס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אין דער ערשטער וואָך פון זייער צוזאַמענזיין. אַנאַטאָל פלעגט אָפט אָפּליגן אַ וואַכער אין די נעכט און זיך צוהערן ווי פון צווייטן בעט דערטראָגט זיך אַ שווער אָטעמען, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי סימאָן נאָך

דער אָפּעראַציע. אָט איז עס באַלאָדן און כריפּנדיק און אָט שטעלט עס זיך איין מיט אַ שטילקייט און מען הערט פון איר נישט קיין שאָרך, ווי דאָס אָטעמען וואָלט זיך אינגאַנצן איבערגעריסן...

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען ביי דער אַרבעט, ווען דער כּוח־הדמיון האָט זיך ביי אים צושפּילט און גענומען מאָלן פאַר אים אומ־גליקן, וועלכע זענען באַפאַלן דער יונגער פרוי. ער פלעגט דעמאָלט נישט איינמאָל קלינגען צו איר און זיך נאָכפרעגן אויף איר געזונט און זי וואָרענען אויפן משונהדיקן טראַפיק ביים ראָג פון גאַס: „זע, טייערע, זיי פאָרזיכטיק ווי דו גייסט דאָרטן" — האָט ער גערעדט מיט אַ ציטער אין זיין קול. זי האָט געשמייכלט אויף זיין באַזאָרגטקייט און אים צוגעזאָגט צו פאָלגן.

איינמאָל ווען ער האָט טעלעפאָנירט אַהיים און נישט געקראָגן קיין ענטפער איז ער געוואָרן אומרויִק. ער האָט דעמאָלט געהאַט גראָד ביי זיך אין דער סטודיאָ אַ געוויסן בר־נש, וואָס האָט באַשטעלט ביי אים אַן אוילבילד, האָט ער יענעם אָפּגעפּטרט מיט עפּעס אַ תּירוץ און זיך שנעל אָפּגעטראָגן. ער האָט געפונען דאָס הויז אין אומאָרדענונג און מיט סימנים, אַז סימאַ האָט אַוועקגעאײַלט צום דאָקטער. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן דאָקטערס אָפּיס און נישט טרעפנדיק זי דאָרטן, איז ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס און גענומען זיך טראָגן אָט אין איין ריכטונג, אָט אין אַ צווייטער, און ווו ער האָט באַמערקט עטלעכע מענטשן אויף איין אָרט, איז ער געווען זיכער, אַז דאָרטן ליגט זי אַ פאַרווונדעטע, אַ צעשלאָגענע און וואַרט אויף הילף...

אין יענע מינוטן איז ער אַפילו נישט פריי געווען פון פאַרדאַכטן, אַז זי האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין אַ נייער ליבע־אַפערע און זי איז איצט אַוועק אויף אַ באַגעגעניש מיט „יענעם". אין אָוונט האָט ער זי גענומען פאָרשן און זי געזוכט אויף פאַרשיידענע אופנים צו קאָמפּראָ־מיטירן, בכדי זי זאָל זיך אויסגליטשן מיט אַ וואָרט. אָבער סימאַ, געוווינט צו אַזעלכע סצענעס אין איר לאַנגער דערפאַרונג מיטן מאַנס־בילישן מין, האָט געוווסט ווי זיך אַרויסצודרייען פונעם פלאָנטער. און פון אַן אָנגעגריפענער איז זי געוואָרן אַן אָנגרייפערין אַזוי, אַז יענער זאָל נישט נאָר אַראָפּשלינגען זיין חשד, נאָר זאָל בעטן ביי איר מחילה פאַר זיינע אומאיידעלע אָנצוהערענישן...

אין גאַנג פון די יאָרן האָט זיך זיין אויפפּיר לגבי זיין פרוי נישט געביטן, פאַרקערט, ס'איז ערגער געוואָרן. ער האָט פאַרלאָרן זיין

מנוחה, פאַרנאַכלעסיקט זיין אַרבעט און זיין געזונט האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. דער ספּעציאַליסט האָט ביי אים נישט געפונען קיין עצמדיקע חולאת, נאָר גיכער אַ נערוון־צעטרייסלונג, אַן עמאָציאָנעלע צערודע־רונג, און ער האָט אים געעצהט צו זען אַ פּסיכיאַטער.

און אָט דרייט ער זיך אום, אַ האַלבע שעה נאָך פאַר דער באַשטימ־טער צייט, לעבן דעם פּסיכיאַטערס קליניק און קען ביי זיך נישט פועלן אַריינצוגיין. נישט נאָר איז אים פריקרע אויפצודעקן פאַר אַ פרעמדן מענטשן זיינע אינטימע מוראס און ספקות, נאָר עפּעס אַ בושה און אַ פאַרדראָס נאָגן זיין האַרץ: „סטייטש, ער, דער אַרטיסט, דער מענ־טשן־קענער, צו וועמען חברים און סתם לייט קומען זיך שואל־עצה זיין, קען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן... און ווען ער באַשליסט שוין זיך אומצוקערן אַהיים, טוט ער ראַפּטעם אַן עפן די טיר פונעם אויפנאַם־צימער, און פאַלט אַריין אין אַ טומלדיקער מסיבה פון ביידע געשלעכ־טער.

דער פּסיכיאַטער, אַרנאָלד ניימאַרק, אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פון אַ יידישן וואָכנבלאַט, וואָס האָט זיך בשעתו שטאַרק אויסגעצייכנט אין זיין באַרוף, איז אויך געוואָרן אַ שם־דבר אין דער נייער פּראָפעסיע. פונקט ווי זיין אַוועקגיין פונעם שרייבערישן צעך האָט אַרויסגערופן באַדויערן ביי אַ סך פון זיינע קאָלעגן, אַזוי איז זיין אַריינקום אין דער ספערע פון פּסיכיאַטרע באַגריסט געוואָרן פון זיינע אַמאָליקע לייענער, וואָס זיי זענען געוועזן אַ היפּשע צאָל פון זיינע פּאַציענטן.

אמת, מען איז אויך ביי אים געלעגן אויף דער סאָפע, ווי דער איינפיר איז, אָבער דעם חולה האָבן באַטראַכט אַ פּאָר היימיש־גוט־ברודערישע אויגן, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, פאָרויסגעזאָגט אַ רפואה שלימה...

ווען דר. ניימאַרק האָט אויסגעהערט זיין נייסטן פּאַציענט, האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט:

— ס'איז אַ דבר־הידוע, ווען מען איז שטאַרק פאַרקאָכט אין אַ מענטשן, זאָל מען אָפּט באַהערשט ווערן פון אַזוינע געדאַנקען און געפילן. אַזוי זעען מיר עס, צום ביישפּיל, ביי געוויסע מאַמעס, אין באַזאָרגטקייט וועגן זייער קליינוויאַרג טראַכטן זיי צו כל־ערליי מיחושן צו זיי. אַפילו אייפערזוכט איז זיי נישט פרעמד! זאָל נאָר עמעצער אויסער דער משפּחה, אַרויסווייזן אַן איבעריקע ליבשאַפט צו זייערע קינדער!

אַרנאָלד ליכט האָט בעת־מעשה געוועגדט זיינע בליקן אומעטום,

האָט אָבער עקשנותדיק אויסגעמיטן דעם דאָקטערס דורכדרינגנדיקע אויגן. און ווען יענער איז ענדלעך אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער געפרעגט אַ ביסל אָן אויפגערעגטער:

— נו, גוט, דאָקטער, איר האָט געשטעלט דעם דיאַגנאָז, אָבער וואָס פאַר אַ רפואה האָט איר פאַר מיר?

דר. ניימאַרק האָט זיך אינטויִטיוו אָנגענומען פאַרן שפּיציקן בערדעלע, ווי אַמאָל זיין פאָטער, דער למדן, ביי אַ שווערער סוגיא, און געזאָגט:

— איך האָב פאַר אייך איין עצה, מיין פריינד! — האָט זיין קול געקלונגען ערנסט און מיט ישוב־הדעת — איר זאָלט פאַרקריכן אין אַ נייעם ליבע־פּלאָנטער, יאָ, יאָ... און ווען ער האָט דערזען, ווי יענער האָט אויף אים אויסגעסטאַרטשעט זיינע עינים פול מיט פאַרוווּנדערונג און פאָרוווּרף, האָט ער אים פאַרטייטשט זיין רעיון: די נייע אַפערע וועט אייך באַפרייען פון אייער שפּאַנונג, אייפערזוכט און עגמת־נפש. עס איז זיכער פאַראַן אַ געפאַר איר זאָלט אַריינפאַלן, צוליב די נייגונגען פון אייער כאַראַקטער אין נייע צרות. אָבער די צווישן־צייט וועט אייך גוטס טאָן. איבעריקנס, איז אין דער מעדיצין באַקאַנט, אַז מיט קעגנ־גיפט היילט מען אָפט אַ פאַרגיפטיקטן חולה, האָט איר מיך פאַרשטאַנען? און הגם אַנאַטאָל ליכט איז אַוועק פון פּסיכיאַטער אַ שטאַרק אומצופרי־דענער, האָט אים יענעמס איינפאַל פאַראינטעריסירט, און ער האָט, צו זיין אייגענעם חידוש, דערפילט אַ דערלייכטערונג.

און ווען עס פלעגט אים אַמאָל באַפאַלן אַ יאוש, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין דר. ניימאַרקס המצאה, ווי דער תנכישער זינדער אין די קרנות־המזבח. און בעת ער האָט געטראַכט און פאַנטאַזירט פונעם ווייבלעכן מין, זענען זיי אָבער אַלע געווען ענלעך אויף סימאַן. זיי האָבן געהאַט איר קעפּל מיט די טונקעלע קרויזן, וואָס איינער איז איר אַראָפּגעפאַלן, ווי אַ פראַגע־צייכן, אין מיטן שטערן. נאָר איין קאָנטיקער אונטערשייד האָט זיך ביי די יונגע פרויען יאָ געמערקט. פון די אויגן, טאָקע מיט אַ גאָלדיקן אָפּשיין ווי ביי סימאַן, האָבן אויך ארויסגע־פינקלט טריישאַפט און מיידלשע צניעות...

# ווען אַ יידישע צייטונג גייט אונטער

די מסיבה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין יענעם ווינטערדיקן אָוונט, אין דער טוריסטישער עיר־הבירה, ווי אַ קליין אינדזעלע אין מיטן פון אַ צעשטורעמטן אָקעאַן.

העט אויבן, אויפן עלפטן שטאָק, האָט מען געזען פון די אָפענע פענצטער, אויף איין זייט, טינט־שוואַרצע אומענדלעכע פלאַכן מיט באַוועגלעכע ווייס־שוימיקע פלעקן, און ס׳האָט זיך דערטראָגן אַהין אַ פאַרדעכטיק־צאָרנדיקער וווּיען פון ווינט, ווי עפּעס אַ שרעקלעכע נבֿלה וואָלט ערגעץ באַגאַנגען געוואָרן...

און פון דער צווייטער זייט — האָט די גרויסע שטאָט, אילומינירט פון אַ ים פיל־פאַרביקע ליכטער און אָנגעוואָרפן פון הויך־שטאָקיקע געביידן — דערמאָנט אין אַ סורעאַליסטישן געמעל פון אַן איבערזע־טיקט־קאַפּריזנעם קינסטלער. נישט קיין בעסערן איינדרוק האָבן גע־מאַכט אונטן די אויטאָס. זיי האָבן זיך געצויגן לאַנג און איינטאָניק, ווי אַמפיבישע בעלי־חיים מיט גלאַנציקע פאַנצערלעך אויפן רוקן. עולמס, תושבים און טוריסטן, האָבן זיך געאיילט, ווי אַ פאַרפלייץ פון אינסעקטן, איבער די גאַסן — צו הינט־און־פערד געיעגן, צו אויסנעמיק־אויסטער־לישע תענוגים און תאוות, גלייך די וועלט וואָלט געהאַלטן ביים אונטערגיין, און זיי זענען מחויב אַריינצוכאַפּן, כּל־זמן מ׳איז נאָך דאָ, וואָס מער פון די ערדישע גליקן...

פּנחס אַלטשולער האָט פאַר די פינף צענדליק צוהערערס איבער־געגעבן אַ גרויס פונם יידישן לעבן אין די לענדער, וועלכע ער האָט באַזוכט בעת זיין וואַקאַציע. ער האָט געפּרוווט אָנשלאָגן אַ מונטערן טאָן, האָט אָפּגעזוכט אין זיין נאָטיצביכל די מער היימלעכע געשעע־נישן. דערציילט טאַקע וועגן גערעאַנגל פאַרן יידישן קיום אויף די ערטער, אָבער אויך פון יידישע דערגרייכונגען. און ווען דער רעפערענט איז אַריבער צום יידישן ישוב אין מדינת ישראל, האָט זיך דער אינטערעס ביים עולם פאַרשטאַרקט, די אויגן און אויערן האָבן זיך

אָנגעשפּיצט. מ׳איז געגרן געווען יעדן פּרט, הגם אַ סך פונעם דעך־
ציילטן האָט מען געהאַט געליינט אין דער פּרעסע.

די געסט האָט זיך באַזונדערס געוואָלט וויסן וועגן דער מערכה
פון יידיש היינט אין דער מדינה. ס׳רוב פון זיי האָט באַטראַכט דאָס
לשון ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון זייער יידישקייט. און יעדער
שעפערישער אויפטו אין יענער ספערע האָט געפרייט און געמוטיקט...

אַלטשולער האָט זיך ברייטלעך אָפּגעשטעלט אויפן דענקמאָל־בנין
אויפן נאָמען פון אַ פאַרערטן יידישן וואָרט־קינסטלער, וואָס מ׳האָט
אויפגעשטעלט אין סאַמע האַרץ פון תל־אביב. ער האָט געשילדערט די
פייערלעכע יאָרטאָג אַסיפה, צו וועלכער ס׳איז געקומען אַ גרויסע
צאָל יידישע שריפטשטעלערס, אַרטיסטן און מוזיקערס מיט רעגירונג־
פאָרשטייערס אין דער שפּיץ. ער האָט אָנגעוויזן אויף יידישע צייט־
שריפטן און זשורנאַלן, וועלכע דערשיינען אין לאַנד, אויפן יידישן
טעאַטער וווהין אַפילו ותיקים און צברהס פאַרבלאָנדזשען, און ער
האָט פאַרענדיקט מיט אַ „סתירותדיקער” באַמערקונג פון איינעם פון
די זיילן אין דער העברעישער ליטעראַטור, אַז דווקא אין ארץ־ישראל
האָט יידיש אַ זכות־הקיום...

דער אויספיר פונם רעפערענט האָט געדאַרפט, נעמלעך, מיינען:
— ווי שווער און אומזיכער ס׳איז אונדזער גורל אין איין ישוב, דאַרף
מען נישט פאַרצווייפלען, ווייל מיטאַמאָל ווייזט זיך אַ ליכט פון
האָפענונג אין אַ צווייטן, דער עיקר טאַקע אין יידישן היימלאַנד...
אַלטשולער איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט שווער אָפּגעזיפצט, ווי ער
וואָלט דערפילט אַ נייטיקע און וויכטיקע שליחות.

די באַלעבאָסטע האָט דערלאַנגט כיבוד. די שטימונג איז געווען אַ
געהייטערטע. עמעצער האָט פאַרצויגן אַ באַקאַנטן ניגון, אַנדערע
האָבן אים אויפגעכאַפּט. ס׳האָט אויסגעקוקט, אַז דער צונויפקום וועט
זיך ענדיקן אין שלווה, דאָס הייסט, אָן פאַרדראָסן, אָן ערגערנישן.
אָבער פּלוצים האָט זיך אַ טראַג געטאָן דורכן גרויסן, העל־באַלויכ־
טענעם זאַל אַן אומרויִקער געמורמל, ווי אַ שוואַרצער שפּאַרבער
וואָלט אַרויסגעשאָסן פון אַ באַהעלטעניש אין אַ לויטער־זוניקן דרויסן.
אויף דער מינוט האָט מען נישט געקענט דערגיין וועך ס׳האָט גורם
געווען דעם אויפרודער. ס׳האָט זיך דערהערט אַ רוקן פון שטולן. דער
עולם האָט זיך גענומען געזעגענען. לעבן אַלטשולערן איז אויסגע־
וואַקסן ניסן בערגער. זיינע געדיכטע, גרויע ברעמען האָבן נישט
אָנגעזאָגט קיין גוטס:

— איר האָט שוין געהערט? — האָט ער אים געשעפּטשעט אין אויער.

— געהערט וואָס? — האָט אַלטשולער אים באַטראַכט מיט חשד.

— „דער פּרימאָרגן" האָט זיך אָפּגעשטעלט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטער אין קול.

— אויב ס'איז נאָר אַ קלאַנג דאַרף מען אים נישט פאַרשפּרייטן!

הגם אַזוינע שמועות האָבן שוין לאַנג צירקולירט, האָט זיי אָבער קיינער פון יענעם קרייז ערנסט נישט גענומען. „דער פרימאָרגן" דער־שיינט שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט אין ניו־יאָרק און איז פאַררעכנט געווען פאַר אַ סאָלידער טאָג־צייטונג מיט אַ באַשטימטער השפעה אויפן יידישן ציבור, נישט נאָר אין לאַנד. זיין אָפּשטעל וואָלט זיך אויסגעווירקט לרעה אויך אויף אַנדערע ישובים: — „אם בארזים נפלה שלהבת, — האָט זיך אַלטשולער דערמאָנט אין דער תלמודישער מימרא — „מה יעשו אזובי הקיר?" אויב אין אַזאַ כרך קאָן עס געשען ווי וועט שוין זיין מיט יידישע אויסגאַבן אויף דער פּראָווינץ? — האָט ער פאַראַפראַזירט דאָס ווערטל צו דער מעגלעך — געשאַפענער לאַגע.

— ס'איז, צום באַדויערן, נישט קיין קלאַנג, נאָר אַ זיכערע זאַך! איז בערגער געווען מאָדנע איינגעשפּאַרט.

— ווו האָט איר עס געהערט? און וואָס עפּעס גראָד איר? — האָט אַלטשולער געפרעגט און האָט פון יוצא וועגן צוגעגעבן: אָט שטיי איך נאָענט צו דער צייטונג און איך ווייס נישט דערפון.

— אפילו די שרייבער, די אינוויינִיקסטע מיטאַרבעטער זיינען נישט אינפאָרמירט געוואָרן! — האָט בערגער אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ סודותדיקע מינע.

אַלטשולער איז אַרויס פון הויז און איז אַוועק איבער די רוישיקע גאַסן. ער האָט אין געדאַנק איבערגעלעבט אויף ס'ניי די שטיל־מנוחה־דיקע מינוטן פון ערב קומען צו דער מסיבה, און אים האָט זיך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי אין יעדער פרייד לויערן שוין באַצייטנס זוימען פון טרויער, פון יסורים. ביי זיין זייט האָבן די מיטגייער געפירט וויכוחים, אַרויסגעזאָגט השערות וועגן די מעגלעכע סיבות פון דער פאַרמאַכטער שריפט, און פון זייערע רייד האָט געוויעט אַ טיפער צער, ווי זיי וואָלטן פאַרלוירן אַ נאָענטן משפחה־מיטגליד. ביי דער טיר האָט אַלטשולער זיך פּלוצים אָפּגערופן צו זיינע באַגלייטער:

— הערט, מיינע פריינד! ס'טרעפט גאַנץ אָפט אין דער אַמע־ריקאַנער פּרעסע, אַז צייטשריפטן גיסן זיך צונויף, מאַכן, וואָס מ'רופט

דאָ־הי אַ „מוירדזשער" און אַנדערע הערן אויף אין גאַנצן צו עקזיס־
טירן, און די געשעעניש רופט נישט אַרויס קיין רושם, און קיינער
עסט זיך דערפון נישט אָפּ ס׳האַרץ — סיידן די נוגעים בדבר —
די באַלעבאַטים !... און באַטראַכטנדיק מיט אַ מילדן און שטאָלצן בליק
זיינע פאַראָבלטע חברים, האָט ער זיי געדריקט די הענט מיט אַ
באַזונדער וואַרעמקייט און פריינדשאַפט, און איז מיט אַ געהויבענעם
קאָפּ אַריין אין הויז...

# אַ לערער דערציילט

אין אַ מסיבה פון יידישע דערציִער האָט דער שמועס באַרירט פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דער פּראָפעסיע. להיפוך פונעם „פּאַב־ליק־סקול״ לערער, וואָס גיט זיך אָפּ, דער עיקרשט, מיט זיין באַרוף, טראָגט אויף זיך אונדזערער אַ מענטש, כידוע, אויך אַנדערע התחייבותן, אָפּט אַזוינע, וועלכע האָבן לחלוטין נישט קיין שייכות מיטן פאַך. און ווי אַ דוגמא־לענין האָט מאיר אַנטאָקאָל, אַ לאַנג־יאָריקער מדריך דערציילט אַזאַ טשיקאַווע פאַל:

— ס׳איז געווען אַ שטיקל צייט נאָך מיין איבערנעמען די שול אין אַ שטאָט, ביים ים, וואָס איז באַקאַנט מיט איר מילדן קלימאַט, האָט זיך, אין אַן אָוונט אַריינגעשטעלט צו אונדז אין הויז, אַ פערצן־יאָריק מיידל, דין און שלאַנק, ווי דאָס יונגע פּאַלמע־ביימל ביים פענצטער, און מיר געלאָזט וויסן, מיט אַן אָנגענעם־מעלאָדישער שטימע, אַז זי קומט פון ניו־יאָרק, האָט דאָרטן פאַרענדיקט די פאָלקשול און וואָלט וועלן ממשיך־זיין דאָס לערנען אין מיטלשול.

איך האָב געדאַרפט ביטער שמייכלען. כ׳האָב ערשט געהאַט באַפעסטיקט אַ ביסל דאָס אומזיכער שולביידל, וואָס וואַקלט זיך ביי יעדן סוף זמן, צי בעתן בייט פון אַ לערער. כ׳בין געווען פול מיט ספקות, צי אין אַ רעזאָרט־אָרט, אַרומגערינגלט פון לאָקנדיקע ים־ברעגן, מיט אומצייליק־טויזנטער טוריסטן, קאָן בכלל לאַנג גע־דייען אַזאַ באַשעפעניש, ווי אַ יידישע שול. פון עפּעס העכערס האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געטראַכט. איך האָב פון דעסט וועגן געענט־פערט מיין אומגעריכטן און שטאַרק אָנגעלייגטן גאַסט:

— מיר האָבן נישט קיין מיטלשול,נאָר אויב דו ווילסט לערנען, וועל איך מיט דיר לערנען, אַפילו דו זאָלסט זיין די איינציקע תלמידה אין קלאַס.

איך וועל אייך לאַנג נישט מאריך־זיין, רבותי, וועגן אָט דעם ענין, נאָר, דרך־אגב באַמערקן אַז ס׳האָבן זיך שפּעטער אָפּגעזוכט, צו מיין גרויסן חידוש, נאָך אַזוינע יוגנטלעכע בעלנים, און ס׳האָט

זיך פאַרמירט פון זיי אַ כיתה, פון וועלכער כ'האָב געהאַט אַ סך לערערישן נחת... איך בין אָבער אויסן עפּעס אַנדערש:

דאָס מיידל, אָ! יאָ, איר נאָמען איז געווען דבורהלע גערשאַם, האָט געוווינט מיט איר מוטער ציליאַ, אינעם אַלטן פערטל פון דער עיר־הבירה. די מוטער האָט געאַרבעט ווי אַ פאַרקויפערין אין אַ „סופּערמאַרקעט״. דער פאָטער איז אומגעקומען אין לוקסענבורג בעתן צווייטן וועלטקריג. נאַצישע עראָפּלאַנען האָבן באַשאָסן די שטאָט און אַ שראַפּנעל האָט אים געטראָפן. ציליאַ האָט נאָך באַוויזן אַריינצושלעפּן דאָס פינף־יאָריק קינד אין אַ קאָרידאָר און צוצוזען פון דאָרטן דאָס אומגליק.

די יונגע פרוי האָט זיך דעמאָלט, ווי אַ סך אַנדערע יידן, אַריבער־געכאַפּט, מיט גרויס איינשטעלעניש, קיין פראַנקרייך. און ווען דער נאַצישער מחבל האָט אויך אַהין דערגרייכט, האָט זי זיך געפּרוווט ראַטעווען מיטן מיידעלע אינעם נישט־אָקופּירטן טייל פון לאַנד. איר איז געלונגען אָפּצופאָרן מיטן לעצטן צוג אין דער ריכטונג פון דרום. זי האָט געהאַט ביי זיך פאַרשטעקט די נייטיקע פּאַפּירן, צוגעשיקט נאָך מיט אַ צייט פריִער פון איר שוועסטער. פּאַפּירן, וועלכע וואָלטן דערמעגלעכט איר אַריינקום אין אַמעריקע. ס'האָט זיך געדאַכט, די פּאַסאַזשירן זענען, נאָך לאַנגע מעת־לעתן פון וואָגלען איבער זייטיק־פאַרוואָרפענע רויִקע געגנטן, ענדלעך אַרויס פון געפאַר.

נאָר מיטאַמאָל איז דער צוג פאַרהאַלטן געוואָרן. ס'האָט זיך באַוויזן אין די וואַגאָנען אַ חברה עס־עס לייט מיט אַן אָנפירער בראש. זיי האָבן גענומען אויסטיילן, ווי געניטע שפּירהינט, די יידן פון די איבעריקע פאָרערס. אָט האָט זיך שוין דערנענטערט די ריי פון דער פרוי גערשאַם. דבורהלע האָט זיך איינגעקלאַמערט פון פאָרנט אין דער מאַמען, ווי זי וואָלט זי וועלן באַשיצן. זי האָט נישט געוויינט, נישט געשריען, נאָר אירע אויגן, אויפגעריסענע, ליכטיק־בלויע זענען געבליבן הענגען מיט געבעט אויפן בר־נש מיט דער סוואַסטיקע אויפן אַרבל. און דאָ איז געשען אַ נס. צי דער נאַצי האָט די צוויי אָנגענומען פאַר „אַרישע״, צי ס'האָט זיך אין אים עפּעס אַ ריר געטאָן, אָדער ער האָט זיי פשוט פאַרקוקט אין טומל. אַזוי צי אַנדערש. ער איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, טרייבנדיק מיט זיינע געהילפן די אויף־טויט־דערשראָקענע יידן פון דער באַן...

מאיר אַנטאָקאָל האָט שווער אָפּגעזיפצט, גלייך ער אַליין וואָלט ערשט דורכגעמאַכט אָט דעם שרעקלעכן נסיון. ער האָט באַטראַכט

זיינע צוהערער מיט אַ פאַרגליווערטן בליק און ממשיך געווען: —
איך האָב זיך באַקאַנט, ביי אַ געלעגנהייט, מיט דבורהלעס מאַמע. זי איז געווען פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ שטילן, ליבלעכן שמייכל. נישט געקוקט אויף די שווערע איבערלעבונגען האָט זי נישט פאַרלאָרן דעם צוטרוי צו מענטשן. זי האָט געשטאַמט פון וואַרשע. איר מאַן, ברוך, אַ צייכן־טעכניקער האָט קוים אויסגעשלאָגן אויף חיונה. נאָך לאַנג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך די גערשאַמס געריסן פון פוילן, ווייל ס'האָבן זיך געשאָטן יעדן טאָג נייע גזירות אויף יידן אין לוקסעמבורג, ווו זיי האָבן געהאַט פריינד, האָט געדאַרפט זיין די ערשטע סטאַנציע אויפן וועג צום געחלומטן לאַנד. ברוך האָט דאָרטן געקראָגן אַרבעט ביי זיין פאַך, און ווער ווייס, וואָס ס'וואָלט געוואָרן פון זייער רייזעפּלאַן, ווען ס'רוקט זיך נישט אָן דער קריג.

נאָך ברוכס פּלוצעמדיקן טויט איז ביי ציליאַן שטאַרקער געוואָרן דער פאַרלאַנג עוקר צו זיין פון דער פאַרשאָלטענער ערד. זי האָט זיך אָבער דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז אויך אין דער נייער מדינה זאָלן זיין אָנגעגרייט פאַר איר און פאַר איר טעכטערל פולע לאָגלען מיט יסורים און פּיין. און געקומען זענען זיי פון גאָר אַן אומגעריכטן ווינקל.

ציליאַ גערשאַם האָט נאָך זייענדיק ביי דער שוועסטער אין ניו־יאָרק זיך אָפּגעזוכט אַ שטעלע אין אַ קליינעם שאָפּ פון דאַמענהיט. מ'האָט דאָרטן נישט געדאַרפט קאָנען קיין ענגליש. די עטלעכע פאָרטאָריקאַנערינס האָבן עס אויך נישט געקענט. דער באַלעבאָס, אַרטשי פעל, האָט זיי אַלעמען פאַרשטאַנען. די מיידלעך האָבן גע־אַרבעט פון שטיק און געזוכט צו איבערשטייגן איינע די אַנדערע נישט נאָר ביי דער מאַשין, נאָר אויך מיט זייער קליידונג און פּוץ. זיי האָבן געוווּסט, אַז פעל איז נישט לאַנג צוריק געבליבן אַן אַלמן, און זיי האָבן געוואָלט אויסנעמען ביי אים...

נאָר דער באַלעבאָס האָט געוואָרפן אַן אויג גראָד אויף דער שטילער און צוריקגעהאַלטענער ציליאַן. הגם די יונגע פרוי האָט דעמאָלט נישט געטראַכט פון אַ צווייטער הייראַט, זי האָט נאָך גע־טראָגן אין זיך דעם טרויער און די בענקשאַפט צום פאַרשטאָרבענעם, האָבן אָבער די אָפּטע מחלוקות אין דער שוועסטערס היים, סיבות האָבן נישט געפעלט — גובר געווען אין איר אַלע מיכשולים...

די חתונה מיט אַרטשי פעל האָט זיך אַרויסגעוויזן, גלייך ביים אָנהייב, פאַר אַ דורכפאַל. לאַ־די, וואָס ער האָט פאַרשוויגן פאַר איר

זיינע דריי פּיצלעך יתומים, האָט ער נאָך אַצינד אָפּגעזאָגט דאָס שטובמיידל, וועלכע האָט אַכטונג געגעבן אויף זיי. און אויף ציליאַן איז געפאַלן דער גאַנצער עול פון דער הויזווירטשאַפט.

אַרטשי פּעל האָט געהערט צו יענעם מין אַמביציעזע לייט, וועלכער שטעלט זיך פאַר גאָרנישט אָפּ צו דערגרייכן זיין ציל. ער האָט אָנגעהויבן, ווי אַ סך פון זיין גלייכן, מיט פּעדלעריי, און דווקא אין די גוישע גאַסן. זיין לאַנגער, אויסגעצויגענער גוף, מיטן שפּיציקן קאָפּ און לויפיקע אייגעלעך, האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר הינט אָדער שקאָצים. ער איז געווען געוווינט צו זיי נאָך פון זיין אוקראַיִנער שטעטל. ווען מ'האָט פאַר אים פאַרקלאַפּט די פאָדערשטע טיר, האָט ער זיך געוויזן אין קיכאַריינגאַנג. אָט די צודרינגלעכקייט האָט אים אַרויסגערופן שאַרפע עפּיטעטן אויפן יידישן אַדרעס, אי, ווי אומגלייבלעך עס זאָל נישט קלינגען, אויך אַ געוויסן אָפּשיי.

דער יונג האָט באַטראַכט זיין ווייבס טויט, ווי אַן עוולה. ניין, אַן אומרעכט קעגן אים, מצד די העכערע כוחות. איר לאַנגע קראַנקייט האָט אים אַריינגעטריבן אין חובות. און ער האָט אויסגעלאָדן זיינע אָנגעלאָדענע קריוודעס אויף אַלעמען: — אויף אירע משפחה־לייט, נישט אַרויפלאָזנדיק זיי אויפן שוועל פון זיין הויז, אויף די אַרבעטער־מיידלעך, ביי וועלכע ער האָט אומזיסט אויפגעוועקט ראָמאַנטישע תשוקות. נאָר דעם פולן כוס ביטערניש האָט ער צוגעטיילט ציליאַן און איר קינד.

ווי יעדער תקיף האָט ער געהאַט אַ סאַדיסטישע הנאה קליינצוהאַלטן זיינע קרבנות און איינצייטיק רעגירן איבער זייער שוואַכמוטיקייט. ס'האָט זיך דעמאָלט געשפּירט אין זיין טאָן אַן אַרויסרוף:
— „אדרבה, שטעל זיך קעגן מיין ווילן — אויב דו קאָנסט!..."
אַזוי, ווען ער האָט אויסגעציילט ציליאַן ביז אַ פּעני אויף דער הוצאה, אַזוי, ווען ער האָט געפאָדערט פון איר פון אַלץ אַ חשבון. צי ווען ער איז געזעסן ביים מאָלצייט, פאַרטאָן אין אַ צייטונג גלייך קיינער וואָלט נישט געווען ביים טיש, און זיך אומגעשאַפן מיט איר און מיט דבורהלען.

נאָר צום שווערסטן האָט די יונגע פרוי געליטן אין די אָוונטן, ווען די קינדער, אויסגעצוואָגענע און פאַרקאַמטע, זענען געלעגן אין די ווייסע העמדלעך אויף זייערע בעטלעך און, ווי מידע, אויסגעשעפּטע פייגעלעך, שלעפעריק געפּישטשעט, וואַרטנדיק אויפן פאָטער, ער זאָל זיי געבן דעם „גוטע־נאַכט קוש".

פעל האָט עס שטענדיק געטאָן מיט אַן אַרויסוווייזערישער צערט־לעכקייט, אויסלאָזנדיק דבורהלען, וואָס האָט מיט אַ קלאַפּנדיק הערצל געהאָפּט, אַז דאָס מאָל וועט ער זיך אין איר דערמאָנען...

און וועגן אָט דער אָפּענער אכזריות האָט זיך דערוווּסט ציליאַס שוועסטער, מאַשע, און זי האָט פאַרפירט אַ גערייד מיטן שוואָגער:

— ווי האָט מען עס נישט אַ פונק רחמנות אויף אַ קינד — האָט זי געפרעגט אַן אויפגערעגטע. — מילא, אַז איר באַהאַנדלט אַזוי מיין שוועסטער, איז עס אין גאַנצן איר שולד, ווייל אַ פרוי מיט שטאָלץ וואָלט אייך געוויזן ציין און נעגל און נאָך עפּעס... — האָט זי אים דורכגענומען מיט איר שאַרפן בליק.

דער שוואָגער האָט זי געלאָזט רעדן, נישט אומקוקנדיק זיך אויף איר, און האָט זיך, לסוף, אויפגעהויבן געלאַסן פון אָרט און איז אַרויס פון צימער.

— ווער פטור פון אים! — האָט מאַשע צאָרנדיק אַרויסגעגעבן איר פסק־דין פאַר דער פאַרצווייפלטער שוועסטער. — ווער וואָס שנעלער פטור פון אים!...

אָבער אָט די זאַכן טוען זיך נישט אַזוי שנעל. פעל האָט, נאָך מאַשעס באַזוך, געמערט, ווי דער פאַרצייטיקער פרעה, ציליאַס עינויים. אַוודאי האָט די יונגע פרוי אים געקאָנט פאַרקלאָגן אין געריכט, נאָר נישט זי איז געווען פעיִק אויף דעם, נישט זי האָט געלאָזן אַן אַנדערן דאָס טאָן. עס זענען אַוועק צוויי שווערע יאָר, ביז זי האָט זיך, ענדלעך, אַנטשיידן איבערצולאָזן איר מאַן און איז בשתיקה אָפּגעפאָרן מיט דבורהלען אין דער דערמאָנטער שטאָט, ווו זי האָט, נאָך אָפּוווינען אַ געוויסע צייט, אַרויסגעקראָגן אַ גט...

איר וווּנדערט זיך, מסתמא, רבותי, ווו שטעקט דאָ מיין פּער־זענלעכער שייכות אין דעם ענין? — האָט אַנטאָקאָל איבערגעריסן. — איך קום צו דעם...

פרוי גערשאַם — אַזוי האָט זי זיך שוין ווידער גערופן — האָט געאַרבעט, ווי איר געדענקט אַוודאי, אין אַ „סופּערמאַרקעט", גע־אַרבעט לאַנגע שעהען און פאַרדינט, ווערדליך יענער צייט, נישטיקע שכירות. קורץ און שלעכט. ס'איז ווידער אַוועק אַ געמוטשעטע לעבן.

זי און דבורהלע זענען געווען ביי אונדז אָפטע געסט. ס'איז נישט געווען, דאַכט זיך, אַ שמחה אין הויז, צי סתם אַ צונויפקום, זיי זאָלן אויספעלן. ס'איז איבעריק, גלייב איך, צו דערמאָנען, אַז ציליאַ פלעגט זיך שואל־עצה־זיין מיט מיר וועגן פאַרשיידענע ענינים. ווען דאָס

טעכטערל למשל, האָט געענדיקט „היי־סקול" און ס׳איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע, וואָס זי זאָל ווייטער טאָן, האָב איך גענומען נאָכזוכן, ווו צו קריגן פאַר איר אַ סטיפּענדיע אין אַן אָרטיקער שול, ווייל דאָס מיידל האָט געוואָלט ווייטער לערנען און זיך דערשלאָגן צו אַ פּראָפעסיע, ביז ס׳איז מיר, צו אונדזער אַלעמענעס פרייד, געלונגען !...

ביי דער מוטער איז אָבער די פרייד געווען געמישט מיט צער. די אַרבעט האָט זיך געלייגט שווער אויף איר. זי האָט פאַרלאָרן וואָג. אין די חנעוודיק־פאַרזשמורעטע אויגן האָט זיך פאַרקליבן אַן אומעט. זי האָט זיך געשראָקן פאַרן גורל פון איר קינד: — טאָמער פאַרלירט זי די שטעלע, צי מען נעמט זי אַוועק אין שפּיטאָל. איך האָב דעמאָלט, נישט געקוקט אויף די אייגענע זאָרג און דאגות, אָפט געטראַכט וועגן איר. כ׳האָב געוואָלט מיט עפּעס באַוואָרענען איר מעמד, איידער עס ווערט שפּעט, און נישט געוווּסט ווי אַזוי...

איין טאָג האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן אין הויז, און איך האָב דערקענט אַ שטימע, וואָס כ׳האָב שוין לאַנג נישט געהערט. צו יענער צייט איז נישט געווען קיין נאָווינע, אַז שולטוער, עלטערן אָדער סתם באַקאַנטע פון פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, זאָלן, וויזי־טירנדיק דעם וווּנדערלעכן ווינטער־רעזאָרט, מיר אָנקלינגען, צי אַפילו באַזוכן.

זכריה יאַניש געדענקט איר נאָך פון — ? — און ער האָט אָנ־גערופן דעם נאָמען פון דער שטאָט. אַוודאי האָב איך אים געדענקט! זיין פרוי, בתיה, ע״ה, אַ העברעיִשע לערערין האָט געפירט אַ רחבהדיק הויז. כמעט יעדן פרייטיק אָוונט בין איך געווען זייער גאַסט. זייער בן־יחידל, בעני, מיינער אַ תלמיד, האָט געדאַרפט בייזיין בעת זי האָט געבענטשט ליכט. און דאָך האָט די שטאַרקע נטיה צו רויכערן זי נישט אָפּגעהאַלטן צו פאַרציִען אַ סיגאַרעט ביי די זעל־ביקע שבת־ליכט... דער פאַרליבטער יאַניש האָט נישט געזען אין דעם קיין סתירה, ווי ער האָט בכלל נישט געזען אין איר קיין חסרונות. זי איז געווען פאַר אים די שלימות אַליין. ער האָט איר נאָכגעגעבן אין אַלץ, אַפילו דעם פאַרלאַנג צו פאַרברענגען מיטן יינגל אַ גאַנץ יאָר אין מדינת ישראל. זי וואָלט אים געוויס רעאַלי־זירט דעם פאַרלאַנג, ווען נישט די פאַטאַלע קראַנקייט, וואָס איר נאָכאַנאַנדיק רויכערן האָט גורם־געווען און פאַרענדיקט, אין משך פון געציילטע חדשים, איר יונג לעבן...

נאָך בתיהס פּטירה האָט יאָניש פאַרקויפט זיין פּרעכטיקע היים, זיך פאַרגראָבן אין זיינע פילפאַכיקע געשעפטן און אויסגעמיטן אַמאָליקע פריינד. זיין באַשיידענער צימער איז געווען באַהאָנגען מיט אירע פאָטאָגראַפיעס. אין די אָוונטן האָט ער אָנגעשטעלט די פלאַטעס, אין וועלכע זי האָט געהאַט אַריינגעזונגען ציגיינער־ראָמאַנסן און סתם לידער. מען איז געווען זיכער, אַז קיינער און גאָרנישט וועט ווען עס איז אַרויסשלעפּן אָט דעם מענטשן פון זיין אבלות...

איך בין געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס ס׳איז געוואָרן פון זיין רייכער ביבליאָטעק. ער האָט זיך גרויס געהאַלטן מיט איר. ער פלעגט זיך איינשאַפן גאַנצע קאָמפּלעטן ביכער, צווישן זיי זעלטענע ספרים, יקר־המציאותן. און אויך איך האָב נישט זעלטן, מהנה־געווען פון זיי.

— קומט אַריבער, חבר יאָניש! — האָב איך אים פאַרבעטן צו זיך.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען מיר געזעסן ביי אַ גלאָז טיי און געמיטלעך געשמועסט. איך האָב זיך געהיט אָנצורירן די פאַרגאַנגענע צייט. די יאָרן האָבן אים באַזילבערט די שלייפן, אויסגעפוצט פאָרנט די האָר, פאַרלייגט קנייטשן אונטער די אויגן, אַרום מויל, און דאָך האָט געהויכט פון אים מיט אַן איידעלער רוחניות, מיט אַ סטאָיִשער עקשנות. ווען זיין בליק האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבער מיין ביכערשראַנק, האָב איך זיך דערוועגט אים צו פרעגן:

— וואָס איז געוואָרן פון אייער ביבליאָטעק, חבר יאָניש?

— איך האַלט די ביכער פאַרפּאַקט אין אַ קעלער. — איז איבערגעלאָפן אַ שאָטן איבער זיין געזיכט.

— אין אַ קעלער? — בין איך נשתומם געוואָרן. — איר האָט זיי דאָך געקאָנט אַוועקגעבן אין אַ יידישער אינסטיטוציע, צי אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק.

— איך בין נאָך נישט גרייט דערצו! — האָט ער אַ קוק געגעבן אויף מיר, און אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. די געציילטע ווערטער און די באַגלייטנדיקע אינטאָנאַציע, האָבן מיך געשטויסן צו אַ ווייטערדיקער פראַגע:

— איר מיינט אפשר ווידער אויפצושטעלן אַ היים?

ער האָט אומעטיק אַ שמייכל געטאָן:

— ס׳זאָל זיך נאָר מאַכן די פּאַסיקע פערזאָן!

ב׳האָב נישט געגלויבט מיינע אויערן! לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז ער האָט שוין עמעצן אין זינען, און ס׳איז מיר באַפאַלן

אַ טיפּער טרויער: — „יאָ, יאָ, האָב איך ביי זיך געקלערט — „אַפּילו זכריה יאָניש קאָן שוין פּועלן ביי זיך אַזאַ זאַך...״ נאָר ווען כ׳האָב איינגעזען, פון זיינער אַ באַמערקונג, מיין טעות, האָט מיך אַרומגענומען אַ לויטערע פרייד, און אַן אומענדלעכע דאַנקשאַפט צום אַלמעכטיקן. און ווען מיין פרוי איז אַריין פון גאַס, האָב איך פאַרגעשטעלט מיין פריינד מיט הויכע עפּיטעטן און פאַרלויבט זיין זון און זיינע ביכער מיט גרויס התלהבות, ווייל ס׳האָט זיך דעמאָלט געעפנט אין מיר אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון גוטסקייט...

פאַרן אַוועקגיין האָב איך אים פאַרבעטן אויך אויף מאָרגן צו אונדז. מיין פרוי האָט מיר אין דעם צוגעהאָלפן, ווען זי האָט באַמערקט, אַז ער קווענקלט זיך.

און איך האָב אויך איינגעלאַדן ציליאַן. נאָך אַלעמען האָט זי ביי אונדז קיין מאָל נישט אויסגעפעלט ווען מיר האָבן געהאַט געסט. זי האָט זיך ערשט געהאַט באַפרייט פון איר אַרבעט, נאָר זי האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט.

די יונגע פרוי איז געזעסן אויף דער סאָפע און האָט אונדז שטיל דערציילט, מיט אַ קאָנטיקן פאַרדראָס, אַז דבורהלע וויל אויפגעבן דאָס לערנען אין „קאָלעדזש״ און אַריבער אין דער „סקול אָף נוירסינג״, ביים שטאָטישן שפּיטאָל, ווייל ס׳איז אַצינד אַ דוחק אין „קראַנקן־שוועסטער״. מיך האָט געערגערט איר באַשלוס. כ׳האָב געוווּסט פון דער עבודת־פּרך, וואָס אַ לערנמיידל דאַרף דורכמאַכן, אָבער געזאָגט האָב איך:

— ס׳איז אַ נוצלעכע פּראָפעסיע, ציליאַ, און עס באַצאָלט זיך אויך גוט.

— זי נעמט אַ שווערן יאָך אויף זיך! — האָבן זיך געוויזן טרערן ביי איר. און מיט אַ מאָל האָט זי איבערגעריסן: — דבורהלע האָט עס אייך שוין אַוודאי פאַרטרויט, חבר אַנטאָקאָל, און צוליב דעם ענין האָט איר מיך גערופן, נישט אמת?

אין די רייד איז אָנגעקומען זכריה יאָניש און ער האָט מיך אַרויסגענומען פון אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט געוואָרפן אַ פאָרשנדיקן בליק אויף ציליאַן און זיך אַליין פאָרגעשטעלט פאַר איר. דאָס איז געווען אַ געוואַגטקייט פון זיין זייט. אָבער נאָך מער בין איך איבעראַשט געוואָרן ווען ער האָט פאַרפירט, גאָרנישט לויט זיין טבע, אַ שמועס מיט איר. ער האָט גערעדט לאַנג און אינטענסיוו, ווי אַ געצוימטער שטראָם וואָלט זיך פּלוצעם דורכגעבראָכן אין אים. איך האָב

זיך, בעת־מעשה, דערמאָנט ווי דער זעלביקער מענטש האָט זיך נישט דערלויבט אַזאַ פרייקייט מיט בתיהן, און מיר האָט עפּעס שטאַרק הנאה געטאָן דער איבערבייט אין אים... דאָס פּאָרל האָט זיך מער נישט גענייטיקט אין אונדז, און מיר האָבן זיך געהאַלטן אין אַ זייט. ציליאַ האָט צוערשט נישט געקענט „איינבייסן" אַזאַ אומגעריכטע פאַמיליאַרקייט מצד אַ פרעמדן. זי האָט זיך פון דעסט וועגן צוגעהערט צו אים, צוגעהערט מיט אַ וואַקסנדיקן אינטערעס מיט אַן אויפגעלויכטן פּנים. און אין די אויגן, מידע, נישט אויסגעשלאָפענע, האָבן זיך אַ צינד געטאָן נייגעריקע, געהיימניספולע פייערלעך. זי האָט אויסגעזען, אין יענער מינוט, ווי אַ פאַרשמאַכטע זונבלום, וואָס האָט דערפילט אויף זיך אַ זומערדיקן שפּריירעגן... זיי זענען ביינאַנאַנד אַרויס פון הויז און מיר מאָדנע געדריקט די האַנט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך יאַניש געזעגנט מיט מיר. ער איז געווען אין אַ געהויבענעם מצב־רוח. ער האָט מיך לאַנג באַטראַכט, גלייך איך וואָלט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אין אַ ניי ליכט.

ווי איר שטויסט זיך אָן, רבותי, האָט זיך יאַניש נישט אומגעקערט אַהיים אַליין. נישט ער און אַוודאי נישט ציליאַ, האָבן פאַרגעסן זייער ערשטע באַגעגעניש ביי אונדז אין הויז, אַ סימן האָט איר — עס גייט נישט אַוועק דאָס יאָר, מיר זאָלן נישט באַקומען פון זיי, פּינקטלעך צום טאָג, עפּעס אַ מתנה, צי אַזוי אַ מעמענטאַ, ווי אַ צייכן פון דאַנקשאַפט...

# די לערערין און איר ניי „קינד"

דאָס גרויס, אַלט און אומהיימלעך הויז האָט געהאַט מער ווי איין אַריינגאַנג. יעדער פליגל איז געווען ווי אַן אָפּגעשלאָסן וועלטל פאַר זיך און באַווינט, ס׳רוב, פון עלטערע פּאָרפעלקער, וועלכע מען האָט אַפילו זומער זעלטן געזען אויפן באַלקאָן און פון מיטל יאָריקע יחידים פוןביידע געשלעכטער — פּראָפעסיאָנאַלן, באַשעפ־טיקטע אין דער דערבייִקער גרויסשטאָט, מיט ווינציק צי מיט גאָר נישט קיין באַציונגען איינער מיטן אַנדערן.

בעטי קאַרסאָן איז געווען פון די געציילטע וואָס האָט פאַרנומען אין פּאָרשטעטל אַ לערער־שטעלע אין דער פּאָלקשול. זי האָט גע־טראָגן אירע פינף צענדליק יאָר מיט אַ לפנימדיקער רויִקייט און קאָנטראָל. זי איז נישט איין מאָל געווען שאָקירט, דענערווירט און פשוט באַליידיקט פון דער באַנעמונג און אויפפיר פונעם היינטיקן יונגוואַרג. די ווינציקע אָבער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַן איידע־לערע האַלטונג און אַן אינטערעס אין לערנען, האָט זי שטאַרק מקרב געווען, זיי פאַרבעטן צו זיך אין דער ווינונג, אויסגעהערט זייערע דאגות, פּראָבלעמען און קינדערשע חלומות.

משפחה און נאָענטע האָבן זיך געוווּנדערט פאַר וואָס בעטי האָט זיך, פאַר די אַלע יאָרן מיט קיינעם נישט פאַרבונדן. זי האָט נאָך אויסגעזען יוגנטלעך און האָט געקאָנט, אָן ספק, געפעלן דעם מענ־לעכן מין. די לאָגישע דערקלערונג וואָלט אפשר געווען, אַז זי האָט זיך אויסגעלעבט אין די ד׳ אַמות פון „איר" שול און מיט די אינ־טערעסן פון „אירע" קינדער. זי האָט געוווּסט וואָס ס׳טוט זיך אין זייערע היימען, ווער פון די עלטערע ברידער און שוועסטער האַלט ביי אַ שידוך און ווער ס׳גייט שוין צו דער חופּה. און מען פלעגט זי טאַקע אָפט פאַרבעטן צו די שמחות.

בעטי קאַרסאָן האָט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ סך מענטשן, דער עיקר מיט אירע באַליבטע תלמידים, וועלכע זענען געווען צעזייט איבערן לאַנד און אַנדערע האָבן שוין אַליין געהאַט קינדער אין שול־

עלטער. ווען זי האָט זיך אומגעקערט, שפּעט נאָך מיטאָג, פון דער אַרבעט, איז די לאָבי געווען פּוסט און ליידיק און אַזוי אויך די בריוו־קעסטלעך. זי פלעגט עפענען אירע מיט אַ כמעט שטענדיקן נייגער און דערוואַרטונג, און ווען אַ געוועזענער שילער האָט איר מיטגעטיילט פון אַ דערגרייכונג אין זיין שטודיום אָדער אין זיין טוונג, איז איר פרייד, יענעם טאָג, געווען אין לשער!

יאָ, שיעור פאַרגעסן! נאָך אַ בר־נש האָט אומגעדולדיק אויסגעקוקט אויפן בריווטרעגער. דאָס איז געווען מר. עליאָט פרענקל, אַ פּאָליאָ־קאַליקע פונעם דריטן שטאָק. ער האָט זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אַ ראָדשטול אויף קליינע שטחים. אָבער אויף לענגלעכע שפּאַצירן האָט דאָס געטאָן פרוי עלזאַ, זי האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט זיין באַלעבאַ־טישקייט און מיט אַ שלל אַנדערע פליכטן...

פרענקל האָט געירשנט פון זיין פאָטער אַ באַטייטנדיקע סומע און זיך געקאָנט דערלויבן געוויסע לוקסוס־קליניקייטן, ווי למשל איינצוהאַנדלען נייע ביכער, מוזיק־פּלאַטעס, טעאַטער־און קאָנצערט־בילעטן, אַרויספאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן זומער אין אַ רעזאָרט. קורץ, ער האָט איינגעאָרדנט זיין לעבן אַזוי, ער זאָל נישט זיך און נישט אַנדערע פאַלן צו לאַסט.

וואָס ס׳איז שייך די באַגערן און תשוקות, פון וועלכע אַ מיטל יאָריקער מאַנסביל ווערט אָפּט באַפאַלן, האָט ער, וויסנדיק פון זיינע פיזישע גרענעצן און יכולתן, זיי געהאַלטן אין צוים. און דאָך האָט ער זיך יעדן פּאָסטטאָג אַראָפּגעלאָזן מיטן עלעוויטאָר מיט אַ נאָגנדיקן ווונטש, מיט אַ באַנייטער האָפענונג, אַז דאָס מאָל וועט אים דאָס מזל צושפּילן און ער וועט דערהאַלטן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט דערפרייען און דערהויבן זיין געמיט און וועט אפשר איבערבייטן דעם גאַנצן אַרט און אופן פון זיין לעבן. ס׳רוב אָבער האָט ער זיך אומגעקערט מיט ליידיקן, אָדער דאָס באַקומענע האָט געהאַט אַ קנאַפּן ווערט...

איין מאָל אין אַ מאָנטיק האָט ער זיך פאַררעדט מיט אַ פריינד אויפן טעלעפאָן, און ווען ער איז אַריין אין דער לאָבי האָט ער דאָרטן חוץ דער לערערין קיינעם נישט געטראָפן. זיי האָבן זיך לייכט באַ־גריסט, ווי עס טוען האַלב־פרעמדע שכנים. און ווען זי האָט באַמערקט זיין אַנטוישונג, האָט זי געזאָגט וואָס ס׳זאָגט ביי אַזאַ געלעגנהייט: — נישט געזאָרגט, שכן, מאָרגן וועט איר זיכער באַקומען אַ בריוו!...

פרענקל האָט אומעטיק געשמייכלט און האָט אַוועקגערעדלט צום עלעוויטאָר. זי איז אויך אַריין און האָט אַ דריק געגעבן דעם קנעפּל

אויף אַ שטאָק נידעריקער. ביים אַרויסשטייגן האָט זיך ביי איר ווי אַראָפּגעגליטשט: — מיין נאָמען —- אויב איר ווילט וויסן — איז מיס קאַרסאָן.

ער האָט אפילו נישט באַוויזן איר צו ענטפערן. דער אמת איז, ער האָט ווינציק געהאַלטן פון אַזוינע צופעליקע קאָנטשאַפטן און ער האָט מער נישט געטראַכט דערפון. אָבער קעגן זיין ווילן האָט זיך דאָך יאָ געטראַכט, און ער האָט גענומען אַראָפּפאָרן צום בריוועקסטל פיל שפּעטער און האָט דאָרטן אָפט געטראָפן די לערערין. זי האָט אים איצט באַגעגנט ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. אין פלוג האָט עס אים געדאַרפט פרייען, נאָר ער האָט געהאַט אַן אומפאַרשטענדלעכן פאַראיבל אויף איר און נאָך מער אויף זיך, ווייל אַ מענטש, וואָס איז פאַראַליזירט פונעם דיך ביז אַרונטער די פיס, טאָר זיך נישט לאָזן אויף אַזאַ גליטשיקן וועג...

מיס קאַרסאָן האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פון זיין אומצופרידנקייט, זי האָט געזאָגט:

— ווי איך זע האָט זיך אייער קאָרעספּאָנדענץ פאַרבעסערט! —- ער האָט געהאַט אַרויסגענומען פון קעסטל צוויי צי דריי בריוו.

מיטאַמאָל האָבן זיך זיינע וויזיטן אין דער לאָבי איבערגעריסן. זי איז געווען זיכער, אַז ער איז נישט ביים בעסטן געזונט. זי האָט, אָן צערעמאָניעס, אָנגעקלונגען צו אים. די באַדינערין האָט געעפנט. זי האָט אים געטראָפן פאַרטאָן אין אַ בוך:

— קומט אַריין, קומט אַריין, מיס קאַרסאָן, ביטע!

— בלויז אויף אַ פּאָר מינוט. — האָט זי געזאָגט אייליק. איך וויל אייך פרעגן, אפשר נייטיקט איר זיך אין עפּעס?

— אין אָט דער רגע — אין גאָרנישט! אין אַבסאָלוט גאָרנישט!

— האָט ער זיך געריטלט, ווי אַ ייִנגל מיט אַ פּאָר דורות צוריק... זיין גרויער אָוואַלער קאָפּ איז געווען אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן און די אויגן גרויסע, העל־בלויע — געווענדט גלייך אויף איר.

די באַדינערין איז אַריין און אַרויס מיט שטיקלעך פרעגצייכנס אין בליק. עליאָט האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן: — עלזאַ, זייט אַזוי גוט און גרייט צו טיי און עפּעס אַ צובייס.

די לערערין האָט זיך ביי די ווערטער אויפגעכאַפּט פון אָרט, אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און זיך צוריק געזעצט. זיי האָבן שפּעטער געטרונקען טיי און געמיטלעך געשמועסט, הגם די ליפּן האָבן אַרויסגעבראַכט זאַכלעכע רייד, זענען זייערע געדאַנקען געווען דווקא

פאַרנומען מיט אומקלאָרע און פאַרפּלאָנטערטע פראַגן. ביי אים האָט זיך אין דער פרייד, וואָס ער האָט בשעתו איבערגעלעבט, אַריינגעריסן קנוילן שרעק. זיי האָבן זיך, די שרעקן, געמערט מיט איר באַזוך, און דאָך האָט ער זי אָפּגעוואַרט מיט אַ ברענענדיקער אומגעדולד. און טאָמער האָט זי זיך אַ מאָל פאַרשפּעטיקט, האָט ער זיך אַ שווער־שוויַיגנדיקער ארומגערעדלט איבער דער שטוב מיט אָנגעשפּיצטע אויערן אויף יעדן דרויסנדיקן שאָרך...

טעג זענען פאַרביי אין זיס־פּיינלעכע טרעפעניש און אין צער־פולע שיידונגען. ס'איז אים שוין אַצינד שווער געווען זיך פאָרצושטעלן ווי ער האָט זיך געפירט און געפילט פאַר דער קאָנטשאַפט מיט איר, און נאָך שווערער האָט זיך אים געמאָלן די מינוט, ווען זי וועט פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך — אויף שטענדיק...

ביי איין באַזוך, בעת די ספקות האָבן אים באַזונדערס געמאַטערט, האָט ער פּלוצעם דערהערט איר ווייך־מוטערלעך און מעלאָדיש קול, וואָס זי האָט בלויז גענוצט פאַר אים און פאַר „אירע" קינדער, אויסער די קלאַס־צימערן.

— עליאָט! פאַרוואָס זאָל אַ פרעמדער מענטש דיך אָפּהיטן און אויף דיר אַכטונג געבן? — איז זי מיטאַמאָל אַריבער אויף „דו". דער טערמין פעלט שוין היינט אינעם ענגלישן לשון, מען דערשפּירט אים אָבער ווען די רייד זענען געווענדט צו אַן אייגענעם, צו אַ ידיד... און ווען ער האָט נישט באַלד געענטפערט, האָט זי געפרעגט: — פאַר וואָס שוויַיגסטו, עליאָט?

— וואָס קאָן אַן אינוואַליד ענטפערן? — האָט ער געקוקט פאַר־צווייפלט אויף זיינע אַטראָפירטע פיס.

זי האָט געגלעט זיין קאָפּ און באַרירט זיינע ליפּן מיט אירע.

דער בין־השמשות האָט געצונדן פאַנטאַסטישע פייערן אין מערב, האָט אַנטפּלעקט אויסטערלישע הויכן און וויַיטן. ס'איז געוואַקסן פאַרן בליק און נאָך מער אין דמיון דאָס צוגעזאָגטע לאַנד פון רו און פון מנוחת־הנפש, ווו דאָס אוממעגלעכע ווערט מעגלעך און ווו יעדער ווונטש, פאַרלאַנג פאַרווירקלעכט. ער דערזעט זיך אַלס קינד אַרומ־לויפן אינעם הויף, ביים הויז. אין דער הייך טראָגן זיך ערגעץ ווו סטייעס פייגל. ער שטרעקט די הענטלעך צו זיי און פון האַלדז רייסן זיך קינדיש־באַגייסטערטע רופן. ער איז זיכער — אָט, און ער וועט כאַטש איינעם פון זיי כאַפּן...

אין צימער איז שוין איצט פינצטער. שוואַרצע כוחות האָבן איינ־

געשלונגען דאָס צויבערלאַנד. אויפן בלאַסן הימל ציטערן אויף צע־וואָרפענע שטערן. זיי שימערן, דאַכט זיך אויס היינט — עלנט, אַליי־ניק, הילפלאָז, ווי זיי וואָלטן אָפּגעשפּיגלט זיין געמיט־צושטאַנד. ווער האָט אויף ס׳ניי אויפגעבונדן דעם טרויער? ווער האָט צוריק פריי געלאָזן די שדים אין אים? פאַר אַן אַנדערן וואָלט איר נאָענטקייט געווען דער בעסטער ענטפער אויף זיינע צווייפלען. נאָר דער מענטש אויפן ראָד־שטול האָט געזען אַ סך אכזריות אין זיינע טעג. ער זאָגט שטיל:

— איך האָב ווי־עס־איז איינגעשטעלט מיין לעבן, האָב שלום געמאַכט מיטן גורל...

זי לייגט אַרויף אירע פינגער אויף זיין מויל און לאָזט אים נישט פאַרענדיקן.

אנומלטן, דערמאָנט ער זיך, פאַרן אַריינפירן אים אין עלעוויי־טאָר, איז בעטי אַוועק צו די בריוקעסטלעך — צו אירער און צו זיינער, האָט ער, וואַרטנדיק, אויפגעכאַפּט אַ וואָרט פון פאַרבייגייענדיקע שכנים: — בלויז אַ פרוי איז פעיִק אויף אַזאַ זעלבסטאָפּפערונג. אַ מאַן — קיינמאָל נישט! סיידן, רעזאָנירט יענער: „ס׳אומגליק טרעפט לאַנג נאָך דער הייראַט!"

עליאָט וויל אָנצינדן ליכט. ער האָט זיך פאַרבענקט נאָכן ליבן געשטאַלט פון דער פרוי, וואָס גאָט האָט אים אַזוי אומגעריכט צוגע־שיקט. נאָר בעטי איז דווקא געגן די טונקלקייט. זי באַמערקט: — אין די יינגערע יאָרן בין איך, ווי ס׳רוב פון מיין גלייכן, געווען פאַר־כאַפּט פון ראָמאַנטישע נטיות. נאָר איך האָב זיך עפּעס נישט געקאָנט צופּאַסן צו די יונגע־לייט פון מיין קרייז. דערנאָך איז מיין הויפּט־אינטערעס געוואָרן די שול און די קינדער. און כ׳יר האָט זיך געדאַכט, אַז איך דאַרף מער גאָרנישט האָבן, ביז...

— אַ גרויס גליק האָט דיר געטראָפן! — רייסט ער זי איבער. — האָסט צוגעקראָגן נאָך אַ — „קינד"...

— מער ווי אַ „קינד"! רעדט זי פאַרטראַכט. — נאָר אַ ספּעציעל „קינד"!...

— האָסט גאָרנישט קיין אַנדערע פאַרלאַנגען, בעטי, כ׳מיין... ווי אַ פרוי?...

— האַ? — טוט זי זיך אַ כאַפּ, ווי ער וואָלט אָנגעריירט אַן אומשייכותדיקן עניַן. — איך ווער אָפּט אָנגעפילט, — איז זי ממשיך — מיט אַ גרענעצלאָזער גוטסקייט, איבערהויפּט ווען איך בין מיט

דיר. און איך וואָלט דעמאָלט וועלן — וועסט נישט גלייבן, עליאָט, זיך טיילן מיט איר מיט דער גאַנצער וועלט...

דער מענטש מיטן יינגלשן פּנים און גרויען קאָפּ איז אַצינד צופרידן, וואָס זי קען אים נישט זען, ווייל ער גלייבט טאַקע נישט! ס'איז דאָך די צייט פון פולשטענדיקער דעגענעראַציע, פון ווילדער הפקרות, ווען עס ווערן אָפן און פרעך געערדט און דעמאָנסטרירט די סעקסועלע אַמביציעס... און אפשר ? — ווערט ער געוואָרפן פון יאוש צום גלויבן — איז — פאַרקערט...

ער מאַכט ליכטיק און אַלע שאָטנס פאַרשווינדן. פאַר אים זיצט בעטי. זי שמייכלט ליבלעך און דאָך אומפאַרשטענדלעך און סודותדיק...

# צירעלע און בילי

לינאַ אַנשל איז געווען מיד, אויסגעשעפּט, נערוועז. זי איז יענע נאַכט שלעכט געשלאָפן. זי איז אַ פּאָר מאָל אַראָפּ פון בעט צוצוגרייטן דאָס פלעשל מילך פאַרן טעכטערל. באַגינען, ווען זי האָט ענדלעך איינגעדרעמלט האָבן זיך דערהערט ווידער דעם קינדס קולות. די מוטער האָט עס אַ נעם געטאָן צו זיך, עס איינגעשטילט און אַ באַרויִקטס צוריקגעלייגט אין בעטעלע. אָבער באַלד האָט דאָס מיידעלע אויסגע־בראָכן מיט נייע געוואַלדן. לינאַ האָט עס געפּרוווט איינגעמען:

— וואָס איז מיט דיר, צירעלע, מיין קינד, מיין מיידעלע, מיין טעכטערל? — האָט זיך די פרוי געעגערט.

— גאָרנישט איז מיט איר! — האָט אויסגערופן אַנשל, גרייטנדיק דעם פרישטיק אין עסצימער. — זאָל זי שרייען: זי וועט זיך אויס־שרייען! גיב איר נישט נאָך! האָט ער זיך געבעטן ביי איר. — גלייב מיר, אַ קינד קאָן אויך זיין אַ... ער האָט אויף דער רגע נישט געפונען די פּאַסיקע באַצייכענונג. אָבער פאַר די אויגן האָט אים אַ שוועב געטאָן דער דירעקטאָר פון דער בויפירמע, ווו ער איז אָנגעשטעלט...

— און נאָך אַ זאַך וועל איך דיך בעטן, לינאַ. — האָט אַנשל באַמערקט, שוין האַלטנדיק די קליאַמקע אין האַנט. — שטאָפּ נישט דאָס קינד מיט צופיל קאַשקעלעך און זיסקייטן.

— אַ גאַנצער דאָקטאָר געוואָרן! — האָט זי געהאַט פאַראיבל אויפן מאַן. זי האָט פון דעסט וועגן אָנגעפרעגט ביי ד"ר פאַרבן וועגןביידע ענינים. און צו איר איבעררעאַשונג איז ער מסכים געווען מיטן מיידעלעס פאָטער.

צירעלע האָט געענומען אומגיין צום יאָר. צו דריי איז דאָס הויז מיט שכנים פול געווען מיט איר. הגם די מוטער האָט זיך געהיט מיטן קינדס באַשפּייזונג, האָט דאָס מיידעלע גיך אויסגעפונען, ווו זי קאָן אַליין קריגן אַ נאַש און מער... און נאָך אַ זאַך האָט זיך געמערקט ביי איר אין יענעם פריען אָנהייב, נעמלעך — אַ רייץ צו שאַלטעווען און וואָיעווען איבער די שטוביקע באַשעפענישן, יענע זענען געלאָפן

פון איר, ווי פון אַ פייער. שפּעטער האָבן עס אויך דערשפּירט די שכנישע קינדער. זי האָט געריסן ביי זיי דאָס שפּילצייג פון די הענט און דעם ביסן פון מויל. דאָס קליינוואַרג האָט איר צוריקגעצאָלט מיט צונעמענישן, ווי „חזירל", „גראָב פּעט חזירל". צירעלע האָט, אַן אויפֿגערעגטע, אויסגעלאָזן איר פאַרדראָס און כעס נישט נאָר אויף זיי, נייערט אויך אויף דער מאַמען, וואָס האָט זי געוואָלט טרייסטן און באַרויִקן...

אין שול און אין מיטלשול איז די לאַגע נישט געוואָרן בעסער. דאָס איבערוואָגיק מיידל האָט שנעל דערשנאַפּט די שוואַכקייטן און מורא ביי אירע חברטעס אין קלאַס און זיי זיך קעגנגעשטעלט. מען האָט זיך געשראָקן פאַר איר, זי געהאַסט און זי געפאָלגט. ס'האָט אַפילו געטראָפן, אַז זי האָט צוגעהאָלפן אַ שילערין אין איר שולאַרבעט, נישט צוליב אלטרויִסטישע מאָטיוון, נאָר גיכער אַרויסצוקריגן ביי יענער עפּעס אַ טובה, צי אַ געשאַנק.

זי האָט דאָס זעלביקע געפּרוּווט טאָן מיט די בחורים. אָבער מיט זיי איז עס צוגעגאַנגען שווערער ווייל איר האָט געפעלט דער סאַמע וויכטיקסטער מיידלשער אַטריבוט, דהיינו: — חן! אויך די געציילטע וועלכע האָבן זיך געגייטיקט אין איר הילף, האָבן זי אין האַרצן פאַראַכט און גרינגגעשאַצט...

בילי גרין האָט זיך געחברט מיט איר מחמת נויט. ער איז געווען פאַרטאָן איבער די אויערן אין ספּאָרט. ער האָט געדאַרפט צירעלע זאָל אים צושטעלן פאַקטן און אינפאָרמאַציע צו זיינע שטודיעס אין לעצטן קלאַס פון דער מיטלשול, אין וועלכן ער איז קוים דורכגעקראָכן. די מויד האָט געהאַט געצונג צייט אַרומצוזוכן און צו נישטערן אין לערן־ביכער און ענציקלאָפּעדיעס. זי איז נאָכן לערנען געזעסן ס'רוב אין שטוב. זעלטן האָט מען זי פאַרבעטן אין אַ הויז אָדער צו סטודענטישע מסיבות. עס זענען פון דעסט וועגן געווען אַזוינע, צו וועלכע זי האָט זיך אַרויפגעצווונגען מיט אַ באַזוך און אַנדערע האָבן זי געלאַדן מחמת אומדערקלערלעכע סיבות. און אפילו דעמאָלט האָט מען שטאַרק געשפּירט איר אָנוועזנדיקייט, נישט נאָר מיט איר פיזישער איבערמאָס, נאָר נאָך אפשר מער מיט איר מאָדנעם אויפפיר, ווי למשל: אַריינצופאַלן יענעם אין די רייד מיט אומגעבעטענע עצות; איבערגעבן מיינונגען און געשעענישן פון איינעם, בעת יענער איז דערביי געווען אָדער נאָך ערגערס: ביים אַריינקום אין אַ הויז, גלייך צו דאָמינירן דעם שמועס מיט אייגענע מעשיות וועלכע זענען נאָכ־

אַנאַנד אַרויסגעוואַקסן איינע פון דער אַנדערער מיט אַ טעמפּאָ, וואָס האָט דערמאָנט אין דער שנעלקייט פון אַ מאַשינבּיקס...

צירעלע האָט נישט אַרויסגעלאָזן בּילי גרין פון אויג. ער איז געווען דער איינציקער בּחור, מיט וועמען זי איז געקומען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט. ער איז געווען אַן אַטלעט און שיין אויפן אויסזען, און — ווי אומגליקלעך עס זאָל נישט קלינגען. — שוואַכמוטיק אין כאַראַקטער. ער האָט יונג פאַרלאָרן זיין פאָטער, און די מוטער האָט איבּערגענומען די העגעמאָניע איבּער איר בּן־יחיד, און זי אָנגעהאַלטן אַפילו דעמאָלט ווען ער האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט די הויכשול, און איז געוואָרן אַ פיזיאָ־און־ספּאָרט דירעקטאָר.

דאָס מיידל האָט בּשעתה גראַדויִרט די לערער־קורסן. און אַ דאַנק דעם דוחק, אין יענער צייט, אין מענטשן פון איר בּאַרוף, האָט זי געקראָגן, נישט געקוקט אויף איר פיזישער אומפּאַסיקייט, אַ שטעלע. זי האָט זיך שנעל אָריענטירט אין דער נייער סבֿיבֿה. צוגעצויגן קאָלעגינס, מיט שוואַכער קאָנטשאַפט צו דער שול־אַדמיניסטראַציע. זי האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זייער רעכט בּעת די זיצונגען פונעם לערער־פאַרבּאַנד. אַ געניטער בּר־נש האָט געקאָנט מערקן, אַז נישט אַזוי זייער טובֿה איז זי אויסן. ווי צו קריגן אייגענעם אָנזען, איינפלוס, אַ פּאָזיציע...

אין גיכן האָט איר נייע ראָלע פאַרטושט די אויסערלעכע דעפעקטן. מען האָט זיך גענומען רעכענען מיט איר וואָרט, מיט איר מיינונג. און ווען עס איז געקומען די צייט ווידער צו דערוויילן אַ סעקרעטאַרין פון דעם פּראָפעסיאָנאַלן פאַראיין, איז צירעלע געווען די בּחירה.

ערשט דעמאָלט האָט זי זיך אַנטפּלעקט אין איר פולן געשטאַלט. זי האָט געהערשט אין פאַראיין מיט אַ שטאַרקער האַנט. איר האַנדלונג האָט אַ טייל שאָקירט, אַרויסגערופן חידוש און פאַרווונדערונג, בּיי אַנדערע — אָפענער ווידערווילן. און יענע, וועלכע זענען געווען בּאַקאַנט מיט דער בּיבּלישער מעשׂה „רות", האָבּן איראָניש געפרעגט: „הזאת נעמי"? איז דאָס צירעלע?

אין טאָג האָט אַנשל געהאַט אַ שמועס מיט זיין טאָכטער: — צירעלע, פאַרוואָס פאַרבּעטסטו נישט אַ מאָל דיין פריינד, בּילי, אין הויז אַריין?

— צוליבּ וואָס? — האָט זיך יענע אַזש אַ צאַפּל געטאָן. — וואָס וועט ער דאָ טאָן? האָט זי מטושטש געפרעגט.

— מיר ווען זיך אַ ביסל נענטער באַקענען מיט אים. — האָט דער פּאָטער פּאַרזיכטיק באַמערקט.

— ס'איז גענוג אַז איך קען אים! — האָט דאָס מיידל האַרב געענטפערט.

אַנשל האָט זיך באַהערשט און געזאָגט: — אַוודאי דאַרפסטו אים קענען, מיין קינד! אָבער מיר זענען דאָך דיינע עלטערן.

צירעלע האָט פאַרמאָגט דעם פאָטערס פּראַקטישן קאָפּ און שטאַרקן ווילן. אָבערביידע מעלות האָבן נישט געקענט ביישטיין דעם מיידלס לעכצן נאָך אַ געשמאַקן ביסן. אַפילו אין די נעכט, האָט זי זיך געראָיעט אין פרידזשידער און פאַרצערט, וואָס די פינגער האָבן אָנגעטראָפן...

— אַז ער וועט זיין גרייט צו קומען, — האָט זי ענדלעך געענט־פערט. — וועל איך אים רופן...

ביליס מוטער האָט גוט געקענט די מיידלעך, מיט וועלכע איר זון האָט זיך אַרומגעפירט. וועגן צירעלען האָט זי ווינציק געוווסט. ער האָט גערעדט האַלבע ווערטער וועגן איר און פאַרשטעלט. אָבער זי האָט דערשנאַפּט אינעם ביסל, אַז די אומבאַקאַנטע האָט אַן אומגינס־טיקע ווירקונג אויף אים, און זי איז באַשטאַנען זי צו זען.

שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט די מרס. גרין געוואָרפן אַן אומחן אויפן מיידל. עס האָט נישט געהאָלפן צירעלעס אַרסענאַל ליבווערטער און קאָמפּלימענטן אויפן חשבון פון דער אַלטער פרוי; די קאָסטפּולע מתנה, וואָס זי האָט זי מיטגעבראַכט; די אַלע מעשיות וועגן דער הילף, וועלכע זי האָט צו געשטעלט יאָרן נאָכאַנאַנד פאַר איר זון בעת זיין שטודיום, גאָרנישט האָט נישט געהאָלפן! מרס. גרין איז נישט געווען אַזוי געערגערט פון צירעלעס אויסזען (זי איז מיידל־ווייז אַליין געווען ווייט פון אַ גראַציע). ווי פונעם אָפּבילד, וואָס זי האָט דערקענט אין דער פרעמדער, אַן אָפּבילד פון איר אייגענעם הערשע־רישן כאַראַקטער, בקיצור, איין פויגל האָט דערקענט אַ צווייטן פון זיין מין!...

ווען בילי האָט אַרויסבאַגלייט דאָס מיידל און איז אַריין אין הויז, האָט ער גאָרנישט געפרעגט. דער מוטערס ענטפער איז געווען אויס־געגאָסן אויף איר פּנים. דער זון האָט געדאַרפט, לויט זיין הדרכה, אויסמיידן אַצינד צירעלען, איבעררייסן אַלע קאָנטאַקטן מיט איר. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. עס האָבן גענומען הילכן אין אים עכאָס, ווי אויף ווייט־צעשפּרייטע בערג, עכאָס פון יענע טעג, בעת זיין גאַנצע קאַריערע איז געהאָנגען אויף אַ האָר, און ווען נישט די אומ־

געלומפּערטע מויד מיט איר טריישאַפּט און התמדה וואָלט ער היינט געווען אַ „דראַפּאָוט״, אַ דורכפאַל, אַ גאָלע־גאָרנישט...

און ביי בילין האָט זיך, מיט דער צייט, איינגעשטעלט אַזאַ הנהגה: מיט אַנדערע מיידלעך האָט ער פאַרבראַכט, שפּאַצירט, געפירט ראָ־מאַנסן. מיט צירעלען האָט ער גערעדט וועגן ספּאָרט, פּאָליטיק. צו איר געקומען זיך שואל־עצה זיין וועגן זיינע פּריוואַטע ענינים. אויס־הערן פון איר מוסר און שטראָפּרייד, דער עיקר — אויפן אַדרעס פון זיין מוטער, כאָטש זי האָט איר נאָמען נישט געבראַכט אויף די ליפּן. זי האָט אויך נישט געשוינט זיינע חברטעס, וועלכע זי האָט גוט געקענט. אים אָנגעוויזן אויף זייערע חסרונות, אויף זייער לייכטזין, אויף זייער פאַרשווענדערישקייט, אויף...

דער יונג האָט אַלץ אויסגעהערט און געשוויגן. ס׳האָט זיך צירעלען אָפּט געדאַכט, אַז זי האָט אים אַריבערגעוווּנען אויף איר זייט. אָבער ווי נאָר ער האָט זי פאַרלאָזן, איז אים אַלץ אַרויס פון קאָפּ, און זי האָט געדאַרפט, ביי אַ נייער באַגעגעניש, נעמען קנעלן מיט אים אַלץ פון אָנהייב. האָט זי זיך טאַקע צוערשט געחידושט, נאָר גאָר גיך האָט זיך דער חידוש אויפגעקלערט...

ס׳האָט מיטאַמאָל איר דערגרייכט אַ שמועס, אַז בילי איז פאַר־קנסט און ער קלייבט זיך בקרוב צו הייראַטן. צירעלע האָט עס לכתחילה נישט געקענט, נייך, נישט געוואָלט גלייבן, נאָר ווען ער האָט זיך נישט באַוויזן אין דעם באַשטימטן טאָג און נישט שפּעטער אויפן איינגעשטעלטן אָרט, האָט זי אים אָפּגערופן אין זיין אָפּיס און געפאָדערט פון אים אַ פּערזענלעכע, אויף אויג צו אויג, אויפקלערונג.

בילי גרין איז געקומען, ווי גאָרנישט וואָלט געשען. זיי זענען געזעסן אין זייער באַקאַנטן ווינקל אין פּאַרק, איינער לעבן אַנדערן. דאָס מיידל האָט אָנגעשטעלט אויף אים אירע גרויסע, דורכדרינגענ־דיקע קוקערס און געוואַרט, און ווען זי האָט זיך נישט דערוואַרט אַפילו אויף אַ וואָרט, האָט זי אויסגעשאָסן מיט ביטערניש:

— וואָס שווייגסטו, בילי? ווי האָסטו געקאָנט אָפּטאָן מיר אַזאַ זאַך?

— איז אַרויס אַ שוים אין אירע מויל־ווינקלען.

— כ׳האָב דיר קיינמאָל גאָרנישט צוגעזאָגט... האָט בילי זיך פאַרענטפערט.

— וואָס זשע, דו האָסט צו מיר גאָרנישט קיין געפילן? — האָט זי גערעדט מיט ווייטיק. — קיין שום פאַרפליכטונג נישט?

ביי דער לעצטער דערמאָנונג האָט זיך דער אַטלעט מיט די

ברייטע אַקסל אַ ביסל פֿאַרלאָרן. ער האָט אין פֿאַרלעגנהייט גענומען ברייען, אַז די שולד איז נישט זיינע... אַז די מאַמע איז אַן אַלטער מענטש און ער וויל זיך נישט קעגנשטעלן...

— אָך, שוין ווידער די מאַמע! — האָט זי אים איבערגעריסן. — און ווּ ביסטו? ווּ איז דיין געוויסן? דיין מענטשלעכקייט?

בילי איז געזעסן, ווי אַ פֿאַרשולדיקט ייִנגל און געגראַבלט מיט אַ נאָגל דאָס האָלץ פֿון דער באַנק. ער איז געווען פֿאַרטראַכט און באמת באַזאָרגט. פּלוצעם האָט אויפֿגעלויכטן אַ שמייכל ביי אים. ער האָט געזאָגט: — ס׳איז נאָך נישט אַלץ פֿאַרלאָרן צווישן אונדז...

— וואָס מיינסטו, בילי? — האָט זיך אַ פֿונק האָפֿענונג אַ צינד געטאָן ביים מיידל.

— כ׳מיין, אַז מיר קאָנען זיך זען, ווי אַלע מאָל. — האָט ער גענומען ווייטער ברייען. — און מיר קענען זיין נאָענט... זייער נאָענט... — ער איז געווען זיכער, אַז אַזאַ איינע, ווי זי, וועט דערויף איינגיין...

— וואָס מיינסטו? — האָט צירעלע ווידער געפֿרעגט שוין אַן אויפֿגערעגטע.

— כ׳מיין... האָט בילי געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט. — מיר קענען לעבן ווי... מאַן און פֿרוי... קיינער דאַרף עס נישט וויסן... אַ סך טוען עס...

— ניין! — האָט זיך צירעלע אויפֿגעכאַפּט, אַ באַליידיקטע פֿון אָרט, — ניין!

ער איז נאָך געזעסן אַ רגע, אַ פֿאַרוווּנדערטער, ווי ער וואָלט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ ענטפֿער, און האָט זיך אויך אויפֿגעהויבן און געזאָגט:

— אויב אַזוי האָב איך מער נישט וואָס צו רעדן מיט דיר!

— רעד נישט! — האָט זי באַפֿוילן. און זי האָט זיך אַ קער געטאָן מיט איילִיקע טריט צו דער גאַס...

# דער יידישער פּאָדעם...

עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטיל „געראַנגל" צווישן די צוויי שוועס־טער איבער דער אַלטער מאַמען. ס'איז געווען אויסטערליש ביי היינטיקע צייטן אַזאַ פאַרהעלטעניש, און זי האָט זיך אָפט פאַרשפּיצט צום פּשוטן גראָטעסק...

נעמי, די עלטערע, האָט געוווינט אין דער זעלביקער שטאָט, און זי פלעגט קומען זען די מוטער טעגלעך, אויב נישט אויף לאַנג, איז כאָטש אויף עטלעכע מינוט. זי איז געזעסן אין דער קליינער דירה, וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט פאַר איר, האָט געדולדיק אויס־געהערט אירע אמתע און אויסגעדוכטע חולאתן, פאַרשיידענע זאַכן וועגן שכנים. זי האָט אויך געוואָלט דערגיין עפּעס וועגן דער שוועסטער, לאָראַ, אָבער וועגן יענער האָט דבורהלע גראָד אויס־געמיטן צו רעדן...

לאָראַ האָט זיך געפונען מיט איר משפּחה אין ניו־יאָרק. הגם זי האָט שוין געהאַט אַליין קינדער, איז ביי איר געבליבן אַ פאַר־דראָס, שיעור נישט אַ ווייטיק, וואָס זי דאַרף זיין געשיידט מיט דער מאַמען. דער מאַמעס געזונט האָט זיך געניטיקט אין אַ מילדן קלימאַט, און זי האָט זיך דערפאַר פאַרקליבן אַזש אין דער ווייטער מיאַמי. האָט די ייִנגערע טאָכטער מיט איר גערעדט כמעט טעגלעך אויפן טעלעפאָן, זיך נאָכגעפרעגט אויף איר געזונט און דורך זייטיקע וועגן געפּרוּווט אויסצוגעפינען ווי אָפט נעמי באַזוכט זי און וועגן וואָס זיי שמועסן. דבורהלע האָט געשפּירט איר טאָכטערס שווער געמיט. זי האָט איר שטענדיק געטרייסט און באַרוּיקט און ס'איז אויסגעקומען — אַדרבה — דער מדובר איז דאָס רוב טאַקע וועגן לאָראַן און ס'פאַרשטייט זיך, לטובה...

לאָראַ האָט אַ ביסל געצווייפלט אין דער מאַמעס רייד און זיך אַלצאיינס געערגערט. און ווען ביי דער אַלטיטשקער האָט זיך איין מאָל אַרויסגעכאַפּט וואָס פאַראַ געשאַנק נעמי האָט איר געבראַכט נאָך אַ וואָך פאַר דעם „מוטערס־טאָג", איז די ייִנגערע טאָכטער

געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז זי האָט נאָך דעם זעלביקן טאָג אַרויס־געשיקט דער מאַמען אַ קאָסטפּולע מתנה, וואָס איז געווען ווייט אַריבער אירע כוחות.

דעם אמת געזאָגט, איז דער אונטערשייד צווישן זיי, נאָר אין געציילטע יאָרן. און ביידע האָבן נישט געקענט פאַרגעסן ווען זיי, מינדער־יאָריקע, האָבן פאַרלאָרן דעם פאָטער, און ווי די מוטער האָט געדאַרפט טראָגן אַליין דעם עול פון חיונה און די זאָרג פון זייער דערציונג. דעם טיפסטן איינדרוק אויף די מיידלעך האָט אָבער געמאַכט דער מאַמעס שטאַרקער כאַראַקטער. זי האָט בשעתה גע־אַרבעט כל עבודת־פּרך, אַפילו געוואַשן פרעמדע דילן, מיטן חשבון צו זיין נענטער צו דער היים און וואָס מער מיט די קינדער. זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון אַ צווייטער הייראַט, אויך יאָרן שפּע־טער נאָך איר מאַנס פּטירה, הגם זי האָט געהאַט אויך דעמאָלט נישט ווינציק בעלנים...

נעמי, ווי די עלטערע טאָכטער, האָט געהאַלטן, אַז ס׳ליגט אויף איר אַ באַזונדער חוב אַכטונג צו געבן אויף דער מאַמען, און זי האָט איינגערעדט איר מאַן, דעם בוי־אונטערנעמער, אַז מ׳קאָן אויך האָבן שיין פּרנסה אין דער עיר הבירה, ווו ס׳קומט פאָר אַ כסדרדיקע בויונג נישט נאָר פון נייע הייזער, נייערט פון גאַנצע קוואַרטאַלן.

לאָראַ האָט געוואָלט נאָכטאָן דער שוועסטער. נאָר איר מאַן, אַ וועטעראַן פון וויעטנאַמער קריג און כמעט אַן אינוואַליד, האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן, אויפן דאָקטאָרס עצה, פון מיאַמיס האַלב־טראָפּישן קלימאַט, וואָס איז אומגינסטיק פאַר זיין שווערן געמיט־צושטאַנד. און אפשר איז עס בלויז געווען אַ תירוץ נישט צו באַגעגענען אָפּט דעם געזונטן און הצלחהדיקן שוואָגער. דערצו האָט די יונגע פרוי פאַרנומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע און גוט־באַצאָלטע שטעלע אין אַ יוריסטן־פירמע. איז ווי שטעלט מען עס איין דעם מאַנס געזונט, און דעם איינציקן קוואַל פון הכנסה! זענען אירע פליכטן און התחייבותן טאַקע אָפט געקומען אין קאָנפליקט מיט דער ליבע און טריישאַפט צו דער מאַמען. און ווען זי איז יאָ אַ מאָל אַריינגעפלויגן צו דער אַלטיטשקער אויף אַ פּאָר טעג, איז זי צעריסן געוואָרן פון זאָרג און בענקשאַפט נאָכן מאַן און פון עגמת־נפש, וואָס זי קאָן לענגער נישט פאַרבלייבן מיט דער מאַמען...

אין יענע געציילטע און ציטערדיקע פרימאָרגנס האָט זי געבאָדן איר מאַמע מיט אַ מוטערלעכער צערטלעכקייט, האָט צוגעגרייט די

מאָלצייטן פאַר איר, האָט פאַרנייט און פאַרלאַטעט וואָס יענער איז געווען נייטיק, און לאָראַן האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז זי טוט נישט גענוג, אַז דבורהלע איז מער צוגעבונדן צו נעמי, ווייל דער קשר מיט דער עלטערער טאָכטער איז שטאַרקער, און זי האָט געטראָגן אַן אומקלאָרן רוגז אויף דער שוועסטער.

עס פלעגט אָבער אויך טרעפן, אַז ביי אַ באַגעגעניש מיט נעמין, זאָל זיך לאָראַ פּלוצעם אַרומכאַפּן מיט איר, פול מיט חרטה און פאַרדראָסן, און זיך פאַרגיין אין אַ געוויין. נאָר אומקערנדיק זיך אַהיים, קיין ניו־יאָרק, זאָלן די חשדים און רוגזהס זי ווידער באַפאַלן...

אויך נעמי האָט געהאַט איר פּעקל צער און מאַטערניש. זי איז געווען פון קליינעם וווקס און ווייט פון אַ יפת־תואר, און וויפל די מוטער האָט עס נישט געוואָלט פאַרבאָרגן, האָט איר גאַנץ געשטאַלט אויפגעלויכטן ווען די יינגערע האָט זיך באַוויזן. נעמי האָט געזוכט צו פאַרגלעטן דעם אומגנאָד, וואָס איז איר געטאָן געוואָרן, מיט גוטסקייט און מעשים־טובים. זי איז געווען פאַרמעגלעך. איר מאַן האָט איצט געפירט גרויסע לאַנד־עסקים און זי האָט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר יידישע נויטן, דער עיקר אָבער האָט זי שטרענג אָפּגעהיט דעם פינפטן תורה־פאַרזאָג און צוגעטיילט כבוד דער מאַמען און געזאָרגט פאַר איר ווילזיין...

דבורהלע האָט אירע לאַנגע טעג פאַרוועגדט אויף שטריקן סוועטערס, שאַליקעס, הענטשקעס און זאָקן פאַר אירע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. אויף דעם האָבן נאָך די האַלב־בלינדע אויגן געדינט. דער אמת איז, אַז זי האָט מער „געזען" מיט די שפּיצפינגער, און נישט איין מאָל געדאַנקט דעם אייבערשטן פאַרן חסד, וואָס ער האָט זי באַגליקט מיט צוויי טעכטער, וועלכע רייסן זיך איבער איר, און נישט נאָר זיי, נאָר אויך זייער נאָכוווקס, האָבן זיי דערצויגן צו האָבן דרך ארץ פאַר דער באָבען. עס איז געווען אָפט קאָמיש־רירנדיק, ווי ביי אַ יום־טוב, לויפן די אור־אייניקלעך אַרום איר, ווי „ציפּליאַטעס" (הינדעלעך) אַרום אַ קוואָקע, און זוכן אויסצונעמען ביי איר כאָטש מיטן איינציקן יידישן וואָרט, וואָס זיי קענען, נעמלעך: — באָבע! באָבע!...

ווער וואָלט זיך עס אַ שטייגער געריכט, אַז צווישן די „ציפּליאַטעס" זאָל זיך אויספּיקן איינע אַ מיידעלע, וואָס איר נאָמען איז רייטשל, און זי זאָל דווקא באַשטיין מען זאָל זי רופן רחלע, נאָך דער באָבע דבורהלעס מוטער?

ס׳איז פאַרגעקומען אַזוי: חנוכה איז די גאַנצע משפחה זיך צענויפגעפאָרן צו דער באָבע. ביים ערשטן ליכטל האָט די אַלטיטשקע געטיילט דעם קליינוואַרג חנוכה־געלט. ס׳איז איינגעפירט ביי איר — אַז ווער פון די אור־אייניקלעך וועט פאַרגעדענקען איר יידישן נאָמען, וועט קריגן צוויי חלקים. דאָס רוב אָבער האָט נישט געדענקט אָדער אים פאַרגרייזט. די איינציקע וואָס האָט אַרויסגעזאָגט ריכטיק און אַפילו מיט אַ געוויסן קינדערשן שטאָלץ, איר נאָמען איז געווען רחלע — און דבורהלען איז דעמאָלט איינגעפאַלן אומגעריכט אַ פריי־דיקער געדאַנק: — אויב ס׳איז באַשערט וועמען פונעם קליינוואַרג וייטער צו ציִען דעם יידישן פאָדעם, וועט עס זיין רחלע! פון עפּעס מער האָט די באָבע דעמאָלט אַפילו טראַכטן נישט געוואַגט!

פאַרשטאַרקט האָט זיך ביי איר נאָך מער אָט דער געדאַנק ביי אַ צווייטער געשעעניש מיטן מיידעלע: רחלע איז איין מאָל געקומען מיט נעמין צו גאַסט צו דער באָבען. ווען די צוויי פרויען האָבן זיך פאַררעדט אין דער דירה, איז די קליינע דערווייל אַרויס אויף דער וועראַנדע, און דער־זעענדיק פון דער וויטן אַ נייעם שכן פאַרטיפט אין אַ בוך, האָט זי זיך צוגעשאַרט הינטערוויילעכץ און געוואָלט זען, ווי עס איז די מידה ביי קינדער, וואָס דער פרעמדער לייענט, און האָט זיך פלוצעם אָנגעטראָפן מיט יענעמס בליק:

— ווילסט אפשר אויך עפּעס לייענען, מיידעלע?

— איך האָב דערקענט די יידישע אותיות, אָבער לייענען קען איך זיי נישט... — האָט זי געזאָגט אַ ביסל אַ פאַרשעמטע.

— נו, דאָס איז אַ קלייניקייט! — האָט דער פרעמדער עס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — אין איינעם פון מיינע קלאַסן האָב איך שילער פון דיין עלטער.

— וואָס, איר זייט אַ לערער? — איז רחלע געווען איבערראַשט.

— יאָ! — האָט יענער געזאָגט און ער האָט איר דערציילט וועגן דער שול, וועגן די תלמידים און וואָס מען לערנט דאָרטן. דער לערער האָט געהאַט אַ מעלאָדישע שטימע און בעת ער האָט גערעדט צו רחלען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער רעדט צו זיין אייגן טעכטערל...

אַ פּנים, אַז רחלע האָט זיך לאַנג פאַרהאַלטן אויף דער וועראַנדע, ווען די באָבע און די עלטערבאָבע זענען אַרויס אויף דער וועראַנדע, זענען נאָך יענע געווען פאַרטאָן אין רעדן. דאָס מיידעלע האָט באַ־מערקט די צוויי פרויען און זי איז צוגעלאָפן צו זיי.

— יענער מאַן איז אַ לערער פון אַ יידישער שול!

— טאַקע? — האָט נעמי רויִק געזאָגט.

— איך וואָלט זייער וועלן לערנען אין זיין שול!

די פרויען האָבן דערוווּיל פאַרפירט אַ שמועס מיטן נייעם שכן, וואָס אַ סך דערפון האָט דאָס מיידעלע נישט פאַרשטאַנען, און זי איז זיי אַריינגעפאַרן אָפּט אין די רייד:

— איך וואָלט זייער וועלן לערנען אין זיין שול!

ס׳האָט זיך שוין דערפילט אַן עקשנות אין איר מאָנען. און ווען זי האָט עס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, האָט דבורהלע זי צוגע־דריקט מיט ליבשאַפט צו זיך, און עפּעס האָט זיך אין איר צעזונגען:

— זי וועט ציִען דעם יידישן פאָדעם!...

# שנאת־חינם

אויף דער מסיבה האָבן זיך געפונען אַ סך פאַרביטערטע לייט. דער מדובר האָט זיך געדרייט אַרום דעם שרייבערצעך, צו וועלכן מען קוקט געוויינטלעך אַרויף, און פון וועמען מען דערוואַרט בעסערע מידות, ווייל אַ מענטש וואָס אָפּערירט מיטן געדרוקטן וואָרט, האָבן זיי געמיינט, איז צו עפּעס מתחייב!...

עס זענען געפאַלן שווערע באַשולדיקונגען אויף יענעמס אַדרעס. מ׳האָט זיך דערמאָנט אין פאַרשיידענע עוולות און קריוודעס מצד דעם און יענעם ליטעראַט, וואָס קומט אַראָפּ יעדן ווינטער־סעזאָן אין דער שטאָט פון זון און פאַלמעס, ווער אויף אַ לעקציע, ווער מיט אַן ערשט־אַרויסגעגעבענעם חיבור, און אַנדערע צוליב בײַדע צוועקן. און מחמת ס׳איז אַ דוחק אין אָפּנעמערס פון אָט דעם אַרטיקל, האָט זיך דער מחבר געמיט אויסצונעמען ביים קורא נכבד און נישט געקאַרגט פאַר אים קיין שבחים אויפן שער־בלעטל פונעם פאַר־קויפטן בוך, באַגלייט אָפּט פון מינדלעכע צוזאָגן, ווען ער, דער לייענער, וועט באַזוכן ניו־יאָרק, וועט מען פאַר אים טאָן אַזוינס און אַזעלכעס...

אויסגעלאָזן האָט זיך אַ היפּש ביסל אַנדערש. דער שרייבער האָט אים, אין ס׳רוב פאַלן, נישט דערקענט, און ווען אַפילו יאָ, האָט דער בעל־דבר געקראָגן אַזאַ קילן „ברוך־הבא״, אַז ס׳איז אים פאַרגאַנגען דער מינסטער חשק יענעם ווידער צו טרעפן...

אַנדערע האָבן אַרויסגעשטעלט נאָך האַרבערע טענות, נעמלעך, מחברים האָבן גענומען געלט און פאַרפעלט צוצושיקן שפּעטער זייערע דערשינענע ווערק. קורץ און שלעכט! פון די אַלע טענות־ומענות איז דער פּענמענטש אַרויס שוואַרצער ווי אַ קוימענקערער, רחמנא־לצלן, און זיי, די אָנקלאָגערס — ווי פאַרפירטע און אָפּגענאַרטע...

האָט עס איינעם פון דער מסיבה, בען פעדער, אַ לאַנג־יאָריקער פאַרערער פון יידישן וואָרט, שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מען וואַרפט די זינד פון איינצלנע אויפן כלל, און ער האָט, פון זיין זייט, דער־

ציילט אַ מעשה שהיה פון אַ פאַרקערטן כאַראַקטער, דאָס הייסט, ווי אַזוי פשוטע עמך־יידן האָבן דאָ געדרודפט און פאַרפאָלגט אַ יידישן שרייבער עד חרמה אָן אַן עצמדיקער סיבה. מ׳האָט זיי פשוט אויפגעהעצט און בהדרגהדיק אויפגעוועקט אין זיי אַ שנאת־חינם צו אים.

— אין אָנהייב פון די פופציקער יאָרן, — האָט פעדער אָנגעהייבן מיט אַ ציטער אין קול, — האָט זיך דאָ באַזעצט אַ יונגער נאָוועליסט מיט זיין פרוי. קלאָר, אַז נישט פון דער פען האָט ער געצויגן זיין חיונה, נייערט פון מלמדות. מ׳האָט אים, אַהער געבראַכט צו פאַרנעמען אַ לערער־שטעלע אין אַ היגער פאָלקשול, פינקטלעכער, אין צוויי, ער זאָל טיילן די וואָך צווישן דעם „ביטש" און דער שטאָט. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים וועל איך אים דאָ רופן מיטן פיקטיוון נאָמען, אורי עטינגער.

עטינגער האָט שוין אין דער ערשטער וואָך זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אבן־נגף. ס׳איז געווען דער אָנפירער פונעם שולאַקטיוו, סאַול גוסטינאָוו, אַ בר־נש מיט ברייטע אַקסל, מיט גרויע אייגעלעך און אַ געשליפן צינגל, וואָס האָט גלייך געוואָרפן אַן אומחן אויפן ניי־געקומענעם גראָד צוליב זיינע מעלות. ער האָט אַוודאי געוואָלט האָבן פאַר „זיין" שול אַ פעיִקן לערער, און ווי ס׳פירט זיך, אויך אַ גוטן אָרגאַניזאַטאָר און בעל־לשון. נאָר אורי עטינגער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו האָבן אַ ביסעלע מער פון די געפאָדערטע קוואַליפיקאַציעס, און ער האָט זיך גענומען ביסלעכוויז הייבן אין די אויגן פון די שולטוער, ביי די מיטגלידער פונעם פאָלקס־אָרדן — דער שטיצער און אויסהאַלטער פון דער שול.

גוסטינאָוו, ווי יעדער תקיף, האָט געזען אין לערערס עליה אַ פחיתות־הכבוד פאַר זיך, ווייל ביז עטינגערס אָנקום איז ער געווען דער ראש־המדברים, און ווען מ׳האָט געדאַרפט — אויך מדריך געווען אַ קלאַס. זיין פאַרביטערונג האָט זיך געשטאַרקט, ווען דער לערער האָט זיך אויך אָנגעהייבן דרוקן אין דער צייטונג, וואָס ער און ס׳רוב פון זיינע פריינד האָבן געלייענט. ער האָט נאָכגעפאָלגט יענעמס אַרבעט און שרייבן מיט אַ בייזוויליקער כוונה, אפשר וועט ער אים כאַפּן ביי אַן אויסגליטש, כדי אים צו קאָנען אַוועקשיקן אין מיטן, צי כאָטש ביים סוף פון שוליאָר.

דער לערער האָט געוווּסט דערפון און האָט זיך שטאַרק מצער־געווען. ער האָט ערשט געהאַט פאַרלאָזן אַ גרויסע שטאָט אין מיטל־מערב, ווו ער האָט זיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם אָרט אין די שול־

קרייזן, מחמת זיין פרוי האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און צו פאַרבלייבן דאָרטן אין יענעם קלימאַט, וואָלט געמיינט, לפּי דעם דאָקטאָר, צו שטעלן איר לעבן אין קאָן. ער האָט זיך דערפאַר אָנגע־כאַפּט אינעם מיאַמיער שולאָנבאָט וואָס איז געקומען אין דער פּאַ־סיקער צייט, און ער האָט באַשלאָסן, נישט געקוקט אויף אַלע שווע־ריקייטן, זיך נישט צו רירן פון אָרט.

דער דערציילער האָט אַ זופּ געטאָן פון דער גלאָז טיי לעבן אים, און האָט ממשיך געווען:

— געזען, אַז עטינגער היט זיינע טריט, האָט דער בעל־גוף זיך פאַרשטענדיקט מיט זיין ידיד, מייקל טער, דער ממונה איבער די שול־פינאַנסן, ער זאָל פאַרציִען, אונטער פאַרשיידענע אויסריידן דעם לערערס וועכנטלעכע שכירות. זאָל ער, הייסט־עס, קודם־כל, דער־שפּירן די בייטש פון דחקות... עטינגער האָט געליטן און געשוויגן. ער איז געוואָרן אַ בעל־חוב, און געדאַרפט צאָלן אַ הויכן פּראָצענט אויפן געבאָרגטן געלט. ווען ס׳איז אים געוואָרן גאָר ענג, האָט ער פאַרמשכונט ספרים יקר־המציאותן, וואָס ער האָט געקראָגן במתנה און מיט וועלכע ס׳איז אים געווען שווער זיך צו שיידן. כ׳האָב אים דעמאָלט אָנגעטראָפן אין גאַס מיטן פּעקל אונטערן אָרעם. ער איז געווען בלאַס, נידערגעשלאָגן און האָט מאָדנע געציטערט, ווי ער וואָלט געטראָגן מיט זיך אַ געפערלעכע קאָנטראַבאַנדע...

איך האָב געפּרוּווט, נישט איין מאָל צו אינטערווענירן פאַר אים ביי אַ שולזיצונג, צי פּריוואַט, אָבער מיינע רייד האָבן עפּעס שטענדיק געקלונגען שטייף און אומגעלומפּערט. דער אמת איז, איך בין געווען בשעתו אַ גרויסער אָרעמאַן, און ווי גייט דאָרטן ס׳ווערטל: — „עני חשוב כמת״! מ׳האָט זיך מיט מיר ווינציק גערעכנט.

דערווייל איז פאַרלאָפן אַ געשעעניש, וואָס האָט אַריינגעשפּילט אין גוסטינאָווס הענט. אין דער אייפעריקייט צו ווערבירן וואָס מער תּלמידים, האָט מען אָפּט פאַרקוקט אויף די סאַמע עלעמענטאַרסטע נייטיקייטן, אַ שטייגער: — קאָנטאַקט מיט די עלטערן, שכר־לימוד. מ׳האָט זיך געפרייט, ווען דאָס קליינוואַרג האָט מיטגעבראַכט אַ ניי קינד, וואָס האָט זיך, ביי אַזאַ פאַרהעלטעניש, אַלצאיינס לאַנג נישט געהאַלטן אין שול.

איין מיידעלע פון אַ געמישט פּאָרפאָלק (איר מאַמע איז געווען אַ קריסטין) מיטן נאָמען מאַלי, און ווען דער לערער האָט יידיש־לעך פאַרצויגן אויף מלכהלע, האָט זיך גראָד שנעל איינגעגלידערט

אין איר קלאַס. זי האָט זיך אויסגעלערנט אין אַ קורצער צייט צו לייענען, שרייבן און פאַרגעדענקען אַ צאָל יידישע ווערטער.

ווען ס׳האָט זיך אָנגערוקט די חנוכה־וואָך, אין וועלכער ס׳איז אויך אויסגעפאַלן „זייער" חגא וויינאַכטן (קריסטמעס) האָט מלכהלע געפאָדערט, מ׳זאָל אויפשטעלן אַ וויינאַכט־ביימעלע אין שול, באשר אין דער „פּאָבליק־סקול" ווערן אויך געפייערט יעדע יום־טובים ביי אַזאַ געלעגנהייט. עטינגער האָט געדאַרפט אָנווענדן אַ סך טאַקט און געדולד, כדי איר געבן צו פאַרשטייך, אַז אין אַ יידישער שול קען מען אַזוינס נישט טאָן...

אויף מאָרגן, אַ פּאָר שעה פאַרן לערנען, האָט זיך אַריינגעשטעלט איר מאַמע, מרס. ליווי. אַ נאָמען וואָס האָט ווייט נישט האַרמאָניזירט מיט איר אויסזען. זי האָט באַטראַכט דאָס אָרעמלעכע שולצימער, דעם סומנע־פאַרדאגהטן לערער, וואָס האָט זיך ערשט אָפּגעריסן פונעם פּעקל יידישע צייטונגען — פול מיט באַאומרויקנדיקע נייעס וועגן דעם געבליבענעם רעשטל יידן אין פּוילן. ער האָט צוערשט נישט פאַרשטאַנען מרס. ליוויס תביעות, נאָר ווען ער האָט דערהערט אַזוינע רייד, ווי „אומטאָלעראַנט" און „סעקטאַנטישקייט", האָט ער געעפנט מויל און אויערן:

— וואָס מיינט איר דערמיט, מרס. ליווי?

— „קריסטמעס" (וויינאַכטן) ווערט פאַררעכנט דאָ אין לאַנד פאַר אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב!

— נישט ביי אַלעמען! — האָט ער דערווידערט.

— אין אַלע רעגירונגס־שולן! — איז זי באַשטאַנען.

— אונדזער שול איז אַ יידישע! — האָט דער לערער אונטער־געשטראָכן. — אונדזער לערן־פּראָגראַם שליסט נישט איין אָט דעם צערעמאָניאַל!...

— איך זאָג נאָך אַ מאָל, ס׳איז אַ סעקטאַנטישע שול ביי אייך! מיין מיידל וועט מער נישט איבערטרעטן אייער שוועל!

אויף די רייד זענען אָנגעקומען גוסטינאָוו, מייקל טער און אַ פּאָר טוערינס, וואָס האָבן זיך געקליבן צו אַ זיצונג אין אַן אַנדער צימער. זיי האָבן נאָך באַוויזן אויפצוכאַפּן דעם אויפהעצערישן טער־מין און צו באַמערקן מרס. ליוויס צעפלאַמט פּנים. און ס׳האָט זיך גענומען וועבן אַרום דעם לערער אַ נעץ פון רכילות, חשדים און בלבולים, אָנגעפירט, פאַרשטייט זיך, פונעם הויפּט־מאַכער, גוסטינאָוו.

און ווען עטינגער האָט געפּרוּווט דערווייזן דעם אמת, האָט

גוסטינאָוו און זיינע לייט צונישט געמאַכט זיינע טענות מיטן אויס־רייד — „וויבאַלד ס׳איז שוין פאַרשפּרייט אין שטאָט אַזאַ קלאַנג, וועט עס שעדיקן דער שול, און דאָס וויל דאָך אַפילו אונדזער לערער אויך נישט״, האָבן זיי זיך כלומרשט אָנגענומען זיין קריוודע. אָט דאָס פשטל האָט סוגערירט, דער לערער זאָל זיך אַליין באַזייטיקן פון דער שטעלע, האָפנדיק, אַז ער וועט עס אויך מוזן טאָן אין דער שטאָ־טישער שול, ווייל מיט די דאָרטיקע שכירות אַליין וועט ער דאָך נישט קענען אויסקומען...



גוסטינאָוו מיט זיין חבריא האָבן זייערס אויסגעפירט, אָבער נישט אין גאַנצן. עטינגער איז טאַקע אַוועק פון „ביטש״, אָבער ער איז געבליבן ווייטער לערנען אין שטאָט. ער האָט אָנגעווענדט אַלע כוחות, די שול זאָל ווערן אַ פּולוואַכיקע, און ס׳איז אים, מיט דער צייט געלונגען. ער האָט דעמאָלט געמיינט, אַז ער וועט שוין האָבן אַ ביסל מנוחה און וועט זיך קאָנען אָפּגעבן אומגעשטערט מיט זיין אַרבעט — לערנען און שרייבן — ענינים, וועלכע האָבן אויסגעפילט זיין גאַנץ לייב־און־לעבן...

אמת, עס פלעגן זיך נאָך אַלץ דערטראָגן צו אים שמועות, אין וועלכע גוסטינאָווס נאָמען איז געווען פאַרמישט, נאָר גאָר פון אַן אַנדער תוכן. זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט עפּעס טונקעלע עסקים, וואָס ער זאָל האָבן געפירט אין דער מהומהדיקער נאַצי־תקופה אין דרום־פראַנקרייך, ווו ער האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן, און איבער וועלכער ס׳האָט בשעתו געוועלטיקט דער גענעראַל פּעטען. פּליטים געקומענע פון דאָרטן האָבן דערציילט מיט פאַרטייעטן צאָרן וועגן זיינע מעשים־תעתועים און זיי האָבן, נאַטירלעך, דערגרייכט צו אַ סך פון די היגע שול־לייט. די לעצטע האָבן וויל געוווסט, אַז ביים לערער וועלן זיי געפינען אַן אָפענעם אויער, און זיי זענען געוואָרן זיינע אָפטע געסט.

עטינגער האָט אויסגעהערט די מעשיות, וועלכע האָבן גע־קלונגען, לפי זיין דעה, ראַעיעל, און ווי אָנגעמאָסטן אויף יענעם סוביעקט. און הגם ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון אויסדריקן אַ מיינונג פאַר זיינע אינפאָרמאַטאָרן, זענען אָבער זייערע רייד אַריינגעדרונגען אין אים, ווי קערנער אין אַ פרוכטיקן באָדן...

ס׳איז אַוועק אַ יאָר. מיטאַמאָל האָבן זיך געגומען ווייזן אין אַ געוויסער שריפט קאַפּיטלעך פון עטינגערס אַ נאָוועלע. זיי זענען געשריבן געוועזן מיט אַ מאָדנעם אימפּעט, גלייך ער וואָלט זיך גע־שראָקן, עמעצער זאָל אים איבעררייסן אין מיטן פון דער אַרבעט. זיי האָבן זיך געלייענט מיט אינטערעס, אַפילו מיט נייגער. און דאָך איז אים, ציטווייז באַפאַלן אַ פאַרגעפיל, אַז אָט דער חיבור וועט אים ברענגען אַ סך שאָדן און יסורים. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט קעגנשטעלן דעם דראַנג, דעם אומפאַרשטענדלעכן כוח, וואָס האָט אים געשטויסן, נייין! געטריבן צו פאַרענדיקן דאָס ווערק. אויב ס׳איז אמת — האָט פעדער פלוצעם אַ וועגד געטאָן זיין דערציילונג, אויף אַ רגע אין אַ זייט, אַז אַ שרייבער, בפרט אַ יידישער, דאַרף פאַר־מאָגן אין זיך עפּעס פונעם אַמאָליקן חוזה און אַרויסקומען אומ־דערשראָקן מיט זיין אמת פאַרן פאָלק. וועלכע קאָנסעקווענצן ס׳זאָלן נישט זיין פאַר אים, און אורי עטינגער האָט עס פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס...

ווען דאָס בוך איז דערשינען, האָט מען זיך נישט גלייך געכאַפּט ווער ס׳איז דאָרטן דער הויפּטפּאַרשוין. ס׳איז אָבער אין דער מענטש־לעכער טבע צו וועלן טרעפן, באַזונדערס ווען דער מחבר איז פונעם אייגענעם קרייז. טייל האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז אַ פיקטיווע, אויס־געטראַכטע פיגור, אַנדערע, אַז ער איז, אָן ספק, דער תכשיט גוסטי־נאָוו. דער ערשטער אימפּולס איז דווקא געווען אַ גינסטיקער פאַרן שרייבער. דאָס הייסט אַז יענער קריגט פון אים זיין פאַרדינטע שטראָף פאַרן רשעות, וואָס איז שוין איצט געווען אַלעמען באַקאַנט...

גוסטינאָוו האָט, פאַרשטייט זיך, געשטיצט דעם צד נומער איינס. און ער האָט, בעת־מעשה, אַרויסגעבריינט פאַר זיינע נייגעריקע צו־הערערס לאמר, אַזוי צו זאָגן: — וויבאַלד אייער לערער איז אויך אַ שרייבער, ווי זייט איר באַוואָרנט, אַז אַ צווייט מאָל זאָל ער נישט ווערן רעאַליסטישער און נעמען, אייך, — האָט ער געפינגערט אויף זיי, אייך אַלעמען אויפן צימבל? אַריינגעוואָרפן דעם פאַרדאַכט, האָט ער זיך כיטרע צעשמייכלט און זיך אָפּגעטראָגן.

דער בר־נש האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי שטאַרק די עטלעכע ווערטער האָבן געווירקט אויפן עולם. זיי האָבן זיך אַ טראָג געטאָן פון מויל־צו־מויל מיט דער האַסטיקייט פון אַ שטרוי־פייער. מ׳האָט אויף אַ צייט פאַרגעסן אַפילו אין גוסטינאָוון, און געהאַלטן אין איין ספּעקולירן צווישן זיך, ווער פון זיי וועט עס זיין דער קינפטיקער

„קרבן" (?). עטינגערס בוך איז געגאַנגען פון האַנט־צו־האַנט. מ'האָט געזוכט און געפונען רמזים אין זיינע דערציילונגען אויף זיך, אויף די בני־בית. מ'האָט מיטאַמאָל אַנטדעקט חסרונות אין זיינע וואָכנט־לעכע פּאָרטראַגן, פון וועלכע מ'האָט ערשט אָנגעקוואָלן. מ'האָט אַפילו אָנגעהייבן צו צווייפלען אין זיינע לערערישע פעיִקייטן. און גוסטינאָוו איז פּלוצעם געוואָרן פון אַ בעל־חייב שיעור נישט אַ געקריוודעטער, אויף וועמען מ'האָט אויסגעקלערט אַ בלבול, און זיינע נעכטיקע קעגנער זענען געוואָרן, וואָס ווייטער, זיינע באַשיצער...

עטינגער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן סוף פון שול־זמן. ס'איז שוין קלאָר געווען פאַר אים, שוין צו קלאָר, אַז ער וועט לענ־גער נישט פאַרבלייבן אויף דער שטעלע. פונעם הויפּטצענטער זענען די בריוו צו אים געוואָרן קאַרגער און זעלטענער. היות ווי ער האָט נישט געקענט אָננעמען אַ פּאָסטן אין אַן אַנדער שטאָט, ווי אויבן דערמאָנט, צוליבן געזונט פון זיין פרוי, האָט מען אים דאָרטן פאַר־רעכנט פאַר אַ דרויסנדיקן. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס גוסטינאָווס אַ מסירה אין דער צייטונג, ווו ער איז געווען אַן אָפטער מיטאַרבע־טער האָט אים אויפגעהערט צו דרוקן. אָבער דער כוס פון ביטערניש, צער און בושה איז נאָך נישט געווען פאַרפולט...

אָנהייב חודש אַפּריל האָט ניו־יאָרק געמאָלדן דעם שולקאָמיטעט, אַז אַן אָנגעזעענער יידישער שריפטשטעלער פון פאַריז פאָרט אַרויס אויף אַ לעקציע־טור איבערן לאַנד און וועט אויך באַזוכן מיאַמי.

וואָכן לאַנג האָט מען זיך געגרייט צו זיין אָנקום. מ'האָט אָפּ־געהאַלטן באַראַטונגען ווי צו אַראַנזשירן צום בעסטן זיין אויפטריט. מ'האָט פאַרבעטן פאָרשטייערס פון די „צווייגן", פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, קולטור־קלובן און די עטלעכע יידישע שרייבער, תושבים און געסט. עטינגערס נאָמען האָט מען בייזוויליק אַרויס־געלאָזן, לא יזכר ולא יפּקד!...

אינעם אָוונט פונעם „קבלת־פּנים", ווען דער לערער האָט גע־ענדיקט דאָס לערנען און זיך געקליבן אַהיים, איז אונטערגעקומען איינער פון גוסטינאָווס אַדיוטאַנטן און אים פאַרגעלייגט מיטצונעמען אין זיין אויטאָ, ווייל ער פאָרט אַלצאיינס אויפן „ביטש". ס'איז נישט געווען קיין זשעסט פון גרויסמוטיקייט, נאָר גיכער האָט יענעם באַ־צוועקט עפּעס אַ זייטיקע כוונה. עטינגער, מיד און דערשלאָגן פון די לעצטע געשעענישן, האָט זיך שווייגנדיק אַריינגעזעצט אין דעם

אויטאָ. און ווען מ'האָט זיך דערנענטערט צו דער גאַס ווו ער האָט געוווינט, האָט זיך אָפּגערופן דער מענטש ביים רעדל:

— וואָס זשע איר וועט נישט אַריינגיין מקבל־פּנים זיין אַ קאָלעגע? און אַנשטאָט שטיין בלייבן, האָט ער זיך געלאָזט אין אַן אַנדער ריכטונג.

עטינגער האָט געהאַט נישט איין ענטפער אויף דער צונג. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. ער האָט נאָכגעפאָלגט יענעם, ווי אַ פאַרמשפּטער, ווי ער וואָלט אָנגעווירן דעם קאָנטראָל איבער זיך.

דער זאַל איז געווען אי־בערגעפּאַקט. צווישן עולם האָט מען געזען שולטוערס, מיט וועמען דער לערער האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט, מיטגלידער פון אָרדן, פאַר וועלכע ער איז אָפּט אויפגעטראָטן מיט רעפעראַטן, סתם באַקאַנטע. זעלטן האָט זיך ווער אומגעקוקט אויף אים, נאָך זעלטענער האָט אים עמעצער באַגריסט.

אויבן אָן זענען ביי איין טיש געזעסן די קליינע גרופּע שרייבער און די פּני־העיר מיטן גאַסט אין דער מיט, ביים צווייטן — פאַרשטייערס פון די „צווייגן". דעם פאָרזיץ האָט געפירט מיט גרויס בריהשאַפט גוסטינאָוו. ער האָט זיך איצט געפונען אין זיין מיליע. ער האָט דורכן „מייק" געשאַלטעוועט, קאָמאַנדירט, געגעבן באַפעלן ווי צו האַלטן אָרדענונג. און באַמערקנדיק עטינגערן האָט אויפגעטויכט אַ שלויִק שמייכעלע אויף זיין צעפּאָרן מויל. ער האָט אַ ווונק געגעבן צו אים מיטן פינגער, ער זאָל צוקומען נענטער.

דער לערער, וואָס האָט שטאַרק חרטה געהאַט אויף זיין האַנדלונג און געטראַכט יעדע רגע צו פאַרשווינדן, האָט איצט ווידער — כאלו כפאו שד — זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַנשטאָט צו גיין צו דער טיר, זיך געלאָזן צום באַלעמער. און דאָרטן האָט גוסטינאָוו, נאָך אַלץ אַ שמייכלדיקער, אים אָנגעוויזן אויף אַ ליידיקן שטול ביים פּרעזידיום־טיש.

ווען דער עולם האָט זיך ענדלעך איינגעשטילט, האָט דער פאָרזיצער געגעבן פאַרשטעלן צוערשט — ווי ס'פירט זיך, די קאַרפּנקעפּ פון דער באַוועגונג, צו באַגריסן דעם אויסלענדישן אורח, דערנאָך אַרויסגערופן די שרייבער און שפּעטער די דראָבנע פונקציאָנערן פונעם אָרדן, און האָט בייזווייליק איבערגעהיפּערט עטינגערן, וואָס האָט געהאַלטן די גאַנצע צייט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט פאַרויסגעפילט, אַז אַזוי וועט טאַקע געשען...

איך בין געזעסן נישט ווייט פון אים און צוגעזען, ווי צענדליקער

בליקן בויערן אים דורך, בליקן מיט נייגער, מיט שנאה, מיט שאָדנ־פרייד, צוגעזען זיין פאַרשעמונג, זיין שפיכות־דמים. האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער צום פּאָרזיצער און אים געבעטן ער זאָל נישט דערלאָזן צו אַ חלול־הכבוד ווייל ווער האָט נאָך מער רעכט אויפצונעמען אַ קאָלעגע, אַ גייסטיקן ברודער, ווי עטינגער, דער שרייבער און לערער?

אויף גוסטינאָווס ברייטן פּרצוף־פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ מינעלע, ווי אַ שטייגער אַ באַנקיר, צו וועמען ס'איז געקומען אַן אַמאָליקער קאָנקורענט, אַ יורד, נאָך אַ הלוואה. דאָס מינעלע האָט זיך געלאָזט טייטשן אי אַפּירמאַטיוו, אי פּאַרקערט, נאָר צום סוף האָט עס אָנגענומען דעם אויסדרוק פון אָפענעם חוזק. ער האָט געהאַלטן דאָס צעטעלע אין האַנט און איין אייגל אויף עטינגערן און צוגעשאָקלט שטום מיטן קאָפּ. וואָס האָט גערעדט העכער פון ווערטער: „עס ווילט זיך אים כבוד, ווילט זיך אים!"

נאָך אַ רגע פון שטילשוויגן, און דער עולם וואָלט זיכער אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, וואָס וואָלט זיך אפשר פאַרוואַנדלט אין אַ סקאַנדאַל (און דער סקאַנדאַל־מאַכער וואָלט איך געווען!...). נאָר דער פּאָרזיצער האָט מיטאַמאָל פאַרגעשטעלט דעם לעקטאָר, און אַלע זענען גיך פאַרכאַפּט געוואָרן נישט נאָר פון זיין יוגנטלעכער און אימפּאָזאַנטער געשטאַלט, נאָר אויך פון זיינע רייד. איך האָב באַגלייט עטינגערן אַהיים. ער האָט דעם גאַנצן וועג נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. ביי דער טיר האָט זיך פּלוצעם אַרויסגעכאַפּט ביי אים: — זאָגט מיר, פעדער, פאַרוואָס קומט עס מיר? אין דער פראַגע איז געווען אַזוי פיל ווייטיק און פאַרביטערטקייט. אויב זיינע קאָלעגן זענען געזעסן ביים טיש אויפגעבראַכטע און נישט געוואָלט פאַרשוועכן דעם אָוונט מיט פּראָטעסטן, האָט זיך אָבער געשפּירט אין זאַל אַ המונישע איינשטימיקייט מיטן פּאָרזיצער...

איר ווילט וויסן, רבותי, מיט וואָס ס'האָט זיך געענדיקט די מעשה?

עטינגער האָט געמוזט פאַרלאָזן די שול און אַפילו די שטאָט. ווייל ס'האָבן זיך אומגעטראָגן די ווילדסטע רכילותן און לשון־הרע וועגן אים. מענטשן האָבן אים אויפגעהערט צו פאַרבעטן אין זייערע היימען און האָבן אַוודאי אים נישט באַזוכט, דערצו האָבן זיך גענומען ווייזן אָפט אין זיין פּאָסטקעסטל אַנאָנימע בריוו מיט סטראַשונקעס...

די שטאָט פון זון און פּאַלמעס, וועלכע ער האָט אַזוי באַוווּנדערט, איז געוואָרן פאַר אים אַן עיר־הנדחת...

די שול האָט פאַרלאָרן אַ באַגאַבטן לערער און איך — אַ גוטן פריינד.

## ביי אַ טעאַטער־פּאָרשטעלונג

דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט. די גאַלעריע, די דריי־שטאָקיקע לאָזשעס, אומעטום האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די גרויסע צאָל קינדער, אַפילו גאָר קליינע עופהלעך האָבן עלטערן מיטגעבראַכט, ווי מען ברענגט אַ שטייגער א יונגן עולם בייצוווינען אַ רעליגיעזן ריטואַל...

אויף דער בינע האָט מען אויפגעפירט אַ קינדער־ספּעקטאַקל, צי אַ מוזיקאַל, אָדער עפּעס פון דעם מין, וואָס האָט אויך געדאַרפט אינטערעסירן דערוואַקסענע. די הויפּט־העלדין, אַ מיידעלע פון אַ יאָר עלף־צוועלף, מיטן נאָמען „ענִי" האָט דער מחבר פון דער פּיעסע באַאַרבעט פון זיינער אַ קאַרטון־סעריע וועלכע האָט זיך געדרוקט יאָרן לאַנג אין געוויסע ענגלישע צייטונגען.

קינד־און־קייט האָבן אָנגעקוואָלן פון די שפּיצלעך, וואָס ענִי און אירע חברטעס האָבן אָפּגעטאָן זייער אויפזעעריך פונעם יתומים־הויז, ווו זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן — אַ בייזע פרוי און אַ שיכורטע דערצו, ווי עס וועט אָפּט געשילדערט אַזאַ פּאַרשוין אין אַזוינע מעשיות. דאָס קליינוואַרג ווי דאָס גרויסוואַרג האָבן ביים לייענען געזופּט מיט מער הנאה די זיסע פּליסיקייט פון קאָקאַ־קאָלאַ, צי געגנאַשט אייזקרעם, און ביי די סענטימענטאַלע געשעענישן מיטן מיידעלע ערנסט געוואָרן און אַפילו אַוועקגעווישט אַ טרער...

אויף דער בינע האָט זיך דאָס „קינדערשפּיל" אַרויסגעוויזן פאַר אַ קאַריקאַטור, אַ חוזק אויף די קינדער. ס׳איז נישט געבליבן קיין זכר פונעם ביסל הומאָר, וואָס מ׳האָט געזען אינעם קאַרטון. עס האָבן זיך אַוועקגעצויגן סצענעס אָן אַ שייכות איינע מיט דער אַנדערער, הגם דאָ מיידעלע ענִי, האָט פיגורירט כמעט אין אַלע פון זיי. אַ פּאַר־מעגלעכע פאַמיליע האָט גראָד אויסגעוויילט איר צו אַדאָפּטירן. מען ווייסט נישט פאַר וועלכע מעלות. ענִי האָט זיך נישט אויסגעצייכנט נישט מיט איר אויסזען און אַוודאי נישט מיט איר זינגען, כאָטש געזונגען האָט זי, איין גאָט ווייסט פאַר וואָס, זייער אָפּט און אַ סך.

מען האָט אויך צוגעטשעפּעט צום „שפּיל" אַ פּאַרפּאָלק, וואָס האָט געדאַרפט זיך אָנגעבן פאַר די „אמתע" עלטערן, וועלכע האָבן צוליב אָרעמקייט, נעבעך, זי איבערגעלאָזן אַלס עופהלע ביים טויער פון יתומים־אַנשטאַלט און אַצינד דערוויסנדיק זיך ווו זייער טעכטערל געפינט זיך, זענען זיי געקומען בעטן רחמים מ׳זאָל זיי אומקערן דאָס קינד. און ווען עס האַלט שוין דערביי, פאַלט איין דעם גביר־אדיר אַ „געניאַלער" און „אָריגינעלער" געדאַנק — ער זאָל אָנבאָטן די צוויי שלעפּער אַ געוויסע סומע, בכדי עני זאָל בלייבן אין דער שיינער, רחבותדיקער היים, בפרט ווען דאָס מיידעלע האַלט זיך פעסט ביי די פּאָלעס פון איר רייכער אַדאָפּטירטער מוטער.

די פאַלשע טאַטע־מאַמע שלאָגן זיך כלומרשט לאַנג מיט דער דעה, נאָר ווען דער גביר העכערט די אפּותיקא גייען זיי איין מיט אַ „שווער" האַרץ, און עס ווערט זיין צוגעגרייט פאַר זיי דער טשעק.

דערווייל פירט דורך דער גרויסער גביר אַ חקירה־ודרישה וועגן די צוויי פאַרדעכטיקע לייט, און ס׳ווערט אויפגעדעקט דער שווינדל. און ווען די לעצטע ווייזן זיך דעם צווייטן טאָג, טרעפן זיי אין גבירישן הויז צווישן די געסט, נייך, איר וועט נישט טרעפן! — נישט קיין אַנדערן, ווי דעם האַלב־פּאַראַליזירטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, אויף אַ ראָדשטול, רייכערנדיק אַ סיגאַרעט מיט זיין באַרימט־געוואָרענעם מונדשטוק — נישקשה פון אַ מישמאַש!

בקיצור, די צוויי ווערן פאַרהאַלטן, און דער „ספּעקטאַקל" אָדער ווי איר זאָלט עס נישט רופן, ענדיקט זיך בכי־טוב, דאָס הייסט, מיט אַ פריילעכן סוף. און בכדי צוצוגעבן אַ פּנים אַ ביסל מער „זאַלץ" צום פינאַל, שטעלט זיך פלוצעם די קליינע עני אויפן טיש און גיט אַ „לעקציע" דעם פּרעזידענט ווי צו לייזן די דעפּרעסיע אין לאַנד און פאַרענדיקט מיט אַ לידל, אַז ס׳וועט נאָך זיין גוט און ווויל אין אַנקל סעמס מדינה. און דער פּרעזידענט לאָזט דעם רויך פון סיגאַרעט און פּאַטשט בראַוואָ...

אָט דעם „נאָנסענס", וואָס מען קאָן זיך אפשר דערלויבן אין אַ „סקריפּט־קאַרטון" מיט קאַריקאַטור־מענטשלעך אין אַ צייטונג, האָט דער מחבר נאָך מער פאַרפלאַכט פאַר דער בינע. די שפּילערס נעמען אין מיטן דערינען טאַנצן, אָן אַ שייכות צום אינהאַלט, וואָל־גאַרע, בורלעסק־טענץ, זשעסטיקולירנדיק און וואַרפנדיק ווילד־נעגע־ריש זייערע קערפּערס, ווי אַ קדחת וואָלט זיי באַפאַלן. באַזונדערס

מיט אַזאַ אומפאַרשעמטער אָפנקייט, וואָס האָט געהויבן מענטשן פון אָרט...

דער לערער ווייסגאַל איז טאַקע נישט איינגעזעסן. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט פאַר זיך און נאָך מער פאַר די קינדער. ער האָט געקוקט אַ שולדיקער אויף זייערע פריילעך־מטושטישע און אַ ביסל צעשראָקענע פנימלעך. ער האָט געמאָסטן מיט אומגעדולד דעם שטח צום אַרויסגאַנג, און האָט געמוזט איבערוואַרטן אַ פולע גאַמע מיט פיינלעכע סצענקעס ביז ס׳האָט זיך ענדלעך אַראָפּגעלאָזן דער פאַר־האַנג... ווייסגאַל האָט אָפּגעזוכט דעם הויפּט־פאַרוואַלטער פון טע־אַטער אין זיין אָפיס, און איז אַרויס צו אים מיט אַ טענה:

— ווי דערלאָזט איר עס צו אַזאַ זאַך. ווען אין טעאַטער געפינט זיך אַ גרויסע צאָל קינדער?

דער פאַרוואַלטער, וואָס איז געווען אַריינגעטאָן אין עפּעס אַ פאַפּיר, האָט אויפגעהויבן מיט פאַרוווּנדערונג זיינע אויגן אויפן פרעמדן: — וועלכע זאַך דערלאָזן מיר עס? — האָט ער נישט אָנ־געהויבן צו פאַרשטיין.

— אַזאַ... אַזאַ פּיעסע...

— וואָס איז דער מער מיט אונדזער מוזיקאַל? — האָט דער פאַרוואַלטער זיך ווידער פאַרטיפט אין זיין פאַפּיר.

— עס איז אַ שאַנדע עס צו ווייזן פאַר דערוואַקסענע און אַ פאַר־ברעכן פאַר יונגע קינדער!...

דער פאַרוואַלטער האָט געוואָלט דיסקאָנטירן זיינע רייד צו נול, ווי ער טוט עס, נישט זעלטן, מיט צובאַרעדעווודיקע לייט, וועלכע שטעלן זיך אָפּ ביי זיין אָפיס. נאָר אָט דער האָט גערעדט מיט אַ טיפער איבערצייגונג און מיט אַ מאָדנער עקשנות, ווי דער דער־מאָנטער ענין וואָלט אים אָנגעגאַנגען פערזענלעך. האָט ער זיך פאַר־אינטערעסירט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. דער עולם האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דעם טעאַטער. ער האָט אַ זאָג געטאָן צום בר־נש:

— זעצט זיך צו! איך בין גרייט אויסצוהערן אייערע קריוודעס!

ווייסגאַל האָט איבערגעחזרט דעם פריִערדיקן פּזמון: — איך האַלט, אַז דאָס וואָס איר רופט אַ „מוזיקאַל" איז נישט פּאַסיק פאַר דערוואַקסענע און אַוודאי נישט פאַרן קליינוואַרג.

דער פאַרוואַלטער האָט קוים איינגעהאַלטן זיין שמייכל: — זאָגט מיר, יונגער־מאַן, ווער האָט עס אייך געמאַכט פאַר אַ שופט איבער

אַזעלכע ענינים? נישט ווייל כ׳בין עס אַזוי נייגעריק צו הערן, נאָר איך וויל איר זאָלט זיין פאַראינטערעסירט צו וויסן, אַז אָט דער מוזיקאַל גייט שוין אָן חדשים־לאַנג, אָן איבעררייס, אין איבערגע־פאַקטע הייזער...

— איז עס טאַקע אַ...

דער פאַרוואַלטער האָט אים איבערגעריסן. — איר זייט דאָ מיט קינדער?

— ניין! — איז ווייסגאַל געווען איינגעשפּאַרט. — איך בין נישט פאַרהייראַט, און ס׳האָט נישט קיין שייכות צו דער זאַך...

— איר ווילט, מ׳זאָל אייך אומקערן פאַרן בילעט? —

— ניין! ס׳איז אַ פראַגע פון פּרינציפּ!

— וואָס זשע ווילט איר קאָנקרעט? — האָט דער פאַרוואַלטער גענומען פאַרלירן זיין געדולד.

— איר זאָלט אַראָפּנעמען די שפּיל, אָדער זי פאַרבייטן מיט אַן אַנדערער!

דער פאַרוואַלטער האָט פון גרויס אויפרעגונג חשק געהאַט אָנ־צוכאַפּן דעם פרעמדן פאַרן קאָלנער און אים אַרויסוואַרפן אין דרויסן. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. אים האָט געשראָקן די מעגלעכקייט, אַז עפּעס אַ סענסאַציע־רעפּאָרטער זאָל עס צעלייגן אויף טעלערלעך אין זיין צייטונג, האָט ער אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ ציוויל־געקליידעטער רעגירונגס־מענטש, און ווען יענער האָט אויסגעהערט די מעשה, האָט ער אויך געפּרוּווט, לויטן איינשטעל פון דער טעאַטער־דירעקציע, צוערשט מיט גוטן:

— אויב דער מוזיקאַל געפעלט אייך נישט, קומט מער נישט אַהער, רעקאָמענדירט אים נישט אייערע פריינד. אָבער באַלעסטיקן מענטשן וועלן מיר אייך נישט דערלויבן!

— איך באַלעסטיק קיינעם נישט! האָט ווייסגאַל געזאָגט מיט כמעט קינדערשער נאַיוויטעט. — איך האָב בלויז אַרויסגעבראַכט מיין מיינונג פאַרן פאַרוואַלטער!...

— צוליב וואָס? אויב ער וועט וועלן הערן אייער מיינונג וועט ער אייך פרעגן. בין איך גערעכט, צי נישט?

— איר זייט נישט גערעכט! — האָט אויסגעשריען דער יונגער־מאַן מיט רוגז. — ער איז דער הויפּט־פאַרוואַלטער און טראָגט די הויפּט פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אינהאַלט און פאַרן שפּילן!

— הערט יונגער־מאַן! — האָט דער אַגענט געזאָגט שאַרף און

קאַטעגאָריש. — אויב איר ווילט פאַרלאָזן דאָס טעאַטער שטיל און רויִק, אָן שטערונגען, וועלן מיר פאַרגעסן אייער אומהעפלעכן אויפ־פיר. אויב נישט — וועלן מיר מוזן נעמען אַ מער דיסציפּלינאַרע שטעלונג קעגן אייך...

— אַ מער דיסציפּלינאַרע שטעלונג קעגן מיר? ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. איך בין אַ לערער, אַ דערציִער! ווי קאָן מען דערלאָזן אַזאַ... אַזאַ ווולגאַרן אומזין פאַר קליינע קינדער?

דער רעגירונגס־אַגענט האָט זיך איבערגעקוקט מיטן פאַרוואַל־טער און ביידע האָבן, ווי אָפּגערעדט, אַ הייב געטאָן דעם לערער פון שטול און אים אַריינגעשטופּט אין אַ זייטיקן צימער. און ווען די לעצטע באַזוכער זענען פאַרשוווּנדן פון טעאַטער, האָבן זיי אים דורך אַ הינטערטיר, אַריינגעזעצט אין דעם פּאָליציי־אויטאָ און אָפּגעפירט אינעם פּסיכישן אָפּטייל פון שטאָטישן שפּיטאָל...

## „רופט מיך, כ'בעט אייך, יהודית"!...

ווען דער לערער, יצחק שטערן, איז אָנגעקומען אויף זיין ערשטע שטעלע אין ווייטן דרום, האָט ער געפונען אין דער דאָרטיקער שול אַ פינף צענדליק תלמידים און אַ מנין יוגנטלעכע סטודענטן, מיט וועלכע די שטאָטישע עסקנים האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען, און דער גאַנצער דרומדיקער שול־ראַיאָן האָט מיט זיי געקלונגען.

יהודית שאַליט האָט זיך אויסגעטיילט פון דער יונגער חברה נישט נאָר מיט איר וווקס און כוח־הדיבור, נייערט מיט איר באַציונג צו אירע לערער. זייער השפעה האָט זיך געשפּירט ביי איר אויך מחוץ די שול־גרענעצן. פריינד און באַקאַנטע האָבן זיך געחידושט ווי קומט עס צו דער טאָכטער פון אַ גראָסערימאַן, געבאָרן אין אַ דרומדיקן העק, אין אַ סביבה אָנגעזאָפּט מיט פּאָראורטייל און שנאה צום נעגער און יידן, זאָל אויסוואַקסן אַזאַ אומגעווײנטלעכע פּרי מיט אַזוי פיל יידישן שטאָלץ, און מיט אַזאַ צובונד צו יידישע ווערטן? ווו האָט זי זיך אויסגעלערנט אַזוי פריי צו באַהערשן דאָס יידיש לשון און עס אַרויסברענגען מיט אַזאַ עלאָקווענץ און פייערלעכקייט?

די עלטערן, פאַרהאָרעוועטע דעם גאַנצן טאָג מיט די „קונים אויף באָרג", וועלכע זענען דאָס רוב געווען שחורים, ווי יידן האָבן גערופן די שוואַרצע צווישן זיך, האָבן אַוודאי געזאָרגט לפי יענע אומשטענדן וועגן דער טאָכטערס יידישע הדרכה. זיי האָבן זי געשיקט אין דער גרויסער שטאָט דערביי, אין דער אַרבעטער־רינג שול, ווו זי האָט געקראָגן עטלעכע שעה אין וואָך אַ כזית פון דער יידישער ליטעראַטור אָפּט בלויז אין דער פאָרעם פון אַ מעשהלע, און אַן אָפּשניץ פון דער יידישער געשיכטע צו דער געלעגנהייט פון אַ יידישן יום־טוב.

עס איז נישט געווען אַזוי דער לימוד, ווי דער מדריך, דער לערער, וועלכער איז געשטאַנען פאַר זיין יונגער עדה, ווי אַ צע־פלאַמטער שליח־ציבור, וואָס דאַרף זי אָפּהיטן און דערציִען צו גרויסע מעשים. און אַמאָל האָט ער דערמאָנט אין אַ באַזאָרגטער

מאַמע, וואָס וואַכט איבער איר קליינוואַרג עס זאָל נישט צעקריכן און פאַרשווינדן אין דעם פרעמדן אַרום...

טייל שולטוער האָבן אונטערגעשמייכלט סקעפּטיש אויפן אַדרעס פונעם מדריך. אַנדערע האָבן געהאָלפן דעם לערער טראָגן דעם „צער גידול בנים". די עקשנים האָבן אויסגעפּירט! יאָרן זענען אַוועק און יענע ערשטע־קלאַס תלמידימלעך זענען אונטערגעוואַקסן. די מערסטע האָבן זיך פאַרלאָרן אין דער פרעמד, אָבער אַ צאָל האָט גראַדויִרט די יידישע שול און איז געבליבן אין דער יידישער סביבה. אָט די יוגנטלעכע האָבן איבערגענומען פון זייערע לערערס אַ סך פון זייער גלויבן און פאַטאָס. זיי האָבן זיך גערופן ביי זייערע יידישע נעמען אויך אין די הויכשולן, ווו זיי האָבן שוין אַצינד שטודירט, גערעדט צווישן זיך דעמאָנסטראַטיוו יידיש און געזוכט צו באַווירקן זייערע דרויסנדיקע חברים זיי זאָלן נאָכטאָן זייער ביישפּיל.

אָט די זשמעניע יונגע־לייטלעך איז אפשר געווען דער ערשטער אויסוווּקס אויפן אַמעריקאַנער באָדן, בעת די היינטיקע „יוגנטרופּ־ניקעס" זענען נאָך געווען אַ באַהאַלטענער ווונטש ביי די יידישיס־טישע בעלי־חלומות. יענע חברה־לייט האָבן זיך אַרומגעטראָגן בשעתם מיט זשיטלאָווסקיס, „ייד־און־מענטש", ווי מיט אַ באַשיימפּערלעכן באַווייז, אַז דער יידישער אמת איז אויף זייער זייט. זיי האָבן קאַטע־גאָריש אָפּגעוואָרפן יעדן תירוץ, אַז מען מוז זיין „רעאַליסטיש", דאָס הייסט, איינגיין אויף פשרות בנוגע שפּראַך און פאָלקישע טראַ־דיציעס.

עס איז געווען טראַגי־קאָמיש צו אָבסערווירן ווי ביי אַ מסיבה פון מיטל־יאָריקע און עלטערע יידן, אָפּשטאַמיקע פון קליינע שטעט־לעך אין מזרח־אייראָפּע, האָבן זיי זיך געמיט אַריינצובראָקן וואָס מער אַנגליציזמען אין זייערע שמועסן, בכדי אַ פּנים אַרויסצווייזן זייער אַמעריקאַנישקייט איינער פאַרן צווייטן. זאָל אין אַן אַנדערן חדר דאָס יונגוואַרג זיך חקירהן אין אַ געצערטלט־אָפּגעהיטן לשון וועגן ספּעציפיש־יידישע פּראָבלעמען, למשל: — „ווי אויפצוהאַלטן דעם יידישן מיעוט דאָ־הי (?) ווי אַזוי צו צוציִען די אָפּגעפרעמדטע יוגנט צו יידישע ווערטן (?).

אַמאָל פלעגט אַוועקפאַלן דער גדר צווישן די דורות. דאָס פלעגט געשען דעמאָלט, ווען ס'האָבן זיך געוויזן געסט אַזש פון ניו־יאָרק אין געשטאַלט פון לעקטאָרן, אַקטיאָרן, קאָנצערטיסטן, צי סתם יידישע מענטשן „פאַרבלאָנדזשעטע" אין דער ווייטער „סאַוטה". דעמאָלט

זענען זיי נאָך די אָפּיציעלע אויפטריטן פאַרבעטן געוואָרן אין די היימען פון די האָרעפּאַשנע יידישע קרעמער. זייערע פרויען האָבן געטראָגן פון די קראָמען פון כל־טוב פאַר די ליבע אורחים. אָבער דאָס שיינדל, מיט וועלכן די קרעמער האָבן שטאָלצירט איז געווען דאָס יונגוואַרג. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו איר מיט אַן אינערלעכן אָפּשיי און געוועגדט אָפּט די אויגן צו די געסט מיט דער נישט געפרעגטער פראַגע: „נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אויף אונדזער נאָכוווקס, רבותי״?

פאַר יהודיתן זענען די מענטשן פונעם ווייטן, גרויסן און אַזוי־גערימטן ניו־יאָרק, נישט געווען קיין סתם באַזוכער, נייערט „שליחים״ מיט אַ באַשטימטער שליחות, ווייל ס׳איז דעמאָלט טאַקע פיל גערעדט געוואָרן ביים טיש וועגן אַ נייער „קולטור־געזעלשאַפט״ מיט יוגנט־לעכע אָפּטיילונגען איבערן לאַנד. דאָס מיידל איז געווען באַגייסטערט. זי האָט זיך צוגעהערט צום דערציילער, ווי מ׳זאָגט, מיטביידע אויערן. ער איז געווען אַ באַקאַנטער לעקטאָר און שרייבער, וואָס איז אומגעפאָרן בשעתו לטובת דעם ערשט־אויפגעקומענעם לערער־סעמינאַר. ער האָט איר פאָרגעלייגט, אין משך פונעם שמועס, זי זאָל פאַראינטערעסירן נאָך אַנדערע פון איר גלייכן און אויפשטעלן דעם ערשטן יוגנטצווייג דאָ־הי.

עס האָבן זיך אַריינגעמישט אויך אַנדערע אין די רייד. אַלע זענען מסכים געווען, אַז יהודית איז פּאַסיק פאַר דעם צוועק: — דזשוליאַ — האָט זיך אָפּגערופן באַרני גראָס, איר פאָטערס שותף. דזשוליאַ! שטעל אַוועק אויך אונדזער שטעטל אויף דער יידישער מאַפּע...

— רופט מיך, איך בעט אייך, יהודית! — האָט זי פאַראיבל גענהאָט. דאַרף איך עס אייך שטענדיק דערמאָנען? וואָס ס׳איז שייך אַ יוגנטצווייג — דאַרף מען טאַקע אַ טראַכט טאָן וועגן דעם!

יהודית האָט זיך אויפגעצויגן אין אַ היים, וווּ מ׳האָט זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן דער יידישער פּראָבלעמאַטיק. ס׳איז געוואָרן, אַזוי־צו־זאָגן, איר ספּערע און אינטערעסן, און די שול־לערערס — אירע וועג־ווייזערס. זיי פלעגן אָפּט באַזוכן איר הויז און ביי איר טאַטנס טיש פּלאַנירן שול־אונטערנעמונגען, דיסקוטירן קולטור־ענינים, פּעכטן אידעיִשע באַטאַליעס, וועלכע מ׳האָט אָנגעפירט אין ווייטן יידישן כרך, ביים אַטלאַנטיק.

יהודית עלטערן, די שאַליטס, זענען געווען אַ ביסל אומרויִק פון זייער טאָכטערס צו שטאַרקן אינטערעס אין די לערערס. יענע

זענען געווען, פאַרשטייט זיך, פיל עלטער פאַר איר און דאָס רוב פאַרהייראַט. נישט איין תלמידה האָט זיך בשעתה אומגעטראָגן מיט מיידלש־ראָמאַנטישע חלומות בנוגע איר לערער, און יהודית איז נישט געווען קיין אויסנאַם, אָבער ביי איר האָט עס אָנגענומען אַ מער ערנסטן כאַראַקטער.

דער לערער יצחק שטערן איז געווען אַ פאַרשלאָסענער פאַרשוין, ס׳רוב פאַרטאָן אין שולאַרבעט און אין זיינע ספרים. נאָכן לערנען האָט ער אַוועקגעאיילט צום איינציקן יידישן רעסטאָראַן מיט אַ פּאַק צייטונגען און איז דאָרטן אָפּגעזעסן, אויב ער האָט נישט געהאַט קיין שולזיצונג, ביז דער באַלעבאָס האָט געשלאָסן זיין געשעפט.

שטערן האָט שוין פון אַ צייט באַמערקט, אַז יהודית זוכט ביי אים מער ווי לערערישע נאָענטקייט. אים האָבן אי געשמייכלט, אי געשראָקן אירע נייגונגען. עס זענען געווען פאַרמישט אין זיין שרעק זייער אונטערשיד אין די יאָרן; די רכילות, וואָס אַזאַ פאַרהעלטעניש קאָן אַרויסרופן, און דער שאָדן, וועלכער קאָן אומדירעקט ברענגען דער שול... נאָר טיף אין אים איז אפשר געווען פאַרבאָרגן א גרעסערע זאָרג, נעמלעך — ביים מיידל קאָן זיך אָט דער „ראָמאַנס" ענדיקן מיטן אָנקום פון אַ נייעם לערער.

אין אַן אָוונט, גלייך נאָך די לימודים, האָט זיך יהודית ווידער געוויזן. שטערן האָט זי באַטראַכט מיט גרויס פאַרווּנדערונג און געפרעגט:

— האָסט אַוודאי עפּעס פאַרגעסן, יהודית?

— יאָ, איך האָב פאַרגעסן אייך צו פרעגן, — איז געלעגן פאַר־דראָס אין אירע רייד. — פאַרוואָס איר מיידט מיך אויס נאָכן קלאַס?

— וואָס פאַלט דיר איין? — האָט שטערן זיך געזוכט אַרויס־צודרייען. — איך מייד קיינעם נישט אויס...

— קיינעם טאַקע נישט, אָבער מיך יאָ.

— אין קלאַס האָב איך גלייכע פליכטן צו אַלע תלמידים, נאָר נאָכן לערנען איז אַנדערש...

— פאַרוואָס דאַרף עס זיין אַנדערש? — האָט דאָס מיידל דער־ווידערט. — די לערערס פאַר אייך...

שטערן האָט זי איבערגעריסן: — יעדער לערער האָט זיך זיין מעטאָד אין לערנען און זיין איינשטעל בנוגע זיינע תלמידים.

— אייער איינשטעל איז אַ שלעכטער! — האָט זי פּראָטעס־טירט — ער איז אַן געפיל און אַן איינזעעניש!

שטערן האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער איז געזעסן פאַרקלעמט און אומבאַוועגלעך. אים האָט זיך געוואָלט בייטן דעם שמועס, נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערפילט איר האַנט אויף זיינער.

— איך ווייס וואָס איך מאַטערט — האָט יהודית געזאָגט אין אַ ווייכערן טאָן. איך מאַטערט, דער עיקר, דער אונטערשייד פון אונדזער עלטער, נישט אמת? זאָגט מיר חבר שטערן, ווי אַלט איז געווען יצחק ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט רבקהן?

דער לערער האָט דין געשמייכלט. אויף אַזאַ מסקנה האָט ער זיך נישט געריכט. אים איז געפעלן געווען די חומשדיקע אַנאַלאָגיע אָבער זי האָט ווינציק געביטן די לאַגע.

— יהודית! — האָט ער אָנגעשלאָגן אַ פאָטערלעכן טאָן. — דו פאַרגעסט אַז מיר לעבן נישט אינעם ווייטן אַמאָל... האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם?...

— איך וויל אַצינד נישט טראַכטן! — האָט זי אויסגערופן אומגעדולדיק און זיך צוגעטוליעט צו אים.

אין איין אויגנבליק זענען דורכגעלאָפן ביי אים, ווי עס טרעפט נישט זעלטן ביי מענטשן, פאַרשיידענע מחשבות, נעמלעך: — אָפּשניידן מיטן מיידל און פאַרלאָזן די שטאָט; דערציִען, ווי־עס־איז, ביזן סוף זמן און דעמאָלט רעזיגנירן, אָדער מרמז־זיין אירע עלטערן אויף דער אומגלייכער פאַרהעלטעניש...

שטערן האָט אויסגעקליבן די צווייטע ברירה.

סוף יוני האָט די שול גערופן אַ זיצונג צו באַשטימען — צי דער לערער ווערט אַנגאַזשירט אויף ווייטער. די מסיבה האָט זיך אַרויסגעזאָגט איינשטימיק פאַר אים. אָבער שטערן האָט אַלצאיינס אַריינגעשיקט אויף מאָרגן זיין רעזיגנאַציע. מ׳האָט זיך געוווּנדערט, מ׳האָט געפרעגט איינער ביים אַנדערן קשיות, ווייל ער אַליין איז שוין דעמאָלט נישט געווען אין שטאָט.

דער צוג האָט אים געטראָגן אויפן וועג קיין ניו־יאָרק. די פעלדער פון ביידע זייטן פענצטער זענען פאָרויסגעלאָפן פאַרשרפהטע פון דער צעגליטער דזשאָרדזשער זון, און פאַר די אויגן, מידע פון אַרבעט און שלאָפלאָזיקייט, האָט זיך געהאַלטן אין איין מיניען יהודיתעס צאַרט געשטאַלט מיט אַ פרעגנדיק פאַרשעמטן שמייכל אויף די קינדערשע ליפּן: — פאַר וואָס? פאַר וואָס?

דאָס קלאַפּן פון די רעדער האָבן אים ווידער איינגעוויגט. פּלוצעם וואַקסט אויס אַן עדה יידן אַרום דעם צעשראָקן מיידל. מען פּאָדערט פון איר: — זאָג אונדז דשוליאַ, ווו איז ער אַהינגעקומען דער לערער דיינער? דו דאַרפסט דאָך וויסן?

און יענע ענטפערט מיט שטילער תמימות:

— איך ווייס נישט! פון וואַנען זאָל איך וויסן? און איר ליבע מענטשן, געדענקט, איך בין אַ יידישע טאָכטער! רופט מיך, איך בעט אייך, יהודית!...

# אינהאַלט